# דער

# פערגיפטעטער

# ◆◆◆קוס◆◆◆

—פון—

## עמיל זאלא.

---

איבערזעצט פון

## ---ב. גארין---

---

דרוק און פערלאג פון

**דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,**

38-85-87 קאנאל סטריט, ניו יארק.

---

**HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

**83-85-87 Canal Street, New York.**

וויליאם און מאנדאלען זיינען ארויסגעשטיענען פון דעם וואגאן אויף די סטאציאן פון פאנטעניי. עס איז געווען מאנטאג און די וואגאנעס זיינען כמעט געוועזן לעדיג. עטליכע פאסאזשירער, וואס זיינען געווען איינוואוינער פון דעם שטעדט׳ל, זיינען געגאנגען א היים. יעדער האט זיך געאיילט אין זיין וועג און קיינער פון זיי האט זיך אפילו ניט אומגעקוקט.

ביים ארויסגעהן פון וואקזאל (דיפא) האט וויליאם גענעבען מאנדאלענען זיין ארם און זיי האבען זיך גענומען געהן לינקס איבער די אלייע (עווענין), וואס האט געפיהרט צום שטעדט׳ל. ווען זיי זיינען ארויפגעקומען אויף א בערג׳ל, האבען זיי נאכגעקוקט דעם צוג, וואס איז סאפענדיג און פייפענדיג ארויס פון די סטאציאן. ווען דער צוג איז פערשוואונדען געווארען, האט זיך וויליאם אומגעקוקט אויף מאנדאלען און האט געזאגט מיט א שמייכעל:

— דוא געדענקסט, אז איך האב דיר געווארנט פאראויס, אז איך בין ניט בעקאנט מיט דיזען פלאץ און איך הויב ניט אן צו וויסען, וואו מיר געהן.

— לאמיר געהן מיט דעם וועגעלע, מיט און מיר ווילען פארשפארען צו געהן דורך די גאסען.

זיי האבען זיך געלאזט געהן מיט דעם שמאלען וועג און פלוצים זיינען זיי ארויסגעקומען אויף אן אפענעם פלאץ, פון וואנען עס האט זיך געזעהן דער בארג פון פאנטעניי, ארום וועלכען זיינען געלעגען גערטנער און לאנקעס, און הויכע און שטארקע בוימער. ביז דעם שפיץ בארג האט עס געבליהט און געגרינט און גאר אויבען צווישען די בוימער האבען זיך געזעהן די הייזער פון שטעדט׳ל.

דאס איז געווען אין ענדע סעפטעמבער, פאר נאכט. די זון האט אנגעהויבען צו פערגעהן, און די צוויי יונגע מענשען זיינען געשטאנען וויא בעצויבערט פון דער שעהנהייט פון דער נאטור. מאנדאלען איז נאך אלץ געווען אנגעשפארט אויף זיין ארם, דאך איז זייער האלטונג געווען א געצוואונגענע, זיי זיינען נאך געווען וויא פרעמד איינס צום צווייטען. דער געדאנק, אז זיי קענען זיך ניט מעהר וויא א וואך צייט און זיי געפינען זיך איצט אליין, ווייט פון מענשען, האט זיי געמאכט אונרוהיג. זיי זיינען געווען פרעמד און דאך האבען זיי זיך געדארפט בעגעהן איינער מיט דעם

צווייטען וויא הײמישע, פאמיליאר אונד דאס האט זיי געצוואונגען צו הימען יעדעס
ווארט, אום זיך ניט ארויסצובאפען זיך, ניט מיינענדיג, מיט א בעלײדיגונג.

זיי האבען פארטגעזעצט זייער גאנג און האבען גערעדט פון דיא בוימער, פון
דעם הימעל, פון דער שעהנער נאטור ארום, דאס הייסט פון אלץ אין דער וועלט,
אויסער פון דעם, וואס זיי איז געלעגען אויפן הארצען און וואס זיי האבען געפיהלט.

מאגדאלען איז געוועזען צוואנציג יאהר אלט, זיא האט געטראגען א קלייד פון
א גרויען און ווייכען שטאף, וואס איז געוועזען איינפאך און דיא איינציגע בעפוצונג
פון דעם זיינען געוועזען א פאר שלייפען פון בלויען באנד. פון דעם קליינעם קיילעב־
דיגען הוט האבען זיך ארויסגעזעהן איהרע פראכטפאלע האר, וואס האבען געהאט
דעם ריינען קאליר פון קופער. זיא איז געוועזען א שעהנע, הויך און גוט געבויט, מיט
זעהר א כאראקטעריסטישע געזיכט. דער אויבערסטער טהייל איז געוועזען שארף,
פראמינענט, כמעט מענליך און דיא אנדערע אונטערסטע האלבע געזיכט איז געוועזען
ווייך און צארט. דיא אויגען זיינען געוועזען ליכטיג־גרוי מיט א גרינליכען אבגלאנץ,
און צוזאמען מיט דיא פולע רויטע ליפען האבען צוגעגעבען א זעלטזאמען רייץ צו
איהר בלייכען געזיכט.

דיעזעס זעלטזאמע געזיכט האט ארויסגערופען א פערמישטען איינדרוק פון
שטרענגקייט פון קינדליכקייט. ווען איהרע ליפען זיינען געוועזען צוזאמענגעפרעסט פון
צארן אדער פון פערטראכטקייט, האט איהר געזיכט געהאט דעם אויסדרוק פון
קראפט און ענערגיע, נאר ווען זיא האט געשמייכעלט, האט זיך דאס גאנצע געזיכט
געענדערט, דאס איז געוועזען דאס שמייכלען פון א קינד אויפ'ן געזיכט פון א פרוי.
איהר הויט איז געוועזען ווייס און דורכזיכטיג. אויף איהרע שלייפען האבען זיך
געזעהן דיא בלויע אדערלאך, ארום וועלכע האבען זיך געזעהן א פאר זומער־
שפרענקלאך.

דער געוואוינליכער אויסדרוק פון איהר געזיכט איז געוועזען א שטרענגער
שטאלץ. וועלכער האט זיך צייטענווייס פערוואנדעלט אין א זעהר צערטליכען—דיא
צערטליכקייט פון א ליעבענדע פרוי, און ווען וויליאם האט עס געזעהן, האט זיך זיין
הארץ געהויבען מיט האפנונג.

וויליאם איז געוועזען מיט פינף יאהר עלטער פון איהר. ער איז געוועזען הויך
און מאגער און האט געהאט אן אריסטאקראטישע, אויסזעהן. זיין לאנגע געזיכט
וואלט געוועזען העסליך, ווען ניט זיין אריסטאקראטישער בליק. יעדער צוג אין זיין
געזיכט האט דערצעהלט אז ער שטאמט פון א פאמיליע, אין וועלכע דער מארך
איז שטארק ענטוויקעלט. מען האט גלייך געקענט זעהן, אז קערפערליך איז ער

שוואך, ער איז געווען נערוועז און איז לייכט צורייצט געווארען, נאר צייטענווייז איז ער געווען שרעקעדיג, וויא א קינד. איידער ער האט געעפענט דאס מויל, האט ער מיט דיא אויגען געקוקט אויף מאנדאלען זיא האט מורא געהאט אז ער זאל ניט ארויסריידען עפעס אזעלכעס, וואס איהר וועט ניט געפעלען ווערען. ער האט זיך ניט פערלאזען אויף זיך און איז דאריבער געווען אונטערגעבען און ווייך. זיין איינציגער שטארקער כאראקטער־צוג איז געווען שטאלץ. ער איז געווען איינער פון יענע בעשעפעניסען, וואס גלוסטען נאך ליעבע און רוה וואס זיינען נעפיהלבאל וויא פרויען און וואס ציהען זיך צוריק פון דער וועלט אזוי גיך נאר, וויא דיא וועלט ווייזט זיי איהר דונקעלע זייט.

דאס יונגע פאר איז נעגאנגען גיך און דאס האט זיי געמאכט פרייליכער. זיי האבען געשעפט מיט פערגניגען דיא פרישע לופט, וואס האט זיי געבלאזען אין דיא געזיכטער. דאס געפיהל פון פרעמדקייט, וואס האט פול געמאכט זייערע הערצער, ווען זיי זיינען ארויס פון דער סטאציאן, האט זיך איצט פערביטען מיט א געפיהל פון קאמעראדשאפט, חבר'שאפט. זיי האבען זיך אנידער געזעצט אונ־טער שעהנע קאסטאנען בוימער און האבען זיך אביסעל אבגערוהט. ווען זיי האבען זיך אויפגעהויבען צו געהן ווייטער, האט וויליאם געזאגט:

— וואו זיינען מיר? איך וויים ניט, צו מען קען קריגען וואס עסען אין דיזען טהייל וועלט.

— אה, האב קיין מורא ניט, האט מאנדאלען געענטפערט פרייליך. אין א האלבע שטונדע ארום וועלען מיר זיצען ביי א טיש. קום, איך וועל דיר ווייזען דעם וועג.

זיא האט איהם צו געפיהרט צו א ווענעלע, וואס האט געפיהרט ארויף בארג, האט אבגעלאזט זיין ארם און האט זיך פרייליך וויא א קינד געלאזט לויפען, אונטער האלטענדיג איהרע קליידלאך מיט איין האנד.

וויליאם האט איהר נאכגעקוקט מיט א געפיהל פון פרייד, דיא קאלטע און שטאלצע פרוי איז פערשוואונדען געווארען און איהם איז געווען זעהר פרייליך אויפ'ן הארצען צו זעהן דאס פרייליכע קינד שפרינגט און לויפט אדער ווען זיא האט זיך אנגעשפארט לאסטשענדיג ביי איהם אויפ'ן אקסעל אום צו ווייזען איהם עפעס א נייע זאך, וואס זיא האט בעמערקט ארום.

פלוצים איז דיא זון פערשוואונדען אונטער דיא וואלקען, וועלכע האבען זיך גענומען פערשפרייטען איבער זייערע קעפ. דיא וואלכען זיינען געווען גרוי מיט א קאליר פון קופער ביי דיא ברעגעס. מאנדאלענ'ס געזיכט האט פערלארען איהר

רוהינקייט און זיסקייט. זיא האט געשיינט צו פערגעסען אין גאנצען דיא אבוועזענ־
הייט פון איהר קאמעראד און האט בעטראכט דעם לאנדשאפט ארום זיך וויא אן
אלטען בעקאנטען.

ווילאם איז אבגעשטאנען פון איהר און האט איהר בעטראכט פון דערוויי־
טענס. איהם האט געדוכט, אז אן אבגרונד האט זיך צווישען זיי געעפענט און איז
מיט יעדע מינוט טיעפער געווארען. פון וואס טרוימט זיא איצט? איהם האט
איצט געפיינינט א געפיהל, אז ער איז נאך ניט אלעס פאר דיזע פרוי.

געוויס איז זיא בעקאנט מיט דיזען פלאץ. אפשר איז זיא שוין דא געווען
א מאל מיט א געליעבטען? וויליאם האט זעהר געוואלט פרעגען איהר וועגען דעם
נור ער האט מורא געהאט, אז זיא זאל דאס בעשטעטיגען און דאס וואלט איהם
וויה געטהאן. ענדליך האט ער איהר געפרעגט:

— ביזטו שוין דא א מאל געווען, מאגדאלען?

— יא, האט זיא געענטפערט מיט א הארטע שטימע, יא, איך בין דא גע־
ווען פיעל מאל, נאר לאמיר געהן ניכער, ווייל עס וועט רעגענען

זיי זיינען געגאנגען גיך, יעדער פערזונקען אין זיינע געדאנקען און אזוי וויט
איינער פון צווייטען וויא זיי האבען דאס נאר געקענט. ענדליך זיינען זיי אנגעקו־
מען צו א רעסטאראן, פון וועלכען מאגדאלען האט איהם געזאגט. דאס איז געווען
א מאוסע געביידע, וואס איז געווען שווארץ פון רעגען און ווינד; אונטען איז געווען
א גארטען, וואו אונטער דיא ביימער זיינען געשטאנען טישען און בייגק, בעדעקט
מיט פלעקען פון פערגאסענעם וויין.

דיא ווירטהין, א פעטע פרוי, האט ארויסגעלאזט א געשריי פון פערצוויי־פ־
לונג, ווען זיא האט דערזעהן מאגדאלען:

— וואס איך זעה! איך האב געדיינקט, אז איהר זייט שוין זיכער טוידט.
איך האב אייך שוין ניט געזעהן מעהר וויא דריי מאנאט—זייט איהר געזונד?

אין דיזען אויגענבליק האט זיא דערזעהן וויליאמען און האט איינגעהאלטען
דיא אנדער פראגע, וואס איז איהר שוין געלעגען אויף דיא ליפען. זיא האט גע־
שיינט צו זיין שטארק פערוואונדערט, דערזעהענדיג דעם אונבעקאנטען יונגען־מאן
ער האט בעמערקט איהר פערוואונדערונג און האט געזאגט צו זיך, אז זיא האט
ערווארט צו זעהן אן אנדער געזיכט.

— נון, האט זיא ווייטער אנגעהויבען אבער שוין ניט מיט אזא היימישען
טאן. איהר ווילט ווארשיינליך עסען מיטאג און מען וועט באלד גרייטען פאר אייך
א טיש אין גארטען.

מאנדאלען האט זיך דא געפיהלט, וויא ביי זיך אין דער היים; זיא האט אויסגעטהאן איהר הוט און שאַל און האט עס אליין בעהאלטען. וויליאם איז געשטאנען זעהר אונרוהיג, קיינער האט איהם ניט געשיינקט מינדסטע אויפמערקזאמקייט, וועהרענד יעדער אין הויז פון דעם אינגעל אין קיך ביז דעם הונד האט איהר בעגריסט מיט פרייד.

זיא איז ווידער געווארען פריליך און האט זיך אניעדער געשטעלט אויפ'ן שוועל. דיא לעצטע שטראהלען פון דער זון, וואס האבען זיך אויף א רגע ארויסגערוקט פון דיא וואלקען, האט בעגולט איהרע רויט-בלאָנדע האר. דער יונגער-מאן האט בעוואונדערט איהר שענהייט, נאר אין דער זעלבער צייט האט ער געטראכט אז אן אנדערער האט ניט לאנג געטהאן דאס זעלבע אויף דעם זעלבען פלאץ. און ער האט איינגעהאלטען זיין פלעצליכען פערלאנג א כאפ טהאן איהר אין זיינע ארמען און צו דריקען צום הארצען און צווינגען איהר צו פערגעסען, דיזע הויז, דיזע סצענע און טראכטען נור פון איהם.

— לאמיר שוין געהן עסען, האט זיא געזאגט פרייליך. מאריע, קלייב פאר אונז אן א גרויסע טעלער ערד בעערע (סטראָבעריס).

זיא האט אין גאנצען פערגעסען אן וויליאמען און האט געזוכט אונטער דיא בוימער דעם טיש, וואס מען האט פאר זיי געגרייט. ווען זיא האט ענדליך דערזעהן דעם טיש, האט זיא אויסגעשריען:

— ניין, אויף יענער באנק וועל איך זיך ניט זעצען, אן איהם האב איך צוריסען א מאל מיין קלייד. איך געדענק דאס זעהר גוט. גרויט צום טיש אט דא, מאריע, האט זיא געזאגט און האט זיך געזעצט צו אן אנדער טישעל.

דאן האט זיא זיך פלוצים דערמאנט אן וויליאמען און האט צו איהם א רוף געטהאָן:

— פאר וואס קומסטו ניט אהער?

זיא האט געלאכט ערדעגט. דער קומענדער שטורם האט איהר אריינגעווארפען אין א נערוועזע פרייליכקייט. דיא ווערטער זיינען געפאלען פון איהרע ליפען גיך און שארף, נאר אויף וויליאמען האט דאס וועטער געווירקט גראדע פערקעהרט, עס האט איהם געדריקט און אבגעשוואכט, און ער האט איהר געענטפערט מיט האלבע ווערטער.

דער מיטאג האט געדויערט מעהר וויא א שטונדע; זיי זיינען געוועזען גאנץ אליין, ווייל אויסער זונטאג איז דער רעסטאראן געוועזען כמעט ליידיג פון געסט. מאנדאלען האט דיא גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו ריידען, זיא האט איהם

דערצעהלט פון איהר קינדהייט, פון איהר לעבען אין פאנסיאן, האט געשילדערט איהרע לעהרערינס און איהרע צולאזטע פריינדינען. זיא האט דאס איהם אלץ דערצעהלט מיט א קינדערשע שטימע, עטליכע מאל האט וויליאם געפרובט אריינ־פיהרען איהר אין א געשפרעך וועגען איהר נאהענטע פערגאנגענהייט, ויא א מענש, וואס ליידעט פון א וואונד און קען זיך ניט איינהאלטען ניט צו קראצען איהר, ניט צו בעריהרען איהר. ער איז אויסגעגאנגען צו הערען זיא זאל דערצעהלען פון איהר יעבען אלס ערוואקסענע מיידעל און פרוי און אונטער וועלכע אומשטענ־דען איז זיא דא א מאל געווען, וואס האט זיא געהאט דא צו טהאן; נאר מאנדא־לען האט אויסגעמיידט זיינע פראגעס און האט נאר גערעדט פון איהרע קינדערש׳ן יאהרען. ווען וויליאם האט געפרובט נעהמען איהר האנד, האט זיא געהאט א זעלטזאמען פערגניגען אין דעם, וואס זיא האט איהם פון איהם אוועק גענומען, און קוקענדיג איהם גלייך אין געזיכט, ניט ריהרענדיג דאביי אפילו מיט א ברעם, האט זיא ווייטער גענומען דערצעהלען א נייען אנעקדאט. וואס מיט איהר איז געווען, ווען זיא איז אלט געווען פינף יאהר.

זיי האבען שוין געהאלטען ביים ענדע מיטאג, וויא גרויסע טראפען רעגען האבען אנגעהויבען צו פאלען אויפ׳ן ווייסען טישטוך; עס האט אנגעהויבען צו ווע־רען זעהר פינסטער. עס האט זיך געהערט פון דערווייטענס א מורמעל פון דונערן און איז צוגעקומען אלץ נעהענטער און נעהענטער מיט דעם גערויש פון א מאר־שירענדע ארמעע. פלוצים האט א בליץ אויפגעריסען אין צווייען דיא שווארצע וואלקענס.

— אט קומט א געוויטער! האט זיא אויסגעשריען, איך האב ליעב דיא בליצען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען און איז ארויס פון צווישען דיא ביימער, אום זיא זאל קענען בעסער זעהן. וויליאם איז געבליעבען זיצען ביים טיש. און האט געליטען: א געוויטער איז פאר איהם געווען אן אבקומעניס. ער האט קיין מורא ניט געהאט, אז א בליץ וועט איהם דערשלאגען, נאר זיין גאנצעס וועזען האט פראטעסטירט געגען דונער און בליץ. ווען עס האט איהם א בליץ געטהאן אין דיא אויגען האט ער זיך געפיהלט אזוי, וויא ער וואלט געקראגען א פאטש אין באק.

וויליאם האט פערמאכט דיא אויגען מיטביידע הענד, ער האט זיך געשעמט פאר מאנדאלען, זיא זאל איהם ניט בעטראכטען פאר א פיינלינג. ענדליך

וועהענדיג, אז ער קען ניט בעהערשען זיינע נערוועו, האט ער איהר געפרעגט אויב עס איז ניט גלייכער אריינצוגעהן אין שטוב און דארטען עסען דעם דעזערט.

— דערווייל רעגענט נאך ניט און מיר קענען נאך פערבלייבען דא, האט זיא געענטפערט.

— איך וויל בעסער אריין אין שטוב. דיא בליצען מאכען מיר קראנק.

זיא האט אויף איהם א קוק געטהאן פערוואונדערט און געזאגט רוהיג:

— הא! אויב אזוי לאמיר אריין!

א דיענסט האט נאך זיי אריינגעטראגען דעם דעזערט אין דעם גרויסען און טרויריגען עסס-צימער. וויליאם האט זיך געזעצט מיט'ן רוקען צום פענסטער, פאר איהם איז געשטאנען א גרויסער טאץ מיט ערד בעערען נאר ער האט זיך צו זיי ניט צו געריהרט, וועהרענד מאנדאלען האט איהרע געגעסען מיט פערגניגען.

דערנאך איז זיא צוגעלאפען צום פענסטער און האט זיך וויט ארויסגעבויגען.

דער רעגען האט אויפגעהערט. פון צייט צו צייט האט א שטארקער בלאז פון ווינד געמאכט א געררויש צווישען דיא בוימער. עס האט ניט אויפגעהערט צו בליצען און עס איז געווען ליכטיג וויא ביי טאג. נאר דאס ליכט איז געווען א זעלטזאמע בלויע, וועלכע האט געמאכט דעם גאנצען לאנדשאפט ארום אויסזעהן, וויא א סצענע אין א מעלאדראמא. דער דונער האט געקלאפט וויא פון הארמאטען און פון איין קלאפ ביז'ן צווייטען איז געווען א טוידטע שטילקייט.

וויליאם האט געליטען שרעקליך, וויסענדיג אז הינטער איהם איז אפען א פענסטער. ניט קוקענדיג האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן מאנדאלען שטעהן אין דעם בלויליכען ליכט. איהרע האר האבען זיך צולאזט פון דער נאסקייט און האבען זיך צושפרייט איבער איהרע אקסלען. זיי האבען געשיינט צו לעבען אונטערן ליכט, וואס איז געפאלען אויף זיי.

— אה, וויא גרויסארטיג! האט זיא געשריען, קום, וויליאם, זעה, דיא בליצען לויפען דורכ'ן וואלד, וויא לעבעדיגע בעשעפעניסען, און דער הימעל—גיב נאר א קוק אויף איהם!

וויליאם האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און איז צו געגאנגען צו מאנדאלען ער האט איהר אנגעריהרט פאר'ן ארם און געזאגט אונגעדולדיג:

— פערמאך דעם פענסטער! ווייסטו דען ניט, וויא געפעהרליך עס איז דא צו שטעהן?

— האסטו מורא? האט זיא געפרעגט מיט א שפעטישען געלעכטער, ווענדענדיג זיך צו איהם.

— קום אוועק, איך בעט דיך.

אין דיעזען מאָמענט האבען זיך די וואָלקען געעפענט און דער ווינד האט אריינגעטריבען א גאנצען שטראָם רעגען אין צימער אריין. מאגדאלען האט פער־מאכט דאס פענסטער און איז צוגעגאנגען צום טיש, וואו וויליאם איז שוין געזעסען.

— ווען איך בין געוועזען א קליין קינד, האט זיא געזאָגט, האט מיך מיין פא־טער א מאל אין אזא געוויטער גענומען אויף די הענד און האט מיך צוגעטראָגען צום פענסטער. איך געדענק אז אנפאנגס האב איך דאס קעפעל אבגעדרייט און בעהאלטען עס ביי איהם אויפן אקסעל, דערנאך האבען מיר די בליצען פערשאפט פערגניגען. האסטו מורא?

— מורא? ניין, האט ער געענטפערט, אויפהויבענדיג דעם קאפ, נאר איך לייד דערפון.

עס איז געווארען שטיל, דער שטורם האט ניט אויפגעהערט. וויליאם איז געזעסען אין זיין שטוהל בלייך און שוואך. מאגדאלען, וועלכע האט איצט בעמערקט זיין נערוועזעס צאפלען זיך, האט פערשטאנען, אז ער ליידט אין ווירקליכקייט און זיא האט אויף איהם געקוקט מיט אינטערעס און פערוואונדערונג, ניט קענענדיג פערשטעהן, וויא אזוי א מאנספערזאן זאל מעהר ליידען פון די נערווען, וויא א פרויענצימער.

די שטונדען האבען זיך געצויגען זעהר לאנגזאם. ענדליך איז דער דונער געוואָרען זעלטענער און דער רעגען קלענער. מאגדאלען האט ווידער געעפענט דאס פענסטער.

— דער שטורם איז אריבער, קום אהער, וויליאם, עס בליצט מעהר ניט. ער איז צו איהר צוגעגאנגען.

— שוין צייט צו פאָהרען א היים, אז ניט וועלען מיר פערשפעטיגען דעם צוג, האט זיא געזאגט.

די ווירטהין פון רעסטאָראן איז גראדע דאמאלס אריינגעקומען.

איהר וועט דא וואהרשיינליך פערבלייבען איבער נאכט, האט זיא געזאָגט, איך וועל פאר אייך צורעכט מאכען צוויי צימערן.

— ניין, ניין, האט מאגדאלען געאיילט צו ענטפערן; מיר זיינען אהער גע־קומען נאר צו עסען, און מיר פאָהרען גלייך צוריק.

— אבער דאס איז אונמעגליך, די וועגען זיינען פערשוואומען. מאגדאלען האט געשיינט צו זיין זעהר באונרוהיגט.

— ניין, איך קען דא ניט בלייבען איבער נאכט, איך מוז פאָהרען צוריק, האט זיא געזאָגט נאך א מאָל און נאך א מאָל.

— טהוט וויא איהר פערשטעהט, האט געענטפערט דיא ווירטהין, נאר איך מוז אייך זאגען, אז איהר וועט ניט שלאָפען דא, וועט איהר שלאָפען אין פעלד.

וויליאם האט ניט געזאגט קיין וואָרט. מאנדאלען האט זיך געהיט ניט צו בעגעגענען זיינע בליקען. זיא איז געוועזען שטארק עררעגט און איז מיט נערוועזע טריט געגאנגען אויף און אב איבערן צימער. פלוצים האט זיא אויף איהם א קוק געטאהן, און דערזעהענדיג, וויא רוהיג און אונטערגעבען ער איז, איז זיא ווייכער געווארען, נאָר איהר געזיכט איז געבליעבען גראדע אזוי הארט, וויא פריהער און זיא האט געזאָגט מיט א קאלטען טאן צו דיא פרוי:

— זעהר גוט, מיר בלייבען דא.

— אויב אזוי, וויל איך הייסען צוגרייטען דיא צוויי בלויע צימערן.

מאנדאלען האט זיך א צאפּעל געטהאָן.

— גרייט צו וועלכע צימער איהר ווילט, אבער ניט יענע, האט זיא געזאָגט.

— אבער דיא איבריגע זיינען אלע פערנומען.

מאנדאלען האט זיך נאך אלץ ניט געקענט בעשליסען און זיא האט געמורמעלט:

— עס וואלט בעסער געוועזען ניט צו בלייבען.

וועהרענד מען האָט פאר זיי צוגעגרייט דיא צימערן, זיינען זייא ביידע ארויס פון רעסטאָראן און האבען זיך געזעצט אויפ'ן שטאם פון אן איינגעפאלענעם בוים און גאר ניט גערעדט

דיא לופט איז געוועזען אָנגעזאפּט מיט דעם זיסען גערוך פון לאנד; מיט פייכטע ערד, גרינעם גראָז און בלומען. פון דיא בלומען. פון דיא בלעטער זיינען געפאלען טראָפּענס מיט א גערויש. א האלבער הימעל איז געוועזען זעהר בלוי און אויסגעשטערנט, דיא צווייטע האלבע איז געוועזען שווארץ פון וואלקען, וועלכע האבען געהאלטען אין אנטלויפען. וויליאם און מאנדאלען האבען ניט געקענט זעהן איינער דעם צווייטענס געזיכט און יעדער איז געזעסען פערזונקען אין זיינע געדאנקען.

— דוא האסט מיך ניט ליעב, מאנדאלען, האט ענדליך וויליאם ארויס געשטאמעלט.

— דוא האסט א טעות, מיין פריינד, האט זיא געענטפערט בעזאכט, איך דענק, אז איך ליעב דיך, נאר איך האב נאך ניט געהאט דיא צייט צו שטעלען זיך דיא פראגע און געבען איין ענטפער.

א היבשע צייט איז געווען שטיל. וויליאם האט זיך געפונען בעליידיגט פון דעם קאלטען ענטפער.

— דוא וואלסט דא ניט פערבליבען, ווען דער וועג זאל ניט זיין פערשוואר־מען, האט ער ווידער געזאגט.

— אה! דוא קענסט מיך נאך ניט! האט מאנדאלען געזאגט. אז איך בלייב דא איז נאר דארום, ווייל איך וויל אזוי. ווען דאס זאל זיין נעגען מיין ווילען, וואלט איך אוועק געגאנגען אפילו אין מיטען שטורם.

זיא איז פערזונקען אין איהרע געדאנקען און דאן האט זיא גענומען ריידען וויא צו זיך, אבער אזוי, אז ער האט געהערט:

— איך האב געוואוסט, אז פריהער אדער שפעטער וועט זיך ענדיגען אזוי נאר דאס לעבען איז אזוי שווער!

זיא האט זיך אליין איבערגעריסען. זיא האט געוואלט זאגען, אז געטריבען צו פערבלייבען דא האט איהר נאר א געפיהל, פון רחמנות צו איהם.

פרויען גיבען זיך אונטער א סך עפטער פון מיטלייד גראסמוטה און פון א לוסט ארויסצואווייזען פריינדליכקייט, אלס מען דענקט. זיא האט געזעהן זיינע ליי־דען אין דער צייט פון שטורם, און ער האט אויף איהר געקוקט מיט אזעלכע בע־טענדע אויגען, אז זיא האט קיין הארץ ניט געהאט צו האלטען זיך ביי דאס איהריגע און צו פערלאזען דעם רעסטאראן.

וויליאם האט פערשטאנען, אז איהר איבערגעבען זיך צו איהם איז וויא א נדבה וואס מען גיט צו א בעטלער, און זיין איידעלקייט און איינגעגליעבע האבען שטארק געליטען דערפון.

— דוא ביזט גערעכט, האט ער געזאגט. איצט איז אנגעשטאנען מיין רייהע צו בעטען דיך, אז מיר זאלען זיך גלייך אומקעהרען צוריק אין פאריז.

ער האט גערעדט היציג און גיך, און מאנדאלען האט בעמערקט, וויא זיין שטימע האט זיך געענדערט.

— וואס אזוינס איז געשעהן, מיין פריינד? האט זיא געפרעגט מיט פער־וואונדערונג.

— לאמיר געהן, לאמיר גלייך געהן, האט ער ווידערהאלט.

זיא האט א ציה געטהאן מיט דיא אקסלען מיט א פערמאטערטע מינע.

— וואס טאכט עס אויס? מיר וועלען צוריק קומען אין פאריז פריהער אדער שפעטער. פון דעם ערסטען טאג, וואס איך האב דיך בעגעגענט, האב איך געוואוסט אז איצט הייסט אין מארגען און איך וועל זעהן דיין פרוי. איך האב זיך

געוואלט איינשליסען אין א קלויסטער און האב זיך אליין געגעבען א שבועה, אז מעהר וועל איך ניט זינדיגען. אזוי לאנג וויא איך האב געהאט נאר איין געליעב־טען איז מיין שטאלץ און רעספעקט צו זיך ניט געוועזען צערשטעטערט....

זיא האט אבגעכאפט איהר אטהעם און פון איהר האלז האט זיך דאביי ארויסגעריסען א קלאנג, וואס האט געקלונגען וויא א זיפץ.

— נאר היינט האט זיא ווייטער פארטגעזעצט, האב איך פערשטאנען, אז איך וועל זיך שוין קיין מאל ניט אויפהויבען איבער'ן שמוץ, מיט וועלכען איך בין אויסגעשמירט. דוא זעהסט, איך בין אפגעהערציג—דוא ווילסט דאך, אז איך זאל זיין אפגעהערציג. ניט וואהר?

זיא האט אויסגערעדט דיא ווערטער מיט אזא טיעפען טרויער, אז ווילי‌אם איז געווען גערירט. זיין פערוואונדעטער שטאלץ איז בערוהיגט געווארען, און ער האט געזאגט צערטליך:

— דוא קענסט מיך ניט, גלויב מיר, דוא וועסט אויסגעפינען, אז איך בין אנדערש פון דיא אנדערע מענער. איך וועל דיך ליעבען, וויא מיין פרוי און איך שווער דיר, אז איך וועל דיך מאכען גליקליך.

מאנדאלען האט ניט געענטפערט. זיא האט געטראכט, אז זיא איז שוין א ביסעל פראקטיש אין לעבען און האט צו זיך אליין געזאגט, אז דער טאג וועט קו־מען, ווען ווילי‌אם וועט איהר אוועקווארפען, און זיא וועט פאלען אלץ נידריגער און נידריגער. נאר זיא האט זיך געוואונדערט אויף איהר איצטיגע שוואכקייט; זיא האט ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי ניט זיא זיך היינט ביי נאכט אזוי גרינג איבער, וועהרענד געכטען וואלט זיא עס פאר קיין פאל ניט געטהאן. ווילי‌אם איז געווען פערזונקען אין געדאנקען. הערענדיג, וויא זיין פריינדין דערמאנט ענדליך איהר פריהערדיגען געליעבטען, וועלכער, וויא עס האט געשיינט, איז איהר ניט ארויס פון דיא געדאנקען, האט ער אויף זיך איצט געקוקט, וויא ער וואלט זיך געשטעלט צווישען זיי ביידען.

זיי האבען ביידע געשוויגען א לאנגע צייט, קיינער פון זיי האט ניט געזאגט קיין ווארט פון ליעבע. ער האט געהאלטען איהר האנד אין זיינע, נאר זיא איז געווען קאלט און שוואך. זיי זיינען געווען אליין, נאר זייערע הערצער זיינען געווען פול מיט א מין מורא פאר דיא צוקונפט.

דיא לופט איז געווען קיהל און פייכט. דער הימעל איז געווען אויסגע־שטערנט.

מאנדאלען האט א ציטער געטהאן.

— מיר איז קאַלט! לאָמיר אריינגעהן, האט זיא געזאגט.

זיי האבען זיך אויפגעהויבען אהנע צו זאגען א ווארט. דיא ווירטהין האט זיי ארויפגעפיהרט אויבען אין דיא צוויי צימערן, וואס האבען געהאט אן אריינגאנג פון איינעם אין צווייטען. אין מאנדאלען'ס צימער האט געברענט א ליכט אויפ'ן טיש. דאס צימער איז געוועזן קליין, אויסגעקלעפט מיט בלויע פאפיר, פון פייכט־קייט האבען זיך אויף דיא ווענד געצייגט אין עטליכע ערטער פלעקען. עס האט זיך געהערט א גערוך פון שימעל און עס איז געוועזן קאלט.

— קאַז, איך וועל פערמאכען דיא לאָדען ביי דיר, האט וויליאם געזאגט.

נאר עס איז געוועזן א סך גרינגער צו זאָגען איידער צו טהאָן, ווייל ער האט זיך א היבשע צייט ארומגעפיהרט מיט'ן לאָדען און האט ניט געקענט פערמאכען.

— אין דער הויך איז פאַראַן א קייטעל, האט זיך ביי איהר ארויסגעכאפט ניט ווילענדיג.

וויליאם האט זיך האסטיג א קעהר געטהאָן צו איהר.ביידע זיינען שטארק בלייך געווארען, ווייל ביידע האבען פערשטאנען, וואס איהרע ווערטער בעדייטען. זיא וויים פון דעם קייטעל, האט ער געטראכט. זיא איז שוין אין דעם צימער גע־שלאפען א מאָל....

אויף מארגען איז מאנדאלען אויפגעשטאנען זעהר פריה. זיא איז געוועזן זעהר ערנסט און טרויעריג. זיא האט געעפענט דאס פענסטער און ארויסגעקוקט אויף דיא פעלדער און לאָנקעס, וואס האבען זיך געבאָדען אין דיא ערסטע שטראהלען פון דער זון. זיא איז אזוי געשטאנען ארום א האַלבע שטונדע צייט און האט פלוצים דערהערט א גערויש הינטער זיך. זיא האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן וויליאמען אריינקומען אין איהר צימער.

— ליעבסטו מיך? האט ער איהר געפרעגט מיט א שטילען קול.

מאנדאלען האט צו איהם אויסגעשטרעקט דיא ארמס מיט א שמייכעל. איהר געזיכט האט זיך אויסגעקליימערט, זיא האט פערגעסען, וואו זיא געפינט זיך און האט נאר געפיהלט דיא צערטליכקייט פון איהר פריינד.

זיא האט איהם געגעבען מיט א קוס.

## II.

פאנדאלען פערא איז געוועזן דיא טאכטער פון א מאשיניסט. איהר פאטער איז געקומען אין פאריז זיבען גליק אהן א סו אין קעשענע (טאַשע) און אהן שיך. ער איז געוועזן איינער פון יענע בערג־לייט, וואס זיינען מאָגער אבער מיט ברייטע

פלייצעס און האבען נים נאר קיין מורא נים פאר ארבייט, זאנדערן זיי האבען איהר ליעב. ער איז אנגעקומען צו א מאשיניסט און האט ביי איהם געארבייט צעהן יאהר לאנג. שפּארענדיג א סו צו א סו, האט ער אנגעקליבען עטליכע טויזענד פראנק.

ווען ער האט געדענקט, אז ער איז רייך גענוג צו עפענען א ווערק־שטוב פאר זיך, האט ער געדונגען א הילצערנע קעמעריל. דאס איז געווען דער ערסטער שריט צו א פערמעגען און דיא גרויסע געביידעס, פון וועלכע ער האט געטרוימט ביי טאָג און ביי נאכט.

נאך צעהן יאהר זיינען אריבער אין שווערע און ביטערע ארבייט. ער האט זיך נים פערגונען איין שעה צו פערברענגען אין פערגניגען. ביסלעכווייז האט זיך זיין קעמעריל פערגרעסערט און ער האט אריינגענומען מעהר ארבייטער.

ענדליך האט ער אבגעקויפט דעם פּלאץ און האט אויסגעבויט ריעזיגע פאבריקען, אין וועלכע ער האט געמאכט ריעזיגע מאשינען. דיא אייזענבאהנען וועלכע האבען זיך געהאלטען דאמאלס אין בויען אין פראנקרייך האבען איהם געגעבען א מאסע ארבייט און איינגעבראכט גרויסע סומען געלד. זיין טרוים איז פערווירקליכט געווארען: ער איז געווען רייך.

ביז איצט האט ער זיך קיין מאל נים געשטעלט דיא פראגע, וואס וועט ער טהאן מיט'ן געלד, ווען ער וועט עס האבען. ער האט זעלטען אויסגעגעבען אויף זיך מעהר, וויא פיערציג סו א טאָג — ער האט אזוי ווענייג געוואוסט פון לעבען, פון פערגניגען פון לוקסוס, אז זיין רייכקייט איז געווען גאנץ נוצלאָז פאר איהם. ער האט אנגעקליבען זיין רייכקייט מעהר אויס עקשנות אלס אויס ליעבע צו געלד אדער צוליעב דיא פערגניגענס וואס מען קען בעקומען פון דעם. ער האט זיך געגעבען א שבועה צו ווערען אליין א בעל הבית און ער האט געהאלטען זיין שבועה. איצט האט ער זיך געפרעגט, וואס ער זאל טהאן מיט דיא מאסען געלד, וואס ער האט אנגעזאמעלט?

דיא ערסטע זאך האט ער אויסגעבויט א קליינע הויז נעבען זיינע פאבריקען און איהר אויסגעמעבלירט מיט גרויסען לוקסוס, נאר ער האט זיך געפיהלט אונבעקוועם צווישען דיא טהייערע טעפּיכע און פאָרהאנגען, און האט געהאט מעהר פערגניגען צו פטרברענגען דיא טעג צווישען דיא ארבייטער אין זיינע פאבריקען. ער וואלט זיכער פערדונגען דיא הויז, ווען א צופאל וואלט נים געענדערט זיין לעבען און געמאכט איהם נאר פאר אן אנדער מענשען.

ער האט געהאט א גראָבען קול און זיינע מאנערען זיינען געווען נאך גרעבער

אבער טראָץ דעם האט ער געהאט א ווייכע הארץ וויא ביי א קינד. זיין צערטליכע נאטור איז דיא גאנצע צייט געשלאפען אונטער דעם יאָך פון דער שווערע ארבייט, אין וועלכען ער איז געווען איינגעשפאנט זיין גאנץ לעבען. נאר ווען ער האט א מאל צופעליג בעגעגענט דיא יונגע ארימע יתומה מארגארים, וועלכע האט זיך איפגעהאַלטען ביי אזעלכע ארימע קרובים, וויא זיא אליין, האט זיין נאטור ערוואכט.

מארגארים איז געווען א בלייכע, צארטע שוואַכע מיידעל און האט אויסגעזעהן ניט מעהר וויא זעכצעהן יאהר. זיא האט געהאט א געזיכט, וואס האט אויסגעדריקט אונטערווירפינקייט, הכנעה, און וואס ריהרט שטארק דיא הערצער פון מענער.

דיא יונגע יתומה מיט איהר גראציעזען, אונטערוואַרפענעם שמייכעל האט פאר איהם געהאט א שטארקע אנציהונגס קראפט. ער האט שטענדיג געלעבט צווישען גראבע מענער און אפט ברוטאלע ארבייטער, און איצט ווען ער האט איהר בעגעגענט, דיא שוואַכע קליינע געשעפף האט ער זיך צו איהר צוגעבונדען מיט לייב און לעבען. ער האט מיט איהר אין גיכען חתונה געהאט און אריינגעבראכט איהר צו זיך אין הויז.

ער האט איהר ליעב געהאט מיט א פאנאטישע איבערגעבענהייט, זיא איז געווען זיין שוועסטער, זיין טאכטער זיין וויב. ער האט אנגעבעטעט איהר בלייכקייט, איהר מיעדען בליק און שוואכקייט. ער האט פריהער קיין מאל ניט געליעבט זיין הארץ איז ביז איצט געווען פערשלאסען פאר יעדען צערטליכען געפיהל און ער האט איהר פון דער ערסטער מינוט אן געמאַכט פאר זיין אַבגאָט, פאר זיין קעניגין. זיא האט געפיהרט דיאווירטהשאפט און אריינגעבראכט אין הויז אן עלעגאנץ און פערטריבען דיא קאלטקייט, וואס זיא האט דא געטראפען, און האט געמאכט א ווירקליכע היים.

מעהר וויא א יאהר צייט האט זיך פערא זעהר וועניג אבגעגעבען צו זיינע געשעפטען ער איז געווען אין גאנצען פערזונקען אין דעם גליק, וואס ער האט געהאט וועמען ליעב צו האבען. דער געפיהל איז פאר איהם געווען ניי און רייצבאר.

צייטענווייז פלעגט ער זיין גערי‍הרט ביז טרערען פון דער פריינדליכקייט, וואס זיא האט איהם ארויסגעוויזען, און זיא האט איהם שטענדיג געדאנקט מיט דיא אויגען, אפילו ווען איהרע ליפען זיינען געווען שטיל פאר דעם גליק און לוקסוס מיט וועלכען ער האט איהר ארומגערינגעלט.

און איצט ווען דא איז שוין געווען רייף האט זיא ניט

אונטערוווירדפינקיים. זיא האט געליעבט איהר מאן און האט אויף איהם געקוקט וויא אויף איהר בעל טובה. ווען זיא האט מיט איהם חתונה געהאט, האט זיא ניט געקוקט אויף זיין פערבראַנזטע געזיכט און זיינע פיערציג יאהר, זיא האט זיך צו איהם צוגעבינדען וויא א מאכטער צו א פאטער.

— איך האב דיך ליעב, פלעגט זיא זאגען צו איה, וויל דוא ביזט אזוי שטארק און געזונד און וויל דוא האסט ניט מיין שוואכקייט און קינדליכ־קייט. איך האב דיך ליעב, ווייל דוא האסט ניט געקוקט, וואס איך בין אן ארימע יתומה און האסט מיט מיר חתונה געהאט.

ביי איהם האט דאס הארץ געשפרונגען פון נחת, ווען ער האט געהערט דיא ווערטער, און ווען זיא איז פערגאנגען אין טראַגען, איז ער געווען דער גליק־ליכסטער אויף דער ערד.

א פאר מעג איידער זיין וויב האט געדארפט ענטבינדען ווערען, האט איהם דער דאקטאר אבגערופען אן א זייט און געזאגט, אז ער האט שטארק מורא פאר זיין וויינ׳ס לעבען: זיא איז זעהר שוואך געבוים און ער צווייפעלט אויב זיא וועט זיך נאכ׳ן קינד־בעט קענען צוריק ערהאלען. א גאנצע וואך איז פערא געווען, וויא פעררוקט, ער פלעגט צו איהר שמייכלען, ווען זיא איז געלעגען אויף דער סאָפאַ, נאר וויא ער פלעגט אבטרעטען אין א ווינקעל, פלעגט ער אויף זיך רייסען דיא האר און וויינען וויא א קינד. דיא נעכט פלעגט ער פערברענגען אין דיא פינסטע־רע פאבריקען, און ווען ער האט דערפיהלט, אז ער קען שוין עס לענגער ניט אויס־האלטען, פלעגט ער באפען דעם האמער און קלאפען מיט אלע כחות.

דיא שטונדע פון האבען איז געקומען, און דיא מורא וואס דער דאקטאר האט ארויסגעלאזען איז ניט געווען אן אומזיסטע. מארגאריט איז געשטארבען גלייך וויא זיא האט געבוירען א טאכטער.

פערא׳ס פערצווייפלונג איז געווען שרעקליך, נאר ער האט ניט געקענט ארויסלאזען קיין טרער. נאך דער קבורה האט ער זיך פערשלאסען און האט קיי־נעם ניט געוואלט זעהן. דיא נאכט פלעגט ער פערברענגען אין דיא פינסטערע פאבריקען, געהענדיג אויף און אב צווישען דיא קופעס אייזען און שטאָל.

ביסלעכווייז האבען איהם דיא ווערקציינג, מיט וועלכע ער האט זיך געשאפט זיין רייכטהום, אנגעפילט מיט א שטומען כעס. ער, וועלכער האט געמאכט אזא גוואלדיגען זיעג איבער ארעמקייט, האט ניט געקענט זיעגען איבער׳ן טויטט!

צוואנציג יאהר לאנג האבען זיינע מעכטיגע הענד געבויעט און געדרייט אייזען און איצט זיינען דיא זעלבינע געווען שוואך איינצוהאלטען דאס, וואס ער האט

געליעבט מעהר וויא זיין לעבען, מעהר וויא אלץ אין דער וועלט. און אין זיין וויל־דען צאָרן האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען א ווילדער געשריי:

— איך בין שוואך וויא א קינד און פייג וויא א נאר, אז ניט וואלט איך ניט דערלאזט דעם טוידט, ער זאל מיך בערויבען׳

א מאָנאַט לאַנג האט מען מורא געהאט צו געהן צו איהם. ענדליך האט דיא אם זיך אונטערגעשטעלט אריינצולייגען דאס קינד אין זיינע הענד. ער האט אין גאנצען פערגעסען, אז ער האט א קינד, און ביים אנבליק פון דיזע ארימע פערלאזענע קליינע בעשעפֿעניס, האט ער זיך צו וויינט מיט הייסע טרערען, און עס איז איהם גרינגער געווארען אין הארצען און אין קאָפּ.

— זיא איז אזוי צאַרט און שוואך, וויא איהר מוטער, האט ער געמורמעלט קוקענדיג אויף איהר.

און פון דיזער מינוט האט זיין שמערץ פערלארען דיא שארפקייט. ער האט זיך אליין געטרייסט, אז עפּעס איז איהם דאך פערבליבען פון מארגאריט׳ן. ער האט מארגאריט׳ן געליעבט מיט א פאַטערליכע ליעבע, און ליעבענדיג איהר טאָכ־טער, האט ער געקענט זיך נארען און זאגען, אז ער האט ווייניג פערלאָרען.

דאס קינד איז געוועזען זעהר א שוואכע און דאס געזיכט בלייך וויא ביי דער פערשטארבענער מוטער. פערא איז געוועזען זעהר גליקליך, וואס זיא איז געווען אין גאנצען עהנליך אויף דיא מוטער און ניט אויף איהם, ווייל ער האט געוואלט, זיא זאל אין גאנצען זיין איהרע. ווען ער האט איהר געהאלטען אויף דיא קניע, פלעגט איהם אריינקומען א האלב פערריקטער געדאנק, אז זיין ווייב האט זיך נאָכ׳ן טוידט פערוואנדעלט אין א קינד, אום ער זאל איהר קענען ליעב האבען מיט דאָפּעלטע צערטליכקייט.

ביז צוויי יאהר איז מאגדאלען געוועזען זעהר שוואך און דעליקאט און האט געשוועבט צווישען לעבען און טוידט. נאר אויפ׳ן דריטען יאהר האט זיא אנגעהוי־בען ווערען געזינטער. איהרע אויגען זיינען געווארען ליכטיגער און דאס בלוט האט פרייער געראנען אין איהרע אדערן. זיא איז וויא ניי געבארען געווארען. ביז דאמאָלס האט זיא אויסגעזעהן, וויא א טוידטער קערפּער. בלייך און שטיל. זיא האט קיין מאל ניט געלאכט און קיין מאל ניט געשפּילט זיך, נאר אזוי גיך, וויא זיא האט געקענט שטעהן אויף דיא פיסלאך, וועלכע זיינען איצט געווארען שטאר־קער, האט זיא פול געמאכט דיא הויז מיט א גערויש.

פערא האט זיך געשפּיעלט שטונדענלאנג מיט זיין קינד, און פלעגט איהר מיטנעהמען אויף דיא הענד אין דיא פאבריקען צווישען דעם שרעקליכען גערויש

פון דיא מאשינען, זאנענדיג, אז ער וויל איהר מאכען אזוי בראוו וויא א אינגעל.

איין זאך האט נאך פערגרעסערט זיין ליעבע צו איהר: וואס עלטער זיא איז געווארען, האט זיא אלץ מעהר עהנליכקייט נעקראגען צו איהם. ווען זיא איז געלעגען בכייך און שטיל אין איהר וויעגעל, איז זיא געווען זעהר עהנליך צו איהר מוטער, נאר איצט ווען זיא איז געווארען געזונד און שטארק איז זיא געווען א וואהרער אינגעל. זיא האט געהאט פערא'ס גרויע אויגען און זיין ברייטען און שטארקען שטערן און איז געווען אזוי איינגעשפארט און ליידענשאפטליך וויא ער.

נאר פון דער טראגעדיע, וואס איז געשעהן ביי איהר געבורט, איז ביי איהר פערבליבען א געוויסע שוואכקייט און א נערוועזע צוהיצטקייט, וואס פלעגט אויף איהר אנקומען, ווען זיא פלעגט אריין אין כעס. דאן פלעגט זיא זיך צו וויינען און פלעגט אזוי יאמערן, ביז דער כח האט איהר אין גאנצען פערלאזען.

אויב דער אויבערסטער טהייל פון איהר געזיכט איז געווען עהנליך אין שטארקייט צו איהר פאטערס איז זיא אבער נאך מעהר עהנליך געווען צו איהר מוטער מיט איהר מויל און מיט'ן זיסען שמייכעל. זיא איז געוואקסען וויא אויף הייוועז, און איהר פאטער האט שוין געטראכט פון א פרינץ פאר איהר א מאן. ער האט זיך ווידער גענומען צו זיינע געשעפטען, ווייל איצט האט ער געוואוסט, וואס ער האט צו טהאן מיט דיא מיליאנען, וואס ער וועט אנקלייבען. ער וועט אלע אוצרות לעגען צו דיא פיס פאר זיין אבגאט. ער איז איצט געווען אונצופריע־דען מיט דיא איינקינפטע פון זיינע געשעפטען און האט זיך אריינגעלאזט אין ספעקולאציאנען, אום צו פערדיענען געלד געשווינד. נאר ביי א פלעצליכען פאל אין דעם פרייז פון אייזען, האט ער פערלארען זיין גאנצען אייגענס.

מאנדאלען איז דאמאלס אלט געווען זעקס יאהר. פערא האט אבער פון דער ניעדערלאגע זיין ענערגיע ניט פערלארען, דער פלעצליכער קראפ האט איהם אפילו קיין בויג ניט געטהאן. מיט'ן קלארען פערשטאנד פון א געשעפטס־מאן, האט ער באלד אויסגערעכענט, אז זיין טאכטער איז נאך זעהר יונג און ביז זיא וועט אויסוואקסען, וועט ער פאר איהר קענען אנזאמלען א פערמעגען. נאר ער האט שוין ניט געקענט אויפבויען א נייען פערמעגען אין פראנקרייך, ער האט צו זיך געדארפט א נייעם פרישען פעלד, א לאנד וואו מען מאכט גיך א פערמעגען. אין א פאר שטונדען איז זיין בעשלוס געווען געפאסט; ער האט זיך ענטשלאסען צו פאהרען נאך אמעריקא און אריינגעבען מאנדאלען אין א פאנסיאן אין פאריז, וואו זיא האט אויך געהאט קעסט.

ער האט צוזאמענגענומען אלץ, וואס איהם איז פערבליבען און ער האט עס

איינגעליינט אזוי, אז עס זאל איהר איינטראגען צווייטויזענד פראנק א יאהר פראצענט. דאס וועט איהר געבען גענוג אויף ברויט, אויב איהם זאל עפעס געשעהן, און נאך דעם זעלבען אבענד האט ער פערלאזען פראנקרייך מיט הונדערט פראנק אין קעשענע. מיט אן אבענד פריהער איז ער אוועק מיט מאנדאלען צו זיינעם אן אלטען גוטען פריינד. וואס איז מיט איהם געווען פון איין שטאדט און האט איהם געבעטען, אז ער זאל אויף איהר אכטונג געבען.

זיין פריינד לאברישא איז געקומען אין פאריז אין דער זעלבער צייט, וואס ער; אנפאנגס איז ער געווען א פעדלער, דאן האט ער אנגעהויבען צו האנדלען מיט געוואנט און האט אנגעקליבען א גרויסען פערמעגען. פערא האט זיך אין גאנצען פערלאזען אויף דיזען אלטען גוטען פריינד.

ער האט געזאגט מאנדאלען, אז ער וועט אין ניכען קומען צוריק או איז ארויס פון הויז וויא א שכור. אויף דער דעק פון שיף האט ער אנגעכאפט לאברישא וואס איז איהם געגאנגען בעגלייטען, פאר דיא הענד און געזאגט מיט א קול פערשטיקט פון טרערען:

— אויב איך וועל מעהר צוריק נים קומען, זיי דוא א פאטער צו איהר.

פערא האט קיין מאל נים דערגרייכט אמעריקא. דיא שיף איז צושמעטערט געווארען פון א שטורם ביי דיא ברעגען פון פראנקרייך. נאר מאנדאלען האט יאהרען לאנג נים געוואוסט פון איהר פאטערס טוידט.

אויפ׳ן צווייטען טאג נאך פערא׳ס אבפאהרען האט לאברישא איהר אוועק געפיהרט אין א פאנסיאן, וואס א בעקאנטע דאמע האט איהם רעקאמאנדירט. דיא צוויי טויזענד פראנק זיינען געווען גענוג צו דעקען דיא קאסטען, און ער איז געווען צופריעדען פטור צו ווערען פון דעם קינד, וועמעס פרייליכקייט און צולאדענקייט האט בעאונרוהיגט זיין עגאאיסטישע רוה.

דער פאנסיאן איז געווען, וואס מען רופט, אן אויסגעצייכענטער; דארטען זיינען געווען זעהר ווענינ קינדער, ווייל דיא פערוואלטערין האט בעסער געזוכט צו האבען העכערע פרייזען און האט נור געהאלטען דיא קינדער פון רייכע פאמיליען. מען האט דארט ווענינ געלערנט ארטאגראפיע, וויא צו שרייבען ריכטיג, אויך ווענינ ביבעל, אבער דערפאר האט מען געלערנט, וויא צו האלטען זיך אין א געזעלשאפט. ווען א מיידעל האט פערלאזט דעם פאנסיאן, האט זיא קיין זאך נים געוואוסט פון דעם, וואס מען לערנט געוואוינליך אויס פון ביכער. נאר דערפאר האט זיא געקענט אריינקומען אין א זאל מיט א גראציע, מיט א חן פון א פראקטיצירטע קאקעטקע.

דיא דאמען, וואס האבען געהאלטען דעם פאנסיאן, האבען נים געוואוסט,

וואס מען פאדערט פון זיי ; זייער שולע האט געהאט א רעפוטאציע, א נאָמען מיט איהר עלעגאנץ, און פאמיליען האבען זיך געפיהלט געעהרט, ווען זיי האבען געקענט זאגען, אז זיי שיקען זייערע טעכטער אין דיעזען פאנסיאָן.

מאגדאלען האט זיך דאָרטען ניט געפיהלט גוט ; זיא איז געווען צו פיעל צולאָזט. אין דיא שפיעל־שטונדען פלעגט זיא זיך צוכאפען צום שפיעלען מיט אזא אינפעט, אז זיא האט אין גאנצען בלאמירט דעם הויכען בערוף פון דעם פאנסיאָן. ווען איהר פאָטער וואלט איהר ערצויגען, וואלט זיא ארויסגעקומען אָפענהערציג, עהרליך און בראַוו, נאר דא האט זיא זיך אויסגעלערנט אלע מדות פון א פרוי. אָנפאנגס איז זיא ניט געפעלען געווארען איהרע חברתעס מיט איהר מאכען מיט דיא הענד, מיט איהר קלינגענדען קול, ווייל יענע צעהן־יאהריגע לאלקעס (פופען) זיינען שוין געווען זעהר קלוג און האבען שוין געוואוסט וויא זיך צו היטען, אז אפילו א קנייטשעלע פון זייער קליידעלע זאל ניט פערלירען דיא פאָרמע. זיי האבען זיך געשפיעלט זעהר ווענינ און האבען געשפאצירט איבער דיא גאָרטענס מיט דיא גרויסארטיגע מינע פון ערוואקסענע פרויען פון דיא הויכע קרייזען, און האבען שוין בעגעגענט אינגלאך פון זייערע יאָהרען, וועלכע האבען זיי צוגעוואָרפען קוסען מיט דיא שפיץ פינגער פון זייערע הענד אין האנדשוה.

מאגדאלען האט פיעל געלערנט פון איהרע חברתעס און ווען זיא איז געוואָרען עלטער, האט זיא זיך צוגעהערט מיט געשפאנטע נייגיערדע צו אלץ, וואס זיי האבען דערצעהלט.

דאס שלימסטע איז געווען, דיעזע קליינע בעשעפעניסען האבען פריי גערעדט צווישען זיך פון דיא אינגלאך, וואס זיי האבען בעגעגענט, וועהרענד זיי זיינען געווען צו בעזוך אין דער היים. זיי האבען געשריעבען בריעף צו אויסגעטראכטע געליעבטע און האבען דיא בריעף געלעזט אין דער הויך און דערנאך פערניכטעט. אין דיעזע בריעף האבען זיי אָפט אויסגעשפראָכען זייער וואונש, אז עמיצער זאל מיט זיי א מאָל אנטלויפען ביי נאכט. אזעלכע געשפרעכען האבען גאר ניט געשאדט דיא קליינע לייכטזיניגע בעשעפענישען ; נאר מאגדאלע איז געווען גאָר פון אנדער שטאָף און זיי האבען אויף איהר געמאכט א שטאַרקען איינפלוס, וואס האט זיך געלאזט פיהלען שפעטער אין איהר לעבען.

פערא׳ס טאָכטער האט גע׳ירש׳עט פון איהר פאָטער א קלארען פערשטאנד און א לאָגישען קאָפ, און ווערענדיג עלטער, האט זיא געזוכט צו פארמירען איהרע אידעען אויף דעם פונדאמענט, וואס זיא האט געבויט אין פאנסיאָן. זיא האט ארויסגעפראגען פון דיא געשפרעכען מיט איהרע פריינדינען, אז עס איז דעכט ש

ליעבען וועלכען מאנספערזאן עס איז, אז איינער איז נים ערנער פון דעם צווייטען. דאס ווארט הייראט האט מען זעלטען געהערט צווישען איהרע חברתעס און אזוי וויא מאנדאלענס אידעען זיינען געווען איינפאך, האט זיא זיך פארגעשטעלט, אז מען קען אויסקלייבען א געליעבטען אין גאס און אוועקגעהן מיט איהם געארמט. זיא זיא האט מיט איהרע חברתעס גערעדט פון ליעבע, וויא פון א טואלעט און האט געזאגט דאס זעלבע, וואס זיי, אז ווען זיא וועט האבען א געליעבטען, מוז ער אנט־לויפען מיט איהר.

שפעטער, ווען זיא האט שוין עפעס ערפאהרען אין לעבען, פלעגט זיא שמייכ־לען, ווען זיא פלעגט זיך דערמאנען וועגען איהרע קינדערשע געדאנקען, דאך מיעף אין איהר זעעלע איז אויף אימער פערבליבען דיא אידעע, אז עס איז לאגיש און עהרליך צו זאגען צו א מאנספערזאן, אז דוא ליעבסט איהם, ווען דוא פיהלסט אזוי.

אזא כאראקטער וויא איהרער האט געקענט ווערען נאבעל און שטארק, ווען זיא זאל זיך ערציהען אונטער אנדערע אומשטענדען. ביי א גוטע ערציהונג וואלט זיא געקענט קעמפפען מיט דער שוואכקייט, וואס זיא האט געירש'עט פון איהר מוטער, און איהר לעבען וואלט געווען נאר אן אנדערעס. נאר דיא ערציהונג אין פענסיאן האט אין איהר מעהר ענטוויקעלט צו שוואכקייט. איהרע לעהרערקעס זיינען נים געפעלען געווארען איהרע אפענע אינגעלשע מאנירען און האבען געזוכט צו מאכען פון איהר א פערשטעלטע, היפאקריטישע מיידעל, און אויב זיי איז דאס נים געלונגען אין גאנצען, איז דאס ווייל איהר נאטור האט זיך נים געלאזט אין גאנצען ברעכען. יעדען טאג פלעגט זיא הערען דיא שפרוך:

— זיי נים אזוי גראב און אזוי ענערגיש. זיי צארטער און לאנגזאמער מיט דיינע בעוועגונגען און מיט דיין ריידען. דאס וועט זיין פיעל גראציעזער.

— זיא האט פערלארען איהר ענערגיע און האט קיין זאך אנשטאט דעם נים ערווארבען. זיא האט קיין מאל נים בעגריפען דיא פליכטען פון א פרוי, נאר איהר ליעבע צו עהרליכקייט און אפענקייט, האט איהר קיין מאל נים פערלאזען. זיא האט געוואלט געהן צו איהר ציעל גלייך וויא א מאן, נאר דיא זעלטזאמע שוואכ־קייט, וואס פלעגט איהר בעפאלען צייטענווייז, האט איהר נים צוגעלאזט. זיא האט קיין מאל נים געזאגט קיין ליגען און איז געווען שטארק גענוג צו שטארבען פון שאנדע, ווען דער טאג זאל א מאל קומען, ווען זיא זאל בעגעהן עפעס א נידער־טרעכטיגקייט.

איהר אפיקון כאבערישא איז צו איהר געקומען זעלטען און ווען ער איז גע־

קומען זעהן איהר, האט ער איהר נאר א גלעט געטהאן אין בעקיל און געזאגט, אז זיא זאל זיין א גוטע מיידעל. א מוטער וואלט אויסגעפונען און פעררוכט דיא פעהלער׳ן. זיא האט אבער ניט געהאט, ווער עס זאל איהר ווייזען דעם וועג. איהרע חברתעס האבען פערבראכט דוא זונטאגדינע טעג מיט זייערע עלטערן און אויף אזא אופן האבען זיי עפעס געקענט פון לעבען. זיא אבער איז קיין מאל פון פאג־סיאן ניט ארויס געגאנגען אפילו אין וואקאציע־צייט (וואקיישאן).

ניין יאהר זיינען אזוי אריבער. מאנדאלען איז אלט געווארען פופצעהן יאהר און האט געוואוסט אביסעל מוזיק, האט געקענט טאנצען, מאלען אין וואסער־קאלי־רען, אויסנייהען אין אלערליי ארטען, נאר זיא האט ניט געקענט פערזייטען א האנדטוך און אויסבעטען איהר אייגענע בעט.

## III.

ווען מאנדאלען איז אלט געווארען פופצעהן יאהר, האט לאברישא אנגעה־בען קומען צו איהר געוואהר ווערען כמעט יעדען טאג. ענדליך האט ער זיא געפרעגט, אויב זיא וויל פערלאזען דעם פאנסיאן. זיא האט זיך ניט געיאגט שטארק ארייג־צוטרעטען אין דער וועלט, נאר דיא זיסליבע שטימען פון איהרע לעהרערקעס און דיא געקינסטעלטע מאנירען און גראציעס פון איהרע חברתעס זיינען איהר פערהאסט געווארען. און דאריבער האט זיא געענטפערט איהר אפיקון, אז זיא איז פארטיג ארויסצוגעהן פון פאנסיאן יעדע מינוט.

אויפ׳ן צווייטען טאג איז זיא מיט איהרע זאכען אוועקגעפאהרען אין א הויז וואס לאברישא האט ניט לאנג געקויפט אונטער דער שטאדט.

דער אפיקון האט געהאט א געוויסען פראיעקט, ער האט זיך צוריקגעצויגען פון זיינע געשעפטען צו זעכציג יאהר. איבער דרייסיג יאהר האט ער געפיהרט זעהר אן אונבעקוועמעס לעבען, ניט וויסענדיג וואס הייסט גוט עסען און וואס הייסט פרויענצימער געזעלשאפט. אזוי וויא פערא האט ער אויך ליעב געהאט ארביי־טען. נאר ער האט אבגעלייגט צו געניסען פערגניגען פון לעבען, ווען ער וועט ווערען רייך. ווען יענער טאג איז געקומען, האט ער געקויפט א שיינע הויז, האט געדונגען א קיכער און האט זיך פארגענומען חתונה צו האבען מיט דער טאכטער פון זיין אל־טען פריינד.

מאנדאלען האט געהאט ווענינ געלד, נאך דערפאר זעהר שעהן, און אויסער דעם האט ער געהאט גענוג צייט זיך צו בעטראכטען. זיא איז נאך געווען זעהר יונג און ער האט נאך נוט נטוואלט מיישב זיין זיך. פיער יאהר לאנג האט זיא געלעבט

ביי איהם רוהיג; אכות, זיא האט אויסגעביטען איין געפעננגים אויף'ן צווייטען, נאר זיא האט נאר ניט נעהאט צו איהר אפיקון, וואס האט פון איהר קיין מאל קיין אויג ניט אראבגעלאזט. זיא האט געשיינט ניט צו האבען קיין לוסט ארויסצוגעהן ערגעץ, און האט צופריעדען פערבראכט איהרע טעג ביים שטיקען. לאברישא איז געווען זעהר צערטליך צו איהר; ער האט אפט גענומען איהרע שלאנקע הענד אין זיינע און האט איהר געקוסט אין איהר ליכטיגען שטערן.

זיא האט רוהיג צוגענומען זיינע לאסקעס, נאר א מאל ווען דער אלטער מאן האט זיך פערגעסען און האט איהר א קוש געטהאן אין דיא ליפען, האט זיא איהם מיט שרעק אבגעשטויסען און האט איהם דערנאך שטארק אויסגעזידעלט.

ווען ער וואלט איהר ניט געווען בעליידיגט, וואלט זיא אפשר מיט איהם חתונה געהאט מיט דער צייט, נאר איצט האט זיא איהם רוהיג געזאגט, אז זיא וועט א נאכט ניט שלאפען מיט איהם אונטער איין דאך און איז ארויס פון שטוב.

ווען לאברישא איז געבליבען אליין האט ער בעגריפען דעם שרעקליכען פעהלער, וואס ער איז בעגאנגען, ווייל ער האט גוט געקענט מאגדאלען און האט געוואוסט, אז זיא וועט האלטען איהר ווארט.

ער איז געווען נערעכט. מאגדאלען האט פערלאזען דיא הויז נאך האלבער נאכט; זיא איז געגאנגען אין דער ריכטונג צום טייך סענא און האט געזאגט צו זיך, אז זיא וועט אזוי ארומגעהן א גאנצע נאכט און אין דער פריה וועט זיא דינגען א צימער. זיא איז געווען זעהר טרויעריג און ביים געדאנקען ווענעז דעם אלטען אפיקון איז איהר דאס לעבען נמאוס געווארען.

זיא האט גענומען געהן אין איין אנדער גאס, אום אויסצומיידען א גאנצע חברה סטודענטען, וואס זיינען געקומען איהר אנטקעגען און האבען דיא קופט פול געמאכט מיט זייערע קולות. באלד האט זיא זיך ארומגעזעהן, אז מען פערפאלגט איהר און זיא האט אנגעהויבען צו געהן גיכער. נאר דער מאן, וואס איז איהר נאכגעגאנגען, האט אויך געטהאן דאס זעלבע און אין גיכען האט ער איהר אנ־געיאגט.

זיא האט זיך צו איהם אומגעקעהרט און מיט דער אפענהערציגקייט, וואס איז געלעגען אין איהר נאטור, האט זיא איהם אין קורצען דערצעהלט איהר געשיכטע. ער האט איהר געגעבען זיין ארם און האט איהר איידעל געראטהען, זיא זאל אננעהמען זיין גאסט־פריינדשאפט.

דער יונגער מאן איז געווען פון הויכען וואוקס מיט א קלוגע און אנגענעהמע

נעזיכט. מאנדאלען האט א מינוט געקוקט אויף איהם שטום, דאן האט זיא צו־טרויליך אנגענומען זיין ארם.

ער האט געוואוינט אין א צימער אונטער'ן דאך און האט איהר געזאגט, אז ער טרעט איהר אב זיין בעט און אליין וועט ער שלאפען ביי א חבר א סטודענט אין איין אנדער צימער. מאנדאלען האט זיך א וויילע געשלאגען מיט דער דעה. זיא האט געזעהן ליולקעס (פייפס) און שווערדען אויף דיא וואנד און האט בע־מערקט א פאאר פרויענצימערס האנדשוה אויפ'ן טיש.

אויפ'ן צווייטען טאג האט מאנדאלען אויסגעפונען אז זיא איז דעם סטודענטס געליעבטע. און ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז דיא געשיכטע, וואס זיא האט איהם דערציילט איז אן אמתע, איז ער געווען פערוואונדערט. ער האט פריהער גע־דענקט, אז דאס איז איין אויסגעקלערטע געשיכטע, וויא עס טהוען אפט דיא נאכט־וואנדלערינס. און דאס האט איהם מעהר געפיינגט, וויא געפרייט, ווייל ער האט געדענקט צו געבען איהר נאר דיא נאסט־פריינדליכקייט אויף א נאכט און צוריק שיקען איהר אין דער פריה.

— מיין ארים קינד, האט ער צו איהר געזאגט טרויעריג, פערגיעב מיך און פערגעס מיך. אין עטליכע וואכען ארום דארף איך פערלאזען פראנקרייך און איך ווייס ניט, צו איך וועל ווען אומקעהרען זיך צוריק.

זיא האט א פאר מינוט געקלערט, וואס צו טהון און האט דאן געזאגט:

— לאז מיר זיין דא אזוי לאנג, וויא דוא בלייבסט אין פאריז, דאס וועט זיין פיעל אנשטענדינער.

דיא נאאיוויטעט, דיא תמימות פון דיא לעצטע ווערטער האט איהם זעהר גערירהט. ער האט גוט געוואוסט, אז ער האט זיך זעהר פערשולדיגט געגען דיזען קינד. ער האט איהר ארומגענומען און געזאגט פריינדליך, אז זיא קען זיך פיהלען, וויא אין דער היים.

דעם זעלבען טאג איז מאנדאלען אוועק צום אפטעקן נאך איהרע זאכען און האט איהם קאלט געזאגט, וואס זיא דענקט פון איהם. טורא האבענדיג פאר א סקאנדאל, האט דער אלטער איהר געגעבען דיא זאכען און דיא פאפירען, וועלכע האבען איהר פערזיכערט דיא צוויי טויזענד פראנק א יאהר.

דאס געלד האט איהר פערשאפט גרויסע פרייד, דען דאס האט איהר ער־לויבט צו בלייבען מיט איהר געליעבטען און ניט פיהלען זיך פערקויפט צו איהם.

אבענדצייט איז זיא שוין געזעסען אין איהר נייע וואוינונג ביי איהר שטיקערי און האט זיך געפיהלט גאנץ היימיש. זיא איז ניט רוים געווארען, ווען זיא האט

געטראכט פון דיא לעצטע פיער און צוואנציג שטונדען. זיא האט נאך ניט געקענט בעגרייפען דיא שרעקליכע פאלגען, דיא צוקונפט איז געווען פערהילט, פערדעקט, פערשלייערט פאר איהר.

איהר געליעבטער האט ניט געהאט פאר איהר מעהר רעספעקט, וויא מענער האבען געוואוינליך אין א זעלבע פעלע. נאר ער איז געווען ביז א געוויסער שטופע גוטמוטהיג, האט גיך פערגעסען זיינע געוויסענס־ביסע און האט זיך אויפגעהערט צו קימערן, וואס וועט זיין מיט איהר. ביי א געוויסען גראד איז זיא איהם געפעה־לען געווען; זיא איז געווען שיין און ער איז געווען שטאלץ צו וויזען איהר זיינע פריינד.

פיעל זאכען וואלטען איהר פיליכט ניט געווען געפעלען, ווען זיא זאל איהם ניט ליעב האבען אזוי שטארק. ער איז געווען לייכטזיניג און פרייליך און האט איהר געמאכט לאכען וויא א קינד פון אזעלכע זאכען, וואס האבען איהר בעליידיגט. אהן איהר וויסען איז איהר נאטור קארופטירט געווארען און האט זיך אריינגעצווינגען אין איהר שאנדע.

דער סטודענט האט געענדיגט זיין שטודיום און האט געקריגען א שטעלע פון א דאקטאר אין דיא ארמיי און האט יעדען טאג ערווארט א בעפעהל צו פאה־רען. נאר מאנאטען זיינען אריבער און ער האט קיין בעפעהל ניט ערהאלטען. דער־וויל האט מאגדאלען יעדען טאג ערווארטעט אז מארגען וועט זיא ווערן אן אלמנה. אנפאנגס האט זיא געדענקט, אז זיא וועט מיט איהם בלייבען נאר א פאר וואכען, נאר דאס האט אנגעהאלטען א יאהר. דיא ערשטע צייט האט זיא צו איהם גע־פיהלט נאר א פריינדשאפט, דערנאך האט זיא אנגעהויבען מורא צו האבען פאר זיין אוועקפאהרען, ער איז געווארען א טהייל פון איהר לעבען און נויטהיג פאר איהר גליק, אבוואהל זיא האט ניט געפיהלט צו איהם קייןליידענשאפטליכע ליעבע.

א מאל האט זיא בעגלייט דאס ווייב פון א פעררייקטען סטודענט אויפ'ן לאנד. זיא האט געהייסען לואיזע און האט געהאט מיט'ן סטודענט א קינד, וועל־כעס האט זיך געפונען ביי אן אם א פאר מייל פון פאריז און וועלכעס זיא איז געפאהרען זעהן.

זיצענדיג מיט איהר אין וואגאן אויפ'ן וועג צוריק נאך פאריז, האט זיא ניט געקענט פערגעסען דעם איינדרוק פון דער סצענע, וואס זיא האט בייגעוואהנט צווישען דער מוטער און קינד. זיא האט פלוצים פערשטאנען איהרע איינענע לאגע. זיא איז געווען אונגעדולדיג צו זעהן וואס ניבער איהר געליעבטען און בעטען איהם, אויף דיא קניע, ער זאל מיט איהר חתונה האבען.

זיא איז ארײַנגעלאָפען אויף דיא טרעפ אין גרויס האסט און ווען זיא האט געעפענט דיא טהיר, איז זיא געבליעבען שטעהן פערוואונדערט. ישאק איז געשטאנען אויף דיא קניע און האט אײַנגעפאקט דיא זאכען אין א קאסטען. ביי דער זייט איז געשטאנען א האלב פערפאקטער טשעמאָדאַן און נאך א קאסטען איז שוין געוועזען פערשלאָגען. מאנדאלענעס קליידער און זאכען זיינען געוועזען אַנגעוואָרפען אויפ'ן בעט.

ישאק האט געקריגען דעם ערווארטעטען בעפעהל אזוי גיך, וויא מאנדאלען איז ארויסגעפאָהרען מיט לואיזען, און האט אזוי גיך וויא מעגליך געזוכט צו פער־פאקען דיא זאכען, האָפענדיג, אז איהם וועט געלינגען צו פערלאזען זיין וואוינונג, נאך איידער זיא וועט קומען. ער האט געגלויבט, אז דאס וועט זיין דער פעסטער וועג צו זעגענען זיך מיט איהר און ער וועט איהר שרייבען א בריעף און ערקלערן אלץ.

ווען ער האט זיך אבגעקעהרט פון קאסטען און דערזעהן איהר, האט ער ניט געקענט איינהאלטען ניט צו מאכען אַן אונגעדולדיגע בעוועגונג. נאר ער האט זיך אויפגעהויבען און איז איהר אנטקעגען געגאנגען מיט א געצוואונגענעם שמייכעל.

— מיין ארם קינד, האט ער געזאגט און א קוש געטהאָן איהר. מיין שטונדע איז שוין געקומען. איך האב געוואלט אָבפאָהרען און ניט זעגענען זיך מיט דיר, אום אויסצומיידען א ביטערע סצענע פאר אונז ביידען.

מאנדאלען איז אראבגעזונקען אויף א שטוהל. זיא איז געוועזען זעהר בלייך און האט געקוקט דא אויף דיא קאסטענס און דא אויף איהרע אייגענע זאכען, וויא זיי זיינען געוועזען אָנגעוואָרפען אויפ'ן בעט. זיא איז שוין איצט מעהר גאר ניט פאר איהר געליעבטען.

ער האט פערשלאָסען זיין לעצטען קאסטען.

— זיי שיקען מיך אוועק אזוי ווייט וויא מעגליך, האט ער געזאגט און גע־פרובט לאכען. איך פאָהר נאך קאָכין־כינא.

מאנדאלען האט ענדליך געפונען דיא שפראך.

— זעהר גוט, האט זיא געענטפערט מיט א הייזעריגען קול. איך וועל געהן מיט דיר צום וואָקזאל (באהן).

זיא האט געפיהלט, אז זיא האט קיין רעכט ניט צו מאכען איהם אירגענד וועלכע פאָרווירפע. ער האט איהר פריהער געוואָרענט, נאר זיא אליין האט געוואלט פערבלייבען ביי איהם. נאר דאך האט זיא געפיהלט, אז זיא וואָלט זיך גערן גע־

וואַרפען צו איהם איפ'ן האַלז און בעטען איהם, ער זאָל בלייבען. איהר שטאָלץ אָבער האָט איהר צוגעשמידט צום שטוהל און זיא האָט זיך קיין ריהר ניט געטהאָן. זיא האָט געוואָלט ערשיינען רוהיג און ניט ארויסווייזען דעם יונגען מאַן, וואָס האָט פריילִיך געפייפט מיט'ן מויל, וויא שטאַרק זיא ליידעט.

פאַרנאַכט זיינען געקומען זיינע פריינד צו בעגלייטען איהם. מאַנדאַלען האָט געשמייכעלט און איהר געליעבטער, וועמען עס איז גרינגער געוואָרען אויפ'ן האַרצען פון איהר שמייכעל, האָט אנגעהויבען צו שפּאַסען און צו לאַכען. ער האָט קיין מאָל ניט געפיהלט צו איהר מעהר וויא אַ שטאַרקע פריינדשאַפט, און איהם האָט געפרייט, וואָס ער זעהט איהר אַזוי רוהיג.

ווען דער צוג האָט שוין געהאַלטען אין אָבגעהן איז ער געוועזען שלעכט געגוג, אַליין ניט וויסענדיג, וואָס ער טהוט, און געזאָגט איהר:

— מיין קינד, איך הייס דיר ניט, דוא זאָלסט אויף מיר וואַרטען. טרייסט זיך וויא דוא קענסט און פערגעס מיך.

ער איז אַוועק. אויף מאַנדאַלען'ס ליפּען האָט געשפּיעלט אַ זעלטזאַמער טרויעריגער שמייכעל און זיא איז לאַנגזאַם אַוועק פון וואָקזאַל. זיא האָט גאָר ניט בעמערקט, וויא איינער פון זשאַק'ס חברים איז געגאַנגען ביי איהר זייט, און האָט ניט געהערט פון פערצווייפלונג, וואָס ער רעדט צו איהר.

פּלוצים האָט זיא פערשטאַנען, וואָס ער מיינט, און האָט אַ שטויס געטהאָן זיין אָרם מיט אַ בעוועגונג, וואָס האָט אויסגעדריקט אַ שרעקליכע פעראַכטונג. זיא האָט זיך געאיילט צו איהר וואוינונג און האָט זיך פערשלאָסען אין איהר צימער.

זיא האָט נאָך קיין מאָל ניט פערשטאַנען, וויא שרעקליך איהר לאַגע איז, וויא איצט. מען לאָזט איהר אפילו ניט אויסוויינען זיך. עס שיינט, אַז זיי דענקען, אַז זיא קען פערגעסען איהר געליעבטען אַזוי גיך. וויא נור ער האָט אָבגעווענדעט פון איהר זיין רוקען.

זיא האָט נאָך געפיהלט זיינע קושען אויף איהרע ליפּען און זיא האָט געזאָגט אַז זיי וועלען דאַרטען ברענען אויביג.

מיט די טרערען אויף די אויגען האָט זיא זיך געגעבען אַ שבועה, אַז זיא וועט אויביג בלייבען אַן אלמנה.

דיזע נאַכט איז זיא שוין ניט געשלאָפען אין יענעם צימער. דאָ האָט זיך גלייך אריבערגעצויגען אין אַן אַנדער האָטעל אויף אַן אַנדער נאָמען. זיא האָט דאָר־טען פערבראַכט אין איינזאַמקייט און פערצווייפלונג צוויי חדשים לאַנג. זיא האָט

אַרדענקם איינצושליסען זיך אין א קלויסטער, נאר דערצו האט זיא נים געהאט גענוג גלויבען.

מען האט איהר אין איהר קינדהייט ניט געלערנט ליעב צו האבען גאָט.

אין דער צייט האט זיא זיך בעגעגענט מיט וויליאמען.

**.IV**

ווענטייל איז א קליין שטעדטיל וואס צעהלט צעהן טויזענד איינוואהנער און געפינט זיך אויף'ן גרענעץ פון נארמאנדיע. דיא גאסען זיינען ריין, איינזאם און שטיל. צום אייזענבאהן דארף מען פון דארטען פאהרען פינף מייל פער אקס.

דיא עבענע, דער פריין ארום שטאדט איז זעהר פרוכטבאר, גרויסע לאנקעס ארומגערינגעלט מיט הויכע בוימער מאכען א פיינעם אויסזעהן.

אין דיזען איינזאמען פלאץ איז געבארען געווארען וויליאם. זיין פאטער גראף דע וויארג איז געוועזען איינער פון דיא לעצטע פארשטעהער פון דעם אלטען אדעל. ער איז געבארען געווארען אין דייטשלאנד אין דער צייט פון דער עמיגראציאָן, ווען דיא פראנצויזישע אריסטאקראטען זיינען אנטלאפען פון פראנקרייך, מורא האבענדיג פאר דער קומענדער רעוואלוציאָן, און איז צוריק געקומען אין פראנקרייך מיט דער קייזערליכע פאמיליע דיא בורבאָנען; וויא אין א פרעמדען פיינדליכען לאנד. זיין מוטער איז פערטריבען געווארען פון פראנקרייך און איז געשטארבען אין בערלין. זיין פאטער איז געשטארבען אויף'ן עשאפאָט אין דער צייט פון דער רעוואלוציאָן. ער האט ניט געקענט פערגעסען דער ערד, וואס האט איינגעזויגען דאס בלוט פון דער גילאָטינע. דיא בורבאָנען, וואס האבען צוריק אריינגענומען דיא מלוכה אין דיא הענדע, האבען איהם צוריקגעגעבען דיא גיטער פון זיין פאמיליע און זיין טיטול, נאר ער האט ניט אויפגעהערט צו האסען דאס שרעקליכע פריינקרייך וועלכע ער האט בישום אופן ניט געוואָרט אנערקענען פאר זיין פאטערלאנד. ער האט זיך לעבעדיג בעגראבען אין ווענטייל און אבגעזאגט זיך צו נעהמען א שטעלע ביים האף, וואס לואיס דער XVIII און קארל דער X האבען איהם אנגעבאָטען. ער האט ניט געוואלט אנגעהמען קיין זאך פון א פאָלק, וואס האט ערמארדעט זיינע עלטערן.

ער האט אפט ערקלערט, אז ער איז ניט קיין פראנצויז, האט גערופען דיא דייטשען זיינע לאנדסלייט און האט געזאגט, אז ער לעבט אין גלות.

ער איז נאך געוועזען זעהר יונג, ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט אין פראנקרייך, און איהם איז געוועזען זעהר אומעדיג אין דעם לײדיגען לעבען וואס ער האט

געפיהרט. ער האט זיך אנגעהויבען אבצוגעבען מיט בעמיע. ער איז געווען א זעלטזאמער געלעהרטער: ער האט נאר געלערנט פאר זיך אליין, נאר צו פערטרייבען דיא צייט. דעם גרויסען זאלאן אין זיין שלאס, וואס האט זיך געפונען פינף מינוט גאנג פון שטעדטיל, האט ער פערוואנדעלט אין א לאבאראטאריע.

אין דיזען צימער האט ער פערבראכט גאנצע טעג, אהער האט קיינער ניט געטארט אריינקומען צו איהם און קיינער האט ניט געטארט ריידען מיט איהם פון זיין בעשעפטיגונג. דיא בעדיענטע האט ער שטרענג פערבאטען ארויסצוטראגען פון שלאס דיא מינדעסטע זאך, וואס האט געקענט ווארפען א ליכט, וויא ער פערברענגט דיא צייט.

מעהר וויא פערציג יאהר האט ער פערבראכט זיינע פריהמארגענס אין זיין לאבאראטאריע און דא האט ער פערגעסען פראנקרייך, פערגעסען דיא גילאטינע, וואו זיין פאטער האט פערלארען דעם קאפ פערגעסען, אז זיין מוטער איז בעגראבען אויף א פרעמדען בית עולם אין א פרעמדען לאנד, און ביסלעכווייז האט זיך דער ליידענשאפטליכער הערר פערוואנדעלט אין א קאלטען און שטאלצען סקעפטיק, צווייפלער. דער געלעהרטער האט אוועק געהרגע'ט אין איהם דעם מאן.

קיין מענשליכעס וועזען האט איהם ניט פערשטאנען. קיינער פון דיא, וואס האבען איהם ארומגערינגעלט, האט ניט פערשטאנען, וואס פאר א לעדיגקייט פוסטקייט עס הערשט אין זיין הארצען.

נאר איין מאל האט א בליץ געטהאן ביי איהם אין הארצען, א שעהנע יונגע פרויענצימער, אן אדוואקאט'ס א פרוי אין זיין שטעדטיל האט זיך במעט ארויפגעווארפען איהם אויפ'ן האלז. ער איז דאטאלם אלט געווען פיערציג יאהר און איהם האט נאר ווייניג געארט, וואס זיינע שכנים וועלען דענקען פון איהם און האט איהר אריינגענומען צו זיך אין שלאס. אין שטעדטיל איז געווארען א שרעקליכער סקאנדאל און מען האט איהם געוואלט פערשטיינען. נאר דער מאן אויס מורא ער זאל ניט פערלירען זיין פראקטיק האט פערשטאפט דיא אויערען און פערמאכט דיא אויגען צוויי יאהר לאנג און האט זיך געמאכט, וויא ער וויים פון קיין זאך ניט און אזוי וויא זיין ווייב איז נאר מיט א וויזיט ביי זייער פריינד דעם גראף.

אין שלאס האט זיא געהאט א קינד, נאר אין א פאר מאנאט נאכ'ן געבורט האט זיא פערלאזען דעם שלאס און דאס קינד און האט זיך צוריקגעקעהרט צו

איהר מאן, דען דארטען איז איהר געווען צו אומעדיג ווייל דער גראף האט פערב־
ראכט א העלפט פון זיין צייט אין דער לאבאראטאריע.

דער גראף האט דאס צוגענומען זעהר קאלט און האט זיך נאך איהר ניט
נעיאגט. דער אדוואקאט האט איהר צוריקגענומען גאנץ גלייכגילטיג, און פון דער
צייט האט זיא אנגעהויבען צו פיהרען אן אנשטענדיג לעבען, נאר דאס שטעדטיל
האט דעם סקאנדאל קיין מאל ניט פערגעסען און קיין מאל ניט פערגעבען.

וויליאם איז געווען דאס קינד, וואס איז געבארען געווארען פון דיזער
פערבאטענער ליעבע. זיין פאטער האט איהם צוגענומען מיט דער זעלבער גלייכ־
גילטינקייט, וויא ער האט צוגענומען זיין מוטער, פיהלענדיג א מין ארט פעראכטונג
צוביידען. ער האט איהם געהאלטען ביי זיך אין שלאס, כדי מען זאל ניט זאגען,
אז ער וויל בעהאלטען דיא שפורען פון זיין שלעכטער אויפפיהרונג, נאר ער האט
איהם געזעהן אזוי זעלטען, וויא נאר מעגליך, ווייל דיא עראינערונגען וועגען דער
מוטער איז פאר איהם ניט געווען זעהר אנגענעהם.

דאס ארים קליין איינגעל איז אויסגעוואקסען אין איינזאמקייט; זיין מוטער
האט קיין מאל ניט געפרובט איינצורעדען איהר מאן, ער זאל פערלאזען דאס
שטעדטיל, נאר דערפאר האט זיא אויך קיין מאל ניט געזוכט צו זעהן איהר קינד.
זיא האט ענדליך בעגריפען דיא משוגעת פון איהר אויפפיהרונג און האט געצי־
טערט פאר דיא פאלגען, וואס האט דערפון געקענט ארויסקומען.

דיא פלאץ פון א מוטער האט ביי וויליאמען פערטראטען אן אלטע דיענסט
זשענעוויוו. זיא איז אויפגעהאדעוועט געווארען אין שלאס מיט'ן גראפ'ס מוטער
און האט מיט איהר צוזאמען עמיגרירט. ווען דער גראף האט זיך צוריקגעקעהרט
אין פראנקרייך נאך זיין מוטער'ס טוידט, האט ער דיא דיענסט מיטגענומען, און
זיא האט געפיהרט דיא גאנצעווירטהשאפט. זיא איז געווען פון דער רעפארמיר־
טער קירכע און איז געווען אזוי פאנאטיש, וויא יעדער פון דיא קאלוואניסטען,*)
וועמעס בלוט עס האט געפליסט אין איהרע אדערן.

זיא איז געווען א הויכע און א דארע מיט איינגעראבענע אויגען און אן
אויסגעביינענע נאז און האט דערמאנט אן דיא מכשפות, וואס מען זעהט אויף

*) קאלוואניסטען זיינען תלמידים פון דעם פראנצויזישען רעפארמאטאר זשאהן קאלווין
(געבארען 1509, געשטארבען 1564) ביי דיזען רעפארמאטאר בעקומט גאט זעהר א בייזען
פנים, וואס וויים ניט וואס הייסט מוחל זיין פאר איין עברה, און איז נאך בייזער פון דעם
אידישען אל קנא ונוקם.

דיא אלטע בילדער. זיא האט מיט זיך שטענדיג ארומגעטראגען א גרויסע ביבעל מיט א רוקען פון אייזען כדי דער בונד זאל בעסער האלטען. זיא האט דיא ביבעל געלייענט אין דער פריה און ביי נאכט און האט געהאט פערגניגען פון דיא מורא־דיגע ווערטער, וואס דער שרעקליכער גאָט פון דיא אידען האט געשליידערט אויף זיין פאָלק ישראל.

דער גראף האט געדולדעט איהרע קאפריזען, ווייל ער האט געוואוסט איהר עהרליכקייט און אז זיא וועט ניט טהאן א זאך, וואס איז ניט רעכט. אויסער דעם האט ער אויף איהר געקוקט וויא אויף א הייליגען אנדענקונג פון זיין מוטער. זיא איז געוועזן מעהר אן אלמעכטיגע ווירטהין אין הויז וויא א דיענסט.

זיא איז שוין אלט געוועזן איבער זיבעציג יאהר און דאך האט זיא נאך גע־הערשט איבער'ן גאנצען שלאס און האט ארויסגעגעבען צו דיא בעדיענטע איהרע בעפעהלען. זיא האט שטארק ליעב געהאט אנצוואווארפען אויף זיי שווערע ארבייט און האט אליין געטהאן איהר טהייל ארבייט מיט דער ענערגיע פון א פרוי, וואס האט קיין מאל ניט געוואוסט, וואס הייסט צו זיין קראנק.

דיא גרעסטע פערצווייפלונג אין איהר לעבען איז געוועזן, וואס דער גראף האט זיך פערנומען מיט כעמיע. זיא האט געגלויבט פון גאנצען הארצען, אז ער ווערט א מכשף און ווען זיא פלעגט פערבייגעהן פערביי זיין פערשלאָסענע טהיר און האט געהערט דעם גערויש פון דעם בלאָז־זאק, פלעגט זיא פערברעכען דיא הענד מיט שרעק, ווייל זיא האט געגלויבט אז מיט'ן בלאָזען צופלאמט ער מעהר דיא פייערן פון גהינם.

א מאל ווען דיא טהיר פון סאלאָן אדער ריכטיגער געזאגט פון דער לאָבאָ־ראטאָריע איז געוועזן אָפען, האט זיא געהאט דעם קוראזש אריינצוטרעטען איגער־געניג און בעשווערען דעם גראף אין דעם נאָמען פון זיין פערשטארבענער מוטער, אז ער זאל אבראטעווען זיין נשמה, אבזאגענדיג זיך פון זיין גאָטלאָזע ארבייט. דער גראף האט איהר צערטליך אנגענומען פאר דיא אָקסלען און ארויסגעשטופט איהר פון דער טהיר, זאגענדיג איהר, אז ער וועט זיך איבערבעטען מיט גאט ווען זיין שטונדע וועט קומען צו שטארבען.

פון דעם טאָג אן האט זיא פאר איהם געבעטען טאג און נאכט און האט איהם אָפט געזאגט מיט עקזעלטאציע, מיט א מין התלהבות, אז זיא הערט וויא דער שטן וואנדערט ארום שלאָס יעדע נאכט און אז עס גרייט זיך פאר א גרויס אונגליק פאר זיי. ווען דעם אדוואקאט'ס ווייב איז געקומען אין שלאָס אריין, איז דיא געוואָרען אויסער זיך פאר צאָרן און האט געזאגט, אז זיא וויל ניט פערבלייבען

מיט אזא בעשעפענים אונטער איין דאך, און וועט איהר איבערגעבען איהר פלאץ.

זיא האט געהאלטען ווארט און האט זיך אריבערגעקליבען אין א קליין שטי־בעל, וואס איז געשטאנען ביים עק פון דעם פארק. צוויי יאהר לאנג איז זיא ניט אריבערגעטראטען דעם שוועל פון דעם שלאס. זיא איז געזעסען טאג און נאכט אין איהר שטיבעל און האט אויפ'ן קול געזאגט תהילים.

דער גראף האט איהר קיין ווארט ניט געזאגט; ער פלעגט איהר אפט בע־זוכען און אויסהערען שטיל און רוהיג איהרע פייערדיגע מוסר.

נאר איין מאל האט ער פערלארען זיין געדולד. ער איז מיט זיין געליעבטע געגאנגען איבערן פארק, פלוצים האט זיך דיא אלטע בעוויזען און האט זיך גע־ווענדעט צו זיין געליעבטע מיט א שפראך, וואס האט געגאסען פעך און שוועבעל. דיא סצענע איז געווען א שרעקליכע און עס איז זעהר מעגליך אז דער צארן און פעראכטונג פון דער אלטע פרוי האט פערטריבען גיכער דיא געליעבטע וויא עפעס אנדערס.

ווען זיא האט זיך דערוואוסט, אז דער שלאס איז ריין געווארען פון דער שאנדע, האט זיא זיך צוריקגעקעהרט צו איהר ווירטהשאפט זיא האט דארט גע־פונען דעם קליינעם וויליאם, דער געדאנק וועגען דעם קינד, ווען זיא האט זיך נאך געפונען ביי זיך אין שטיבעל, האט איהר אנגעפיהלט מיט שרעק. זיא האט איהם גערופען „דאס קינד פון זינד" און האט געזאגט, אז גאט האט איהם געשיקט אויף דער ערד, ער זאל בעשטראפען זיין פאטער. נאר ווען זיא האט דערזעהן דאס איינזאמע פערלאזענע קינד אין זיין ווינקעל, איז איהר דורכגעלאפען א ציטער פון קאפ ביז דיא פיס. דיא פרוי וואס האט קיין מאל ניט געוואוסט פון דעם גליק, וואס הייסט זיין א מוטער, האט ביי איהר פלוצים ערוואכט דאס געפיהל פון א מוטער און א ווייב.

זיא האט געגלויבט, אז דער שטן אליין וויל איהר דא אונטערשטעלען א פוס און זיא האט זיך מיט איהם געבארעט, געראנגעלט, געקעמפפט אזוי לאנג, וויא זיא האט געקענט. נאר דאס איז געווען אומזיסט, זיא האט זיך געמוזט אונ־טערגעבען און האט געכאפט דאס קינד און צוגעדריקט עס צו איהר ברוסט און האט געשווארען צו זיין א מוטער צו דעם קינד.

זיא איז פאר איהם געווען א זעלטזאמע מוטער. איהר ליעבע צו איהם איז געווען פערמישט מיט מיסטרויען. זיא האט יעדעס מאל, ווען זיא האט זיך איינ־געבויגען איבערן קינד, געפיהלט אויף איהרע אקסלען דיא נעגעל פון דיא ניט

גוטע, זיא פלעגט איהם קוקען אין דיא אויגען, אזוי וויא זיא וואלט ערוואַרט, צו זעהן דאָרט אין דער אונשולדיגע טיעפעניס א ליכט פון דעם גהינם, און האט זיך בשום אופן ניט געקענט ארויסשלאָגען פון קאָפּ, אז ביז א געוויסען גראד געהערט דאס קינד צום טייוועל. נאר דאס האט נאָך פערגרעסערט איהר צערטליכקייט צו איהם.

ווען וויליאם איז אַלט געוואָרען צוויי יאָהר, האט זיא אוועקגעשיקט זיין אם און האט איהם אין גאנצען גענומען אונטער איהר השגחה. דער גראף האט איהר געזאָגט מיט א סארקאסטישען שמייכעל, אז ער גיט איהם איבער צו איהר נאָר אין גאנצען און זיא קען איהם ערציהען אין וועלכע רעליגיאָן זיא וויל. איצט האט זיא זיך נאָך מעהר איבערגעגעבען צו איהם מיט דער האָפנונג, אז זיא וועט איהם קענען אבראטעווען פון דעם פייער פון דעם גהינם דורך דעם, וואס זיא וועט איהם מאכען פאר א גוטען קאלוואניסט, און ביז ער איז געוואָרען אכט יאהר אלט האט זיא איהם געהאלטען אין איהרע צימערן.

און דעריבער איז לייכט צו פערשטעהן, אז וויליאם האט בעקומען אן ערציהונג, וואס האט ערשיטערט זיינע נערווען. דיא קופּט, וואס ער האט געאטהעמט, איז געווען אנגעפילט מיט רעליגיעזע שרעקען. פון אין דער פריה ביז נאכט האט ער נאָר געהערט איהר רייסענדען קול, וויא זיא האט געזאָגט תהילים.

ווען זיא פלעגט איהם ארומנעהמען מיט א ליידענשאפטליכע ליעבע, האט זיא איבער איהם פערגאסען ביטערע טרערען, טראכטענדיג פון דעם שרעקליכען סוף, וואס איהם ערווארט אויף יענער וועלט. דאס האט געריסען, געצופּט זיינע נערווען און ער פלעגט זיך אָפּט צו וויינען גאר אהן א שום אורזאכע און גיסען שטונדען לאנג ביטערע טרערען.

ווען ער איז אלט געוואָרען זיעבען יאהר האט זיא איהם געלערנט דעם אלף בית אין איהר גרויסע ביבעל. דיא געלע בלעטער, דער אייזערנער בונד פון דעם אַלטען ספר האבען אויף איהם אנגעוואָרפען א שרעק. ער האט ניט פערשטאנען דיא ווערטער, וועלכע ער האט געשעפּטשעט, נאר פון דעם שרעקליכען קול, מיט וועלכען זיא האט זיי ארויסגערעדט, איז ער א פערציטערטער געוואָרען, און ער וואָלט פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט אנגעריהרט דיא ביבעל, ווען ער איז געווען אליין.

דיא אלטע פלעגט שטענדיג רעדען איבער איהם ווענען דעם גיהנם, ווענען דער טומאה און ווענען דעם צאָרן פון גאט. זיא האט אנגעפילט זיינע בעג מיט אזא שרעק. אז ביי נאכט פלעגט ער איינשלאָפען מיט א געוויין און איהם האט

נעדוכט, אז מען לעגט שוין אונטער א פייער אונטער זיין בעט'ל. זיא האט איהם יעדען טאג געזאגט, אז עס וואלט בעסער געווען פאר איהם, אז ער זאל שטארבען, ווייל דיא וועלט איז זעהר שלעכט. דאך פלעגט ער זיך צייטענווייז ארויסכאפען פון איהר'ע צימערן און א־ומקויפען איבער דיא פערוויסטעטע קארידארען פון דעם פער־לאזטען שלאס, נאר ער האט דאס געטהאן מיט גרויס שרעק, מורא האבענדיג ניט צו בעגעגענען זיך אין יעדען ווינקעל מיט דיא ניט־גוטע, פון וועלכע זשענעוויוו האט איהם דערצעהלט.

דעם נארטען האט ער שוין בעסער ליעב געהאט, נאר אפילו דארטען האט איהם דיא מורא ניט אבגעלאזט. צייטענווייז האט ער דארטען בעגעגענט זיין פא־טער און פאר איהם האט ער מעהר מורא געהאט, וויא פאר אלעמען.

א מאל האט דער גראף בעגעגענט וויליאמען, ווען ער איז שוין אלט געווען פינף יאהר. דער פאטער האט איהם גענומען אויף דיא הענד, האט איהם געקוקט אין דיא אויגען און מיט ערנסט בעטראכט זיין געזיכט. דאס קינד איז געווען שעהן און ליעבליך אין זיינע ריינע און פרישע קליידער און איז געווען עהנליך צו דעם גראפ'ס מוטער. דיא עהנליכקייט האט דעם גראף געריהרט און ער האט איהם א קוש געטהאן אין בריימען שטערן.

פון דעם טאג אן האט דער גראף שטענדיג געקושט דאס קינד און האט זיך בין א געוויסען גראד צוגעבונדען צו איהם. נאר דאס איז ניט געווען גענוג, אז ער זאל געווינען וויליאמ'ס הארץ און וויא נאר וויליאם האט געקענט, איז ער פון איהם אנטלאפען. דער גראף האט געהייסען דער אלטער, אז זיא זאל דאס קינד ערציהען אפען אלס זיין זוהן, און זיא האט פאר איהם פארגעשטעלט דעם פאטער, וויא א שרעקליכען און אלמעכטיגען הערר, און דאס האט אין וויליאמ'ס הערצעל געקענט ערוועקען מיהר מורא אלס ליעבע.

וויליאם איז אויםגעוואקסען אין מורא און אין גלויבען. ווען ער איז אלט גע־ווארען צעהן יאהר, האט איהם דער פאטער געשיקט אין שולע אין שטעדטעל, ווייל ער האט ענדליך אויסגעפונען דיא זעלטזאמע בעגריפע, וואס דיא אלטע האט אנגעשטאפט אין זיין קאפ און האט איהם מיט דעם געוואלט בעפרייען פון דעם שלעכטען איינפלוס, וואס זיא האט געהאט אויף איהם.

אין שולע האט וויליאם גענומען לערנען דאס לעבען און האט געהאט אויס־צושטעהן פערפאלגונגען, רדיפות, נגישות אויף יעדען טריט און שריט.

דיא יאהרען וואס ער האט פערבראכט אין שולע איז געווען פאר איהם א שרעקליכע אבקומעניס, אן אמת'ער חבוט הקבר. דיא קינדער פון שטעדטעל האבען

זיך איצט נוקם געווען אן איהם, האבען זיך אבגערעכענט פאר אלע קריוודעס, פאר אלע עוולות, וואס זייערע עלטערן האבען געהאט געגען זיין פאָטער. זיי האבען אלע געוואוסט, וויא אזוי ער איז געבארען געווארען און האבען דאס געגען דעם אונשולדיגען איינגעל אויסגענוצט.

וויליאם איז דערפון געוואר געווארען אזוי גיך, וויא ער איז אנגעקומען אין שולע. דאס ערסטע מאל וויא ער האט זיך בעוויזען אויפ'ן שפיעל־פלאַץ, האבען איהם אלע קינדער ארומגערינגעלט און געפרעגט, וויא ער הייסט. און ווען ער האט צושראָקען געענטפערט, אז זיין נאמען איז וויליאם, האבען זיי אויסגעשאַכען אין א געלעכטער. ער האט ניט פערשטאנען דיא בעליידיגונג און האט זיך צואוואוינט פאר שרעק, שטעהענדיג ארומגערינגעלט פון זיינע שונאים.

פון דעם טאג אן האט זיך אנגעהויבען זיין פייניגונג. דיא שטונדע פון אברות און שפיעלען זיך איז פאר איהם געווען א שטונדע פון יסורים. מען האט איהם ניט אויפגעהערט צו רופען מיט א בעליידיגענדען נאמען, וואס האט דאס גאנצע בלוט אריינגעטריבען איהם אין פנים, צוואר ער האט אליין ניט געוואוסט פאר וואס.

אלע זיינען געווען געגען איהם, אפילו דיא לעהרערס, וועלכע האבען דערמיט געדענקט אונטערקויפען זיך צו דיא רייכע בירגער פון שטעדטעל, וואס האבען געטראָגען א שנאה צום גראף. זיי האבען געשיינט צו האבען פערגניגען אין פייניגען דאס קליינע און שוואכע בעשעפעניס און האבען איהם געהאלטען אין איין בעשטראפען.

וויליאם האט אין גאנצען פערלאָרען דעם מוטה און פלעגט וויינען דורך האלבע נעכט אין בעטעל, וואו ער איז געשלאפען צווישען דיא איבריגע קינדער. זיינע צרות זיינען נאך געווען גרעסער דערפון, וואס זיין נאטור האט געדורשט נאך ליעבע און פריינדשאפט. און זיינע נערווען האבען שטארק געליטען פון יערע נייע בעליידיגונג.

— וואס האב איך זיי געטהאן, וואס זיי האבען צו מיר אזוי? פלעגט ער שרייען אין דער הויך, און ער פלעגט זיך דערביי דערמאנען אן דער לעהרע פון זשענעוויוו און איהם פלעגט אויסווייזען, אזביידע רוחות רינגלען איהם ארום און פייניגען איהם.

ער פלעגט זיך נאר אברוהען אין דיא ימים טובים, ווען ער פלעגט זיין אין דער היים. דאמאלס פלעגט ער זיך בעהאלטען אין דיא איינזאמע ווינקלען פון דעם פארק און דארטען פערברענגען דיא גאנצע טעג. פאר'ן פאָטער האט ער מורא געהאט זיך צו קלאָגען, נאר זשענעוויוו'ן האט ער געפרעגט, וואס זיינע חברים מיינען

מיט דייערע ווערטער און געזאָגט דערביי׳א, אז איהם וואלט פיעל ליעבער געווען, אז זיי זאלען איהם שלאָגען. זיינענדיג בייז, וואס דער גראף האט איהם צוגענומען פון אונטער איהר השגחה און בעטראכטענדיג איהם דאריבער אלס א פערקאָהרע־נעם אויף אויבין, פלעגט זיא איהם ענטפערן:

— דוא קומסט אב פאר דיא זינד פון דיא שולדינע.

דאס איינגעל האט ניט געקענט פערשטעהן וואס זיא מיינט, נאר אין איהר טאָן איז געווען אזוי פיעל צאָרן און בימערניס, אז ער איז שוין מעהר ניט געקומען קלאָגען זיך פאר איהר.

זיין מרה שחורה האט זיך פערגרעסערט, וואס עלטער ער איז געוואָרען, ווייל וואס ווייטער האט ער אַלץ מעהר פערשטאנען דיא בעליידיגונג, וואס דיא חברים האבען איהם געשליידערט אין פנים. ער האט זיך דערוואוסט, ווער זיין מוטער איז און וויא מען קוקט אויף איהר. ציטערנווייז פלעגט ער זיך ארויף ווארפען אויף זיינע בעליידיגער, וויא א ווילדע בעסטיע, נאר עפטער פלעגט ער זיך אבקערעווען און אויסוויינען זיך ערגעץ אין א ווינקעל.

ווען ער איז אלט געוואָרען א יאהר פופצעהן איז איהם געשעהן א צופאל, וועלכען ער האט ניט פערגעסען זיין גאנץ לעבען. א מאל, ווען אלע איינגראף פון שולע האבען מארשירט דורך דער שטאָדט, האבען זיך זיינע חברים אנגעהויבען צו קייכען פאר געלעכטער און איינער האט געזאָגט:

— אט געהט זיא. דאס איז דיין מוטער!

ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען און דערזעהן א פרוי געהן געארמט מיט א וואהלהאבענדען מאַן. איהרע אויגען האבען זיך בעגעגענט מיט זיינע, זיא האט אויף איהם געקוקט מיט נייגיערדע, נאר זיא האט אפילו קיין שמייכעל ניט גע־טהאָן. איהרע ליפען האבען זיך נור צוזאמען געפרעסט. דער מאָן, וואס איז מיט איהר געגאנגען האט געקוקט גלייך פאר זיך.

ווילאם איז געווען אזוי צומישט און אזוי שוואך, אז ער האט אפילו ניט גע־הערט דיא שפאסען. איהם איז קאלט געוואָרען ביז אין דער מארך און האט דער־פיהלט אז איהם איז נאך ערגער וויא א יתום.

צו דיעזער צייט האט ווילאם געקראגען א פריינד. דאס איז געווען א הויכער מיט א צוויי־דריי יאהר עלטער פון איהם זיין נאמען איז געווען זשאק בערטיע. ער איז געווען א יתום און האט געהאט אין שטערטעל א פעטער, וועלכער האט איהם אראבגענומען אין פאריז. ער זאל דא ענדיגען זיין שטודיום. ווייל ער האט געהערט, אז ער פיהרט זיך דארטען אויף ניט גוט.

זשאק האט נאנץ פרייליך אריבערנעטראָגען זיין גלות. זיין כח, זיין ענערגיע און זיינע פיינע פאריזער מאנערען און פראקטישקייט האבען איהם באלד געמאכט פאר דעם קעניג פון אלע שילער.

דעם ערסטען טאָג וואס ער איז נעקומען אין קאָללעדזש האט ער געזעהן, ווי א גרויסער יונג האט נענעבען וויליאמען א שטופ. זשאק האט איהם אָנגעכאפט פאר'ן קראגען און געזאָגט, אז ער וועט איהם נים לאָזען שלאָגען דיא אינגערע שי־לער. דערנאָך האט ער אנגענומען וויליאמען פאר דער האנד און איז מיט איהם ארומגעגאנגען דיא גאנצע רוה־שטונדע. דיא שילער זיינען געווען אויסער זיך און האבען נים פערשטאנען, וויא אזוי דער פאריזער האט געקענט אויסקלייבען אזא פריינד.

וויליאם איז געווען שטארק גערירט פון זשאק'ס פריינדשאפט און הילף. זשאק ווידער איז געווען זעהר גערירט פון וויליאמס טרויעריגע געזיכט און נאָך א לאנגען געשפרעך האט ער פערשטאנען, אז עס וועט זיין א שווערע אויפגאבע צו פע־טהיידינען איהם פון דיא איבריגע. נאר גראדע דיזע שוועריגקייט האט איהם בעוואוינגן דאס צו טהאָן.

— ווילסטו זיין מיין פריינד ? האט ער געפרעגט וויליאמען, געבענדיג איהם זיין האנד.

וויליאם האט אנגעכאפט זיין האנד מיט טרערען אין דיא אויגען.

— איך וועל דיך זעהר ליעב האבען, האט ער געזאָגט ווייך.

אויף מארגען אין דיא רוה־שטונדע האבען דיא שילער ארומגערינגעלט זשאק'ן און האבען איהם דערצעהלט וויליאמ'ס געשיכטע, זיינענדיג זיכער אז איצט וועט ער פון איהם נים וועלען וויסען. ווען זיי האבען געענדיגט, האט ער א ציה געטהאן מיט דיא אקסלען און געזאָגט :

— איהר זייט נאראָנים און איך וועל צוברעכען דיא ביינער דעם ערסטען, וועמען איך וועל הערען דערצעהלען דיא געשיכטע נאָך א מאל.

ער האט וויליאמען אנגענומען פאר דער האנד און ווידער געזאָגט :

זיי זיינען שלעכטע נאראָנים און אויב עמיצער פון זייא וועט דיך אָנריהרען, זאלסטו קומען מיר זאָגען.

פון יענעם טאָג אָן האט מען אנגעהויבען צו בענעהן זיך מיט וויליאמען מיט דרך ארץ. ווען איינער האט זיך אונטערגעשטעלט צו רופען איהם מיט דעם שאנד־ליכען נאָמען, האט מען איהם אזוי געשלאָגען, אז ער האט פערזאָגט א צעהנטען דאס צו טהאָן. וויליאם האט זיך צוגעבונדען צו זשאק'ן מיט ליב און מיט לעבען.

ער האט אויף איהם געקוקט וויא אויף א העכערעס וועזען. ושאק איז געוועזן זיין אבגאט און זיינע געפיהלען צו איהם זיינען געוועזן אויסגעמישט פון בעוואונדערונג, אונטערוואַרפענהייט און ליעבע.

ושאק האט עס אלץ אָנגענומען וויא א זאך וואס מוז אזוי זיין, דאך האט איהם געקיצעלט דיא איבערגעבענהייט פון דיזער שוואַכער און שטאָלצער נאַטור. און דיא צוויי יאהר וואס זיי האבען פערבראכט צוזאמען אין קאלעדזש האבען זיי איינער פון צווייטען נים אָבגעטראָטען.

וויא זיי האבען געענדיגט זייער שטודיום, האט זיך ושאק צוריקגעקעהרט אין פאריז צו הערען לעקציעס אויף דער מעדיציניש̈ער פאַקולטעט, און וויליאם איז געבליבען איינזאם אין שלאָס, ביינקענדיג נאך זיין חבר. ער איז איצט אלט געוועזן אכטצעהן יאהר.

איין טאג האט איהם זיין פאָטער אריינגערופען אין דער לאבאָראטאָריע. דאס איז געוועזן דאס ערשטע מאל, וואס ער האט אריבערגעטראטען דעם שוועל פון יענעם צימער. דער גראף האט געטראגען א בלויען פארטוך, וויא עס טראגען געוואוינליך דיא אפטייקארען ביי דער ארבייט. ער איז געוועזן שטארק געעלטערט, זיין געזיכט איז געוועזן פול מיט קנייטשען און אין דיא אויגען האט ביי איהם געברענט א זעלטזאַמעס פייער.

— איך האב געשיקט דיך רופען אום דיר צו ערקלערען מיינע פלענער וועגען דיין צוקונפט. זיי אזוי גוט און זאג מיר: פיהלסטו זיך געניינט צו עפעס א פראפעסיאָן.

נאר אזוי וויא וויליאם האט גלייך נים געענטפערט, האט ער פארטגעזעצט:

— זעהר גוט; אויב אזוי וועסטו נאך ניכער טהאָן, וואס איך פערלאנג. איך וויל נים, אז דוא זאלסט זיין א דאָקטאָר, און אדוואָקאט אדער דאס גלייכען.

בעמערקענדיג, אז וויליאם וואונדערט זיך אויף זיינע ווערטער, האט ער פארטגעזעצט אין א ביטערען טאָן.

— דוא וועסט זיין רייך און דוא קענסט זיין א נאר אדער א גליקליכער מאן; דאס הייננט אב פון דיר אליין און דאס ווענדט זיך אן דעם, וויא אזוי דוא וועסט קוקען אויפ'ן לעבען. מיר טהוט לייד, וואס איך האב דיר געגעבען אירגענד וועלכע בילדונג. געה אויפ'ן יאגד, שלאף און עסס — דאס איז מיין וואונש און פערלאנג. נאר אויב דוא האסט לוסט צו בעשעפטיגען זיך מיט גערטנעריי, וועל איך דיר עס ערלויבען.

דער גראף האט נים געשפאסט; ער האט גערעדט מיט א קלארע און ענט-

שלאָסענע שטימע און איז געוועזן זיכער אז זיין וואונש וועט ערפילט ווערען, און צום שלום האט זיין שטימע אָנגענומען עטוואס א דראָהענדען טאָן און ער האט פאָרטגעזעצט:

— מעהר פון אלץ פערלאנג איך פון דיר, אז דוא זאָלסט מיר שווערען, אז דו וועסט זיך נים אָבגעבען צו קיין וויסענשאפט נאך מיין טוידט זאָלסטו פערמאַכען די טהיר פון דיזען צימער און מעהר קיין מאָל ניט עפענען, עס איז גענוג, אז איינער פון אונזער פאמיליע האט זיך דא איינגעמויערט. פערשטעה מיך גוט, דוא דאַרפסט קיין זאך ניט טהאָן און זעה צו זיין גליקליך.

וויליאם האט שוין געהאלטען ביים פערלאזען דעם צימער, ווען זיין פאטער, פלוצים נעריהרט פון א געפיהל, וואס ער האט ניט געקענט בעהערשען, האט איהם אנגענומען פארביידע הענד און, צוציהענדיג איהם צו זיך, געמורמעלט;

— פערשטעהסטו, מיין קינד, אויב מעגליך זעה צו האבען א ריינעם הארץ און אן איינפאכע נאטור.

דיזע סצענע האט אזוי געריהרט וויליאמען, אז פון יענער צייט אן האט ער געוויזען דעם פאטער ניט נאר מעהר רעספעקט, זאָנדערן אויך מעהר ליעבע. ער האט פערשטאנען, אז ער טראָגט זיינע צרות אין געהיים, און אין די דריי פאָלגענדע יאהרען נאך דעם געשפרעך האט ער איהם געפאָלגט אין אלע זיינע בעפעהלע.

די דריי יאהר האט ער פערבראכט אין שלאָס און האט געוואוסט יעדען שטיין און בוים מיילען ארום. די צערטליכקייט און גוטסקייט פון זיין נאטור האבען זיך נאך שטארקער ענטוויקעלט. ער האט זיך צוריקגעקעהרט צו די טרוימען, צו די חלומות, צו די פאנטאזיעס פון זיין קינדהייט, און האט געטרוימט פון א געטין פון וואלד, אדער פון וואסער, אדער פון בערג, פון א נימפע; וועלכע ער וועט אראבברענגען צו זיך אין שלאָס און וועלכע וועט איהם זיין א חברתה אין זיין איינזאמקייט.

ער האט זיך די גאנצע צייט געפיהלט גאר נישקשה'דיג; ווען ער פלעגט דורכגעהן דאס שטעדט'ל, פלעגען די חברים בעגעגענען איהם מיט גרוים רעספעקט, וויל אלע האבען איצט געוואוסט, אז ער וועט זיין דער יורש פון דעם גראף. זיין איינציגע מורא — א מורא וואס איז געוועזן אויסגעמישט מיט האפנונג — איז געוועזן פאר א בעגעגענים מיט זיין מוטער. נאר ער האט איהר קיין מאָל ניט געזעהן, צוואר זיא איז איהם קיין מאל פון זינען ניט ארויס. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי זיא האט דאס געקענט גאר אין גאנצען פערגעסען אין איהם.

ער איז אוועק צו זשענעוויוו און האט איהר נעפרעגט, אויב עס איז ניט זיין פליכט צו זוכען זעהן זיין מוטער.

זשענעוויוו האט איהם נעענטפערט שארף, אז ער מוז זיין פערריקט.

— אויסער דעם, האט זיא צונעגעבען, איז זיא שוין טוידט, בעט פאר איהר נשמה.

זשענעוויוו האט נאך אלץ ליעב נעהאט וויליאמען, ניט קוקענדיג אויפ'ן ש־עק, מיט וועלכען דיא ליעבע האט איהר אנגעפיכט, און האט פון זיך אליין געוואלט בעהאלטען. וויא שטארק זיא איז צו איהם צוגעבונדען.

זשאק איז דורך דער צייט נעקומען צוויי מאל פערברענגען זיינע וואקאציעס, בין הזמנים, אין וועטייל; דיזע וואכען זיינען געווען פאר וויליאמען אמת'ע ימים טובים. דיא צוויי פריינד זיינען ניט אבגעטראגען איינער פון צווייטען, זיי זיינען ביידע נעגאנגען אויף נעיעג, זיינען נעפאהרען פאנגען פיש אדער זיינען נעזעסען אונטערן שאטען פון א הויכען פעלזען און האבען נערעדט פון פאריז און פרויען, פון וועלכע זשאק האט ווענינ נעהאלטען, צוואר ער האט פון זיי ניט נערעדט גראב אדער אונאנשטענדיג. וויליאם האט איהם אויפגעווארפען פאר זיין לייכט־זיניגקייט און נעזאגט, אז נאך זיין מיינונג, דארף מען א פרוי אוועקשטעלען אויף א הויכען פערעסטאל און אנבעטען צו איהר וויא צו א געטין און זינגען פאר איהר ליעב־געזאנג.

— צום טייוועל! אזוי דיינקסטו? האט אויסגערופען דער יונגער סטודענט דער מעדיצין. דוא ווייסט ניט פון וואס דוא רעדסט, און איך דארף דיר זאגען, אז זיי וועלען דיר ווענינ דאנקען, אויב דוא וועסט שטענדיג שטעהן אויף דיא קניע פאר זיי. דוא וועסט זיין פונקט וויא מיר אלע: דוא וועסט נארען און דיך וועט מען נארען. אזוי איז שוין דאס לעבען איינגעארדנעט.

— ניין, ניין, האט נעענטפערט וויליאם: איך וועל קיין מאל ניט ליעב האבען מעהר וויא איין פרוי און איך וועל איהר אזוי ליעבען, אז דאס שיקזאל וועט קיין מאל ניט וואגען צו צערשטערן אונזער גליק.

— פס.... דאס וועלען מיר שוין זעהן.

און זשאק האט זיך צולאכט פון דער נאאיוויטעט, פון דער תמימות פון זיין קליינשטעטעדינען חבר.

זשאק'ס וויזיטען אין וועטייל האבען אנגעהאלטען זייער פריינדשאפט ווארם.

« האבען שטענדיג געשריבען איינער צום צווייטען, נאר ביסלעכווייז זיינען זשאק'ס

בריעף געווארען זעלטענער און ענדליך האט ער גאר אין גאנצען אויפגעהערט צו שרייבען. וויליאם איז געווען זעהר טרויעריג דערפון.

פון זשאק'ס פעטער אין ווערטייל האט ער אויסגעפונען, אז ער פערלאזט אין ניכען פאריז און פאהרט אוועק פון פראנקרייך אויף א לאנגע צייט. איהם האט שטארק געקרייגקט, וואס ער קען זיך ניט זעהן מיט איהם פאר זיין אבפאהרען, און איהם איז שרעקליך אומעדיג געווארען אין שלאס.

זיין פאטער האט עס בעמערקט און א מאל אבענד־צייט, ווען זיי האבען זיך אויפגעהויבען פון טיש, האט ער צו איהם געזאגט:

— איך דענק אז דוא וואלסט וועלען דורכפאהרען זיך נאך פאריז. פאהר און איך ערלויב דיר צו פערברענגען דארטען א יאהר צייט. עס איז קיין שום צווייפעל ניט, אז דוא וועסט דארטען אבטהאן א סך נארעשקייטען. נאר דוא קענסט נעהמען פון מיר געלד, פיעל דוא ווילסט. אויב דוא ווילסט, קענסטו מארגען פאהרען.

ווען וויליאם איז געקומען אין פאריז, האט ער אויסגעפונען, אז זיין פריינד איז אוועק פון דאנען מיט א טאג פריהער. ער זשאק האט איהם מיטגעטהיילט פון זיין אברייזען אין א בריעף, וועלכער איז אנגעקומען אין ווערטייל נאך וויליאמס אבפאהרען און וועלכער איז איהם צוגעשיקט געווארען דורך זשענעוויוו אין פאריז. אין דעם פריילינבען און פריינדליכען בריעף, וואס ער האט איהם געשריבען, האט ער איהם ערקלערט, אז ער פאהרט אלס דאקטאר מיט אן עקספעדיציאן אין קאכין־כינא און וועט זיכער פערבלייבען דארטען פיעלע יאהרען.

וויליאם האט זיך באלד צוריקגעקעהרט אין שלאס. ער האט זיך ניט געקענט ענטשליסען צו בלייבען אליין אין דער גרויסער שטאדט, נאר אין צוויי טאג נאך ארום האט איהם דער פאטער צוריקגעשיקט אין פאריז, און האט פון איהם פערלאנגט, ער זאל פערבלייבען דארטען א יאהר, וויא זיי האבען פריהער אבגערעדט. און וויליאם האט זיך בעזעצט אין דעם זעלבען האטעל, וואו מאנדראלען האט געוואוינט.

## V.

ווען מאנדראלען האט בעגעגענט וויליאמען, האט זיא געהאלטען ביים פערלאזען דעם האטעל און דינגען א צימער פאר זיך און אליין אויסמעבלירען. דער גרויסער האטעל איז איהר גאר ניט געווען געפעלען און זיא האט שטענדיג מורא געהאט, אז עמיצער וועט איהר עפעס זאגען, וואס וועט איהר דערמאנען אן איהר

פערלאָזענקיים, פון וואס זיא ליידעט איצט אזוי שטארק. ווען זיא וועט האבען איהר איינענע קליינע היים וועט זיא קענען אויסנוצען איהר טאלאנט אין אויסניי־הען, כאָטש זיא האט עס נעוואלט טהאן מעהר צו פערטרייבען דיא צייט איידער צו פערדיענען, ווייל איהרע יעהרליכע צוויי טויזענד פראנק זיינען געווען גענוג פאר איהרע איינפאכע בעדירפניסע.

ווען זיא האט געטראכט פון דער צוקונפט, האט זיא גוט פערשטאנען, אז דיא איינזאמקייט, וואס זיא זוכט איז פול מיט געפאהרען, דען דיא טעג האבען שוין אנגעהויבען צו ווייזען זיך פאר איהר זעהר לאנג און פוסט.

דעם זעלבען אבענד, וואס וויליאם איז אנגעקומען אין פאריז, האט זיא איהם בעגעגענט אויף דיא טרעפ; ער האט איהר אבגעטראטען דעם וועג מיט אזא רעספעקט, אז זיא האט איהם א קוק געטהאן מיט פערוואונדערונג. דיא יונגע לייט, וועלכע זיא האט ביז איצט בעגעגענט, פלעגען זוכען ארויפצוטרע־טען איהר אויף דיא שיך און בלאזען דעם רויך פון דיא פאפיראסען גלייך איהר אין געזיכטאר

וויליאם האט נעקרינען א צימער אין האָטעל נעבען איהרען און זיא האט געקענט הערען יעדע בעוועגונג זיינע אין צימער. ניט קוקענדיג אויפ'ן רעספעקט, וואס ער האט איהר ארויסגעוויזען, האט ער דאך בעמערקט דעם פערלדיגען קא־ליר פון איהר געזיכט און איהרע פראכטפאָלע האר, און ארומשפאצירענדיג איבערן צימער, האט ער מיט פערגניגען געטראכט פון דעם שעהנעם ווערן, וואס געפינט זיך אזוי נאהענט פון איהם.

ווען זיי האבען זיך בעגעגענט אויפ'ן צווייטען טאג האבען זיי שוין געשמיי־כעלט איינער צום צווייטען און זייער פריינדשאפט איז אזוי געוואקסען מיט יעדען טאג. מאנדראָלענ'ס סימפאטהיע איז נאך געווען גרעסער צו דעם איידעלען און שטילען יונגען־מאן, ווייל זיא האט אויף איהם געקוקט, וויא אויף א קינד. זיא האט זיך געזאגט, אז אויב ער וועט טהאן דיא נארעשטייט און רעדען מיט איהר פון ליעבע, וועט זיא לייענען איהם א לעקציע און ארויסשלאגען עס פון זיין קאפ. זיא האט זיך פערלאזען אויף איהר קראפט און איבערהויפט אויף איהר בעשלוס צו בלייבען אן אייביגע אלמנה.

אויפ'ן צוויימען טאג נאכדעם איז זיא שוין מיט איהם געגאנגען שפאצירען, נאר צווישען זיי איז ניט פארגעקומען קיין צערטליך ווארט, וואס האט איהר גע־קענט בערוהיגען.

ביסלעכווייז האט מאנדראָלען אנגעהויבען צו פיהלען, אז ער ליעבט איהר און

אז דיא ליעבע אין איהר זעהר אנגענעהם, כאָטשע זיא האט ניט קיין לוסט צו ענטפּערן אויף איהר. אין דער ווירקליכקייט איז זיא נאָך געוועזן נאר א קינד אין ליעבע און האט מיט פערגניגען צוגענומען דיא גאנצע אויפמערקזאמקייט, וואס וויליאם האט איהר געשיינקט. איהר הארץ איז גענגען איהר ווילען נעגאנגען איהם אנטקעגען. און אויב דיא ערשטע ערינערונגען פון דיא אלטע וואונדען האבען זיך איהר צוריקגעקעהרט, האט זיא זיי פערטריבען און געווענדעט זיך צו איהר נייען פריינד. א היציגע, סאנגווינישע נאטור וואלט איהר אבגעשראקען, נאר דיעזע לאסצענדינגע ליעבע פון א נערוועזע נאטור האט איהר געריהרט און שוואך געמאכט איהר ווילען.

וואס אנבעלאנגט אן וויליאם, איז ער געוועזן וויא אין א חלום; ער איז געוועזן פערליעבט אין דער ערסטע פרויענצימער, וואס ער האט בעגעגענט, ער האט זיך אפילו איין מאל ניט געפרעגט, פון וואנען דיא פרוי איז געקומען; זיא האט צו איהם געשמייכעלט און דאס איז געוועזן גענוג פאר איהם, ער זאל פאר איהר קריכען אויף אלע פיער און זיין פארטיג צו געהן פאר איהר אין פייער און אין וואסער. ער האט זיך געפרייט, וואס ענדליך וועט ער קענען עפענען פאר איהר דאס הארץ, וואס איז אזוי לאנג געוועזן פול מיט איינגעהאלטענע ליידענשאפט.

א וואָך צייט איז אריבער; וויליאם איז זעלטען ארויס פון האָטעל, ווייל ער האט מורא געהאט פאר פאריז. ביי זיין אבפאהרען פון דער היים, האט איהם דער פאטער מיטגעגעבען אדרעסען פון האָטעלען, נאר ער איז אין קיינעם פון זיי ניט פערפאהרען און פאר זיך אויסגעזוכט א קליינעם און שטילען האטעל, וואו ליעבע האט אויף איהם געווארט.

ער האט געגארט צו נעהמען מאנדאלען אויפ'ן לאנד, ווייל ער האט ליעב געהאט דיא גרינע בוימער און האט געוואלט אטהעמען דיא פרישע לופט ביי איהר זייט. אָנפאנגס האט זיא זיך פון אזא שפאציר אָבגעזאָגט. ענדליך האט זיא איינגעווילינט ארויספאהרען מיט איהם אויפן לאנד און עססען מיט איהם א מיטאג ווייט פון שטאָדט.

ווען וויליאם און מאנדאלען האבען זיך נאכ'ן שטורם צוריקגעקעהרט קיין פאריז, האבען זיי אבגערעדט, אזביידע זאלען זיך ניט צוריקקעהרען אין האָטעל. וויליאם האט געפיהלט, אז ער דארף פערהיטען מאנדאלענעס כבוד און קיין שלעכטע רייד זאלען אויף איהר ניט פאלען און ער האט געדונגען א צימער פאר זיך ניט ווייט פון האָטעל.

ער האט זיך אויפגעפיהרט פונקט, וויא ער וואלט זיך געקליבען חתונה צו

האבען. דער באנקיר, ביי וועלכען דער פאטער האט איהם אנגעוויזען צו נעהמען געלד, האט פאר איהם געפונען א שיינע איינזאמע הויז אין דער בולאָנער גאס. וויליאם איז געגאנגען אָנקוקען דיא הויז און עס האט ניט גענומען קיין שטונדע צייט און ער האט דיא הויז געקויפט. ער האט אהין גלייך געשיקט טאפעצירער און אין עטליכע טעג איז דיא הויז געווען פארטיג מיט אלעמען.

א מאל אבענד צייט האט ער אָנגענומען מאגדאלען פאר דער האנד און האט איהר געפרעגט, אויב זיא וויל ווערען זיין ווייב. צייט פון דער שטורם-נאכט פלעגט ער קומען צו איהר יעדען נאך האלבען טאג, וויא צו זיין כלה און פלעגט אזוי אוועקגעהן.

זיינע ווערטער האבען אזוי געריהרט מאגדאלען, אז זיא איז געווען פארטיג אוועקצוגעהן מיט איהם באָטש אין עק וועלט. זיי האבען זיך אריבערגעצויגען אין זיין הויז אויף דער בולאָנער גאס וויא א פערהייראטעטע פאָר פאלק.

זיי האבען דארמען אָבגעלעבט זעקס חדשים, אבגעזונדערט פון דער וועלט. זייער גליק איז ניט געווען געשטערט פון קיין געדאנק פון דער פערגאנגענהייט אדער פון קיין מורא פאר דיא צוקונפט. זייער הויז איז געווען צ געקליבען מיט א פיינעם געשמאק און זעהר עלעגאנט, אויסער דעם איז הינטערן הויז געווען א גארטען, וואו זיי האבען געקענט פערגעכען דעם סעזאָן, דיא צייט פון יאָהר אין א טאָג, ווען דיא זון האט געשיינט.

מאגדאלען האט זיך אליין קיין רעכנונג ניט געקענט אבגעבען, צו זיא ליעבט וויליאמען, צו ניט; זיא האט נאר געוואוסט, אז ער האט איהר געבראכט רוה און פריעדען. אלע איהרע וואונדען זיינען געווארען פערהיילט; זיא האט קוים גע-דענקט דיא שרעקליכע ערשיטערונגען פון איהר פערגאנגענהייט. זיא איז געווען געריהרט פון דעם רעספעקט, מיט וועלכען ער האט איהר בעהאנדעלט. ווען זיא זאל זיין, זיין ווייב מיט חופה און קדושין, וואלט ער איהר בעסער ניט געקענט בע-האנדלען. דאס האט איהר אליין פיינער און חשוב'ער געמאכט אין איהרע אייגענע אויגען.

וויליאמ'ס גליק איז געווען אונבעשרייבליך. זיינע חלומות, זיינע פאנטאזיעס זיינען ענדליך פערווירקליכט געווארען מאגדאלען איז געווען דיא געטין פון וואלד, דיא נימפע, וועלכע ער האט אזוי לאנג געזוכט און זיין געגענווארטיג לעבען האט איהם געטרייסט פאר דיא אלע צרות, וואס ער איז אויסגעשטאנען אין זיינע קינדערשע בחורשע יאהרען.

ביידע האבען געפיהלט וויא גייטיג פאר זיי איז אבצורוהען. ביידע זיינען פיעל

**אויסגעשטאנען און האבען א סך איבערגעטראָגען און האבען געדארפט רוה און פריעדען.** זיי האט אויסגעוויזען, וויא זיי וואלטען נאר ניט עקזיסטירט פריהער. איידער ער האט איהר דערקענט און איהר איז אפילו אין זינען ניט אריינגעקומען צו פרעגען איהם וועגען זיין פערגאנגענהייט. זיי האבען נאר געלעבט מיט דער געגענווארט, וויא צוויי קינדער. איין טאג האט זיך מאנדאלען דערוואוסט, אז כאברישאַ איז געשטאָרבען.

— ער איז געווען זעהר א שלעכטער מענש, האט זיא בעמערקט.

נאר וויליאם האט איהר אפילו ניט געפרעגט ווער איז דער שלעכטער מענש און פאר וואס איז ער א שלעכטער מענש.

ווען וויליאַם פלעגט ערהאלטען בריעף פון וועטייל, פלעגט ער זיי אריינוואַרפען אין שופלאד אריין נאכען איבעלייענען, און מאנדאלען האט אפילו ניט געפרעגט וואס פאר א בריעף ער בעקומט און פון וועמען ער קריעגט זיי, און נאך זעקס מאָנאט צוזאמענלעבען זיינען זיי געווען אזוי פרעמד איינער צום צווייטען, וויא דעם ערשטען טאג פון זייער בעקאנטשאַפט.

דיעזער חלום איז פּלוצים איבערגעריסען געוואָרען זעהר אויף א גראָבען אופן.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען, ווען וויליאם איז אוועק צו זיין באנקיר, האט מאנדאלען אָנגעהויבען צו בלעטערן א פאָטאָגראַף־אלבום, וועלכען מען האט ערסט נעכטען אויפגעפאקט פון וויליאמס א קאסטען..

דארטען זיינען געווען בלויז דריי בילדער: דער אלטער גראַפ׳ס, זשענעוויוו׳ס און זשאקס. ווען מאנדאלען האט דערזעהן דעם לעצטען בילד האט זיך פון איהר הארצען ארויסגעריסען א שאַרפער געשריי האלטענדיג מיט קראַמפּהאפטע הענדביידע זייטען פון אלבום, האט זיא מיט שרעק געקוקט אויף זשאק׳ס שמייכלענדע געזיכט, וועלכע האט זיך צו איהר פּלוצים געוויזען וויא אן ערשיינונג פון יענער וועלט. דאס איז ער! אלע איהרע וואונדען האבען זיך פון דאס ניי געעפענט.

דאס האט איהר געטראפען וויא א בליץ פון קלאָרען הימעל. זיא האט פערגעסען זשאק׳ן און איז איצט געווען וויליאם׳ס טרייע און איבערגעגעבענע פרוי. נאר וואס האט זיך זשאק געשטעלט צווישען זיי? וואס טהוט ער אין דעם צימער? ווער האט איהם געבראכט אהער צו שטערן איהר רוה?

איהר האט אויסגעוויזען, אז זשאק קוקט אויף איהר מיט לעבעדיגע אויגען און איהר האט געדאכט אז ער זאגט צו איהר: „ארעם קינד! וויא אומעדיג דאס לעבען דארף זיין פאר דיר!“ זיא האט געקענט הערען זיין קול, זיין געלעכטער. זיא

האט געקענט זעהן זיינע ארויסגעשטרעקטע הענד, וויא ער איז געוואוינט געוועזן צו טהאן.

די פערגאנגענהייט האט זיך פאר איהר צוריקגעקעהרט; דאס צימער אונ־טער'ן בוידעם און דאס לעבען וואס זיא האט דארט פערבראכט זיינען ארויסגעטראָ־טען פאר איהרע אויגען. ביז איצט האט זיא געמיינט, אז זיא האט עס אלץ פער־געסען, אז מעהר ועט זיך דאס איהר ניט חלומ'ען, נאר איצט האט זיך ארויסגע־וויזען, אז זיא איז געשיידעט פון יענער פערגאנגענהייט ניט מעהר וויא מיט עטליכע חדשים. דאס גליק, וואס זיא האט די לעצטע צייט געהאט, האט ניט בעלאנגט צו איהר, זיא האט עס צוגע'גנב'עט.

אויפ'ן בילד איז זשאַק געוועזן ארונטערגענומען מיט דער גאנצער נאכלעסיג־קייט פון זיין סטודענטישען לעבען. ער איז געזעסען אהן א ראָק און האט גערוי־כערט א פיפקע, די הוט אן א זייט און אליין אויסגעצויגען ברייטליך אויף א שטוהל. דאס איז געוועזן ער, וויא ער שטעהט און געהט, און ער איז געשטאנען פאר איהרע אויגען.

זיא איז אראבגעזונקען אין א שטוהל און האט זיך ארומגעקוקט איבער'ן צימער מיט א צושראקענעם בליק. דער סאלאן האט געאטהעמט מיט דער זיסע רוה, אין וועלכער זיא האט פערבראכט די לעצטע זעקס מאנאט. איבער דער סאפא איז געהאנגען וויליאמ'ס פארטרעט און האט צערטליך געשמייכעלט צו מאנדאר'ען. זיא האט א צימער געמהאן פון דיזען ליעבענדען שמייכעל, ווייל זיא האט געפיהלט זשאק'ס אטהעם אויף איהרע אקסלען.

זיא האט זיך דערמאנט, אז פאר זיין אבפאהרען, האט איהר זשאק געשענקט גראדע אזא בילד, וויא דיזעס, נאר ווען זיא איז מיט וויליאמען געקומען אין דיזען הויז, האט זיא דאס בילד פערברענט, דענקענדיג, אז דאס איז איהר פליכט ניט אריינצונעהמען זשאק'ס בילד אין וויליאמ'ס הויז. נאר וויא אזוי האט זיך דאס בילד אהער אריינגעריסען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וויא זיא האט זיך בעווארענט נעגען דעם?

זיא האט זיך אויפגעהויבען און האט ווידער גענומען דעם אלבום אין דיא הענד אריין. זיא האט ארויסגענומען דאס בילד און איבערגעלייענט אויף דער לינ קער זייט: „צו מיין אלטען שול־קאמעראד — מיין ברודער וויליאם".

—אונמעגליך! וויליאם זשאק'ס פריינד און ברודער!

מאנדאלען איז בלייך געווארען, וויא דער טויט און האט פערמאכט דעם אלבום און האט זיך ווידער אנידערגעזעצט אויפ'ן שטוהל. זיא איז א גאנצע צייט

געזעסען מיט פּערבראָכענע הענד, מיט שטאַרע אויגען פערזונקען אין געדאַנקען. זיא האט װאַהרשיינליך שטאַרק געזינדיגט, אז זיא זאל אזוי געשטראָפט װערען פאר זעקס חדשים גליק. עס האט איהר אנגעכאַפּט א פּלעצליכער עקעל צו זיך אליין. האט זיא ניט ליעב געהאט ביידע מענער? איהר פערצווייפלונג איז געוואָרען אזוי גרויס, אז זיא האט זיך ענטשלאָסען צו אנטלויפען און פערשווינדען אין גאַנצען פון דער וועלט.

נאר ניין; מיט איינע פּאָר שטונדען צוריק איז אלץ געװעזען אזוי רוהיג, אזוי פריעדליך פיליכט װעט זיך נאָך דיא רוה צוריק אומקעהרען? װעט ניט זיין קלי־נער צו זאָגען דיא גאַנצע װאָרהייט װיליאַמען און דערמיט אַבוואַשען דעם פלעק פון דער פערגאַנגענהייט? נאר פון דעם געדאַנק איז איהר א שווערער איבערגעלאָפען איבער׳ן גאַנצען קערפּער. וויא קען זיא איהם איבערגעבען אין ווער־טער דיא גאַנצע וואָרהייט? וויא קען זיא איהם זאָגען, אז זיין בעסטער פריינד איז פאר איהר ניט געוועזען קיין פרעמדער. ער וואָלט איהר פערטריבען פון זיין הייס און וואָלט ניט ערלויבט איהר דא לענגער צו פערבלייבען.

ניין, זיא וועט דאס איהם קיין מאל ניט דערצעהלען. נאר איהר הארץ איז איהר איינגעפאַלען פון דעם לעבען וואס זיא וועט איצט פיהרען. זיא האט גע־וואוסט, אז זיא האט ניט קיין כח דערצו. עס וועט זיין פאר איהר א סך בעסער, אז זיא וועט זיך פאר איהם מודה זיין אין אלץ אדער אנטלויפען.

זיא האט א לאַנגע צייט געקעמפפט מיט זיך, ניט קענענדיג קומען צו איין ענטשלוס. פּלוצים האט זיא דערהערט, וויא דיא גאַס טהיר האט זיך געעפענט און עמיצער געהט מיט גיכע טריט איבער דיא טרעפּ. דאס איז געוועזען וויליאם!

ער איז געוועזען זעהר ערערגט און אראָבזיינקענדיג אויף דער סאָפע, האט ער פערשטעלט דאס געזיכט מיט דיא הענד. מאַגדאַלען האט זיך שטאַרק דערשראָ־קען און האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל, פּיהלענדיג, אז זיא ווייס אלץ. זיא האט זיך געשטעלט נעבען איהם אין א שטומער פערצווייפלונג. פּלוצים האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האט אויסגעשטרעקט זיינע הענד און געזאָגט מיט א בעטענדער שטימע:

— טרייסט מיך, מיין טהייערע!

מאַגדאַלען האט פערגעסען אן איהר אייגענע צרות. דערזעהענדיג זיינע, זיא האט גענומען זיינע ביידע הענד אין איהרע און האט געפרעגט.

— וואס איז געשעהן, וויליאם?

ער האט אויף איהר א ווילדען קוק געטהאן און פערדעקענדיג דאס געזיכט מיטביידע הענד, האט ער ארויסגערעדט מיט א געוויין:

— איך װעל איהם שוין קיין מאל מעהר ניט זעהן, קיין מאל מעהר.

מאגדאלען האט נערענקט, אז זיא פערשטעהט, פון וואס ער רעדט, און צר־ציהענדיג וויליאמ'ס קאפ צו איהר אקסעל, האט זיא געזאגט מיט א צערטליכען קול:

— איז דיין פאטער געשטארבען?

ער האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף א צייכען אז ניין.

— מיין ארימער זשאק, האט ער געזאגט, וויא רעדענדיג צו א גייסט, וועל־כען נאר ער האט געקענט זעהן. מיין ארימער זשאק! איך וועל דיך שוין מעהר קיין מאל ניט זעהן, און איך האב שוין כמעט וויא נאר פערגעסען אן דיר.

ביי די־ען נאכ׳ען האט מאגדאלען א צימער געטהאן. איז זשאק טויט? זיא האט איינגעהאלטען איהר אטהעם. האט זיא ניט וויסענדיג דערהערג'עט איהם, אום איהר לעבען זאל זיין פריי פון זיין אונערטרעגליכע אנוועזענהייט?

— דוא האסט איהם ניט געקענט, האט וויליאם פארטגעזעצט. איך האב מיט דיר קיין מאל ניט גערעדט וועגען איהם. איך בין געוועזן אונדאנקבאר צו איהם. מיין גליק האט מיך געמאכט צו פערגעסען אן איהם. ער איז געוועזן זעהר גרויס־מוטהיג און איז געוועזן מיין איינציגער פריינד אין דער וועלט, און איצט האב איך איהם פערלארען.

דיא טרערען האבען איהם געשטיקט אין האלז, נאר ער האט גערעדט וויטער:

— ער האט זיך פאר מיר אנגענומען אין שולע, ווען מען האט מיך געשלא־גען און בעליידיגט. ער האט מיר געשענקט זיין פראטעקציע און פריינדשאפט. איך האב איהם געליעבט און פערגעטערט און דאך האב איך איהם ערלויבט צו שטארבען וויט פון מיר. ניין, איך האב איהם ניט געליעבט, וויא ער האט פער־דיענט איך פיהל דאס איצט.

א מינוט איז ער געוועזן שטיל, דערנאך האט ער ווייטער גערעדט:

— מיר זיינען געוועזן גליקליך צוזאמען. ווען מיר זיינען א מאל געוועזן אין וואלד, האט ער צו מיר געזאגט וויליאם, אויף דער וועלט איז נאר פאראן איין גוטע זאך און דאס איז פריינדשאפט. לאמיר דאס האבען אין זינען און שפעטער וועט דאס אונז טרייסטען פאר פיעלע זאכען. איצט ביסטו מיר אליין געבליבען, מאגדאלען, איך האב פערלארען מיין ברודער.

ער האט ווייטער געוויינט. ביי מאַנדאַלען אין הארצען האט זיך געהויבען א זעלטזאמער פראטעסטירענדער געפיהל, זיא האט ניט געקענט הערען פון וויליאמס ליפען, וויא ער לויבט זשאק'ן, און האט געוואלט אויסשרייען: „שוויינ! דיזער מאַן האט דיך בערויבט פון דיין גליק און דוא דארפסט איהם ניט זיין דאנקבאר".

דיזע לעצטע אבקומענים איז געוועזען מעהר, וויא זיא האט געקענט אריבער־טראגען: דער מאַ', וואס האט געדארפט זעהן, אז זיא זאל אין גאנצען פערגעסען איהר פערגאנגענהייט, האט אליין ארויסגערופען ביי איהר אלע עראינערונגען וועגען יענער צייט, און זיא האט ניט געוואנט צו עפענען פאר איהם א הר הארץ און מודה זיין זיך פאר איהם, ווייל איצט האט זיא געזעהן, וויא שטארק דיא פריינד־שאפט איז געוועזען צווישען דיא צוויי מענער. זיא האט זיך צוגעהערט צו וויליאמ'ס פערצווייפעלטען וויינען, וויא מען הערט זיך צו צום רוישען פון א כוואליע וואס דראהט צו פערטרינקען. זיא איז געזעסען קאלט אין שטוב און אונבעוועגט און האט זיך געוואונדערט, פאר וואס זיא פיהלט ניט קיין שמערץ. דאס איינציגע געפיהל, וואס האט זיך געהויבען ביי איהר אין הארצען איז געוועזען צאָרן. זשאק'ס טוידט האט איהר ארויסגעבראכט פון זיך און זיא האט געפיהלט א ווילדען כעס, וואס פאר איהר קען ער קיין מאל ניט זיין טוידט. מיט וואס פאר א רעכט איז ער איצט געקומען צושטערן איהר רוה?

— טרייסט מיך, מיין ארימע מאַנדאַלען, האט ווידער געזאגט וויליאם; איך האב איצט נאר דיך אליין אין דער גאנצער וועלט.

זיא זאל איהם טרייסטען, וואס זשאק איז געשטארבען! דער פערלאנג האט איהר געשיינט לעבערליך און שלעכט, דאך האט זיא איהם געמוזט נעהמען אין איהרע ארמען און אבווישען דיא טרערען, וואס ער האט פערגאסען נאך איהר ערסטען געליבטען.

דיזע זעלטזאמע ראָלע, וואס זיא האט געדארפט שפּיעלען וואלט ביי איהר ארויסגערופען טרערען פון דיא אויגען ווען זיא וואלט געקענט וויינען. נאר איהר הארץ איז געווארען פערשטיינערט און זיא האט ניט געפיהלט קיין שמערץ פאר דעם מענשען, וועלכען זיא האט א מאל געליעבט.

— ער האט איהם געליעבט מעהר וויא איך, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. ווען איך זאל איהם איצט אלץ דערצעהלען, וועט ער מיך פערלאזען אויף אויבני־פּלוצים האט זיך אין איהר דערוועקט א נייגיערדע און זיא האט געפרעגט.

— וויא אזוי איז ער געשטארבען.

וויליאם האט איהר דערצעהלט, אז וועהרענד ער האט געווארט ביים

באנקיר, האט ער דארטען גענומען א צייטונג אין האנד און האט בעמערקט, אז דיא שיף, מיט וועלכע זשאק איז געפאהרען, איז אונטערגעגאנגען אין א שטורם און אלע וואס האבען זיך געפונען אויף דער שיף, זיינען דערטרונקען געווארען; דיא נייעס איז געווען געמעלדעט אָפיציעל, און עס איז קיין צווייפעל מעהר, אז זשאק שלאפט איצט אויפ'ן אבגרונד פון ים.

דיזע נאכט האט מאנדאלען געקעמפפט מיט זיך. דער צאָרן האט איהר פערלאזען. עס איז קיין שום צווייפעל ניט, אז ווען זיא וואלט געהערט פון זיין טוידט אונטער אנדערע אומשטענדען, וואלט זיא ביטער געוויינט. זיא איז געלעגען און האט געטראכט פון יענעם טוידטען קערפער, וועלכען דיא כוואליעס פון ים שלאגען אן דיא פעלזען. אפשר איז איהר נאמען געווען אויף זיינע ליפען, ווען ער האט ארויסגעלאזט דעם לעצטען אטהעם. זיא האט זיך איצט דערמאָנט, אז ווען ער האט א מאל איינגעשניטען א פינגער, האט זיא שיער ניט גע'חלש'ט, און איצט ווען איהם איז אויסגעגאנגען אזא סוף, איז זיא אין כעס אויף איהם. ער איז טוידט, דאך וועט ער אימער זיין נעבען איהר זייט.

פלוצים האט זיא אויסגעבראכען אין א געוויין און האט דערפיהלט, אזוי וויא א טהייל פון איהר איז פערניכטעט געווארען.

זיא האט געוויינט א לאנגע צייט און האט זיך אלץ מעהר געוואונדערט, וויא אזוי זיא איז געווען גלייכגילטיג, ווען זיא האט געהערט וועגען זיין טוידט. זיא האט זיך געמאכט פארווירפע, פונקט וויא זיא וואלט בעגאנגען א פערברעכען. ווען וויליאם וואָלט געוואוסט פון איהר געשיכטע, וואלט ער איהר אליין געהייסען פאלען אויף דיא קניע און בעוויינען איהם. זיא האט פערבראכען דיא הענד און האט געבעטען, אז דער טוידטער, וועמען זיא האט געליעבט, זאל איהר פערגעבען, און איהר האט געדוכט וויא זיא הערט זיינע אגאנישע (גוסס'דיגע) געשרייען, וויא זיי מישען זיך אוים מיט'ן רוישען פון דיא כוואליעס?

פלוצים האט זיך איהר פערגלוסט צו זעהן זשאק'ס בילד. זיא האט זיך אויפגעהויבען פון בעט און איז אריין אין זאל און אנגעצונדען א ליכט און גענומען דאס בילד. איהרע רויט-בלאָנדע האר האבען זיך צושאָטען איבער'ן העמד. ארום איהר איז געווען שטיל און דאס צימער איז געלעגען אין שאָטען, ווייל דאס ליכט האט געברענט דונקעל און אויף איהר איז פלוצים אנגעפאלען א שרעק. זיא האט אויסגעשפיצט דיא אויערען און זיך צוגעהערט, נאר זיא האט בלויז געהערט וויליאַמ'ס גיכען אטהעמען אין צווייטען צימער.

זשאק האט איצט פערלארען אויפ'ן בילד דאס שמייכעלע, וואס זיא האט

נעזעהן אין דער פריה, און האט נעקרינען זעהר א צערטליכען בליק. איהר איז נע־זוארען גרינגער פון קוקען אויפ'ן בילד. אזוי האט ער אויסגעזעהן בײם לעבען.

פאר וואס האט זיא זיך אזוי שטארק דערשראקען פאר'ן בילד אין דער פריה, האט זיא אליין ניט געוואוסט. דער ארימער זשאק האט איהר געשיקט דיא נאכריכט פון זיין טוידט אין דעם זעלבען מאמענט, ווען זיא איז געווען אין פערצ־ווייפלונג, פאר וואס ער האט זיך געשטעלט צווישען איהר און וויליאמען. ער האט איהר געשיקט דיא נאכריכט פון זיין טוידט, אום זיא זאל מעהר ניט זארגען און עס האט געשיינט, אז ער גיט איהר דיא ערלויבניס צו בעהאלטען דעם סעקרעט פון זייער פערנאננעהיים טיעף בײ איהר אין הארצען. פאר וואס זאל זיא וויל־אמען פערשאפען ליידען און דערצעהלען איהם אין וועלכע פערהעלטניסע זיא איז געשטאנען מיט זיין בעסטען פריינד. עס איז איהר פליכט צו שווייגען און רחמנות האבען אויף איהם. עס האט געשיינט, וויא דער פערשטארבענער זאגט צו איהר: „זײ גליקליך, מיין קינד, אויב דוא קענסט; איך וועל דיר שוין מעהר קיין שאנדע ניט אנטהאן און וועל זיך שוין מעהר ניט ווייזען, וואו דוא וועסט זיין. איך האב אבטונג נעגעבען אויף דיין געליעבטען, ווען ער איז געווען א קינד, איצט דארפסטו אויף איהם אכטונג געבען".

עס איז שוין געווען טאג, ווען זיא איז אריין צוריק אין בעט מיט דעם ענטשלוס, אז זיא וועט וויליאמען גאר ניט דערצעהלען און זיא איז באלד איינגעש־לאפען.

נאר דיא זיסע רוה איז שוין פערשוואונדען געווארען פון זייער הײם. זיא האט געהאפט, אז ביסלעכווייז וועט ווערען, וויא עס איז געווען פריהער, נאר זיא האט געהאט א טעות. עס האט געשיינט, אזוי וויא דער דערטרונקענער האט ארומגעשפאצירט איבר'ן שטוב און שטעהט צווישען זײ. זײ פלעגען גאנצע טעג אבזיצען און ניט ארויסרעדען קיין ווארט און האבען געציטערט פון יעדען בלאז פון ווינד. זייערע קליינע בעקוועמע צימערן האבען איצט אויסגעזעהן גרויס און טרויעריג.

זײ זיינען צופיעל אליין, צו איינזאם, האט יעדער פון זײ געזאגט.

א מאל האט וויליאם פלוצים געזאגט:

— דיא הויז איז וויא א קבר און איך קען דא ניט אטהעמען.

נאר ער האט באלד חרטה נעקריגען און אננעהמענדיג מאגדאלען פאר דער האנד, האט ער געזאגט:

— פערצייהע מיך, איך וועל מיין טרויער באלד פערגעסען און מיר וועלען לעבען ווידער וויא פריהער.

ער האט געגלויבט אין וואס ער האט געזאגט, נאר ער האט ניט געוואוסט, אז צוויי מאל חלומ'ט מען ניט דעם זעלבען חלום.

ווען זיי זיינען אביסעל געקומען צו זיך, האבען זיי זיך ארומגעזעהן, אז זיי האבען פערלארען זייער גלויבען אין א דויערהאפטען גליק. מאגדאלענ'ס שטאלץ האט שטארק געליטען, זיא האט אנגעהויבען צו קוקען אויף איהר געליעבטען וויא אויף א פיינד, וואס האט איהר גערויבט פון איהר רעכפעקט צו זיך אליין. דיא קלענסטע זאך האט איהר געבראכט איפ'ן געדאנקען, אז זיא איז ניט ביי זיך אין דער היים און האט ניט קיין רעכט דא צו זיין און דאס האט איהר געב־רענט וויא פייער. זיא פלעגט זיך פערשליסען ביי זיך אין צימער און וויינען ביטער.

ווילי‍אם פלעגט איהר אפט ברענגען פרעזענטען; אנפאנגס פלעגט זיא זיך מיט דעם פרייען וויא א קינד, ווען מען האט געבראכט א נייע שפילכעל. דער ווערטה פון דיא פרעזענטען איז איהר גאר ניט אנגעגאנגען, זיא האט זיך נאר גע־פרייט, וואס דער געליעבטער האט איהר שטענדיג אין זיינע געדאנקען און טראכט נאר פון איהר. נאר נאכדעם וויא איהר חלום איז אזוי גראב צעשטערט געווארען, האבען איהר דיא זיידענס מיט דיא דיאמאנטען, פאר ווערכע זיא האט אליין ניט געצאהלט, פעראורזאכט גרויסע שמערצען. פון דער צייט אן האט זיא זיך געפיהלט בעליידיגט פון דעם לוקסוס, וואס האט איהר ארומגערינגעלט און וואס האט ניט בעלאנגט צו איהר.

א מאל האט איהר ווילי‍אם געבראכט א בראסלעט: זיא איז בלייך געווארען ביים אנבליק פון דעם ציערונג און האט ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. דאס האט איהם זעהר פערוואונדערט און ער האט איהר געפרעגט מיט א צערטליכען טאָן:

— געפעהלט דיר ניט דער בראסלעט?

זיא האט א ווילע געשוויגען און דאן געענטפערט מיט א ציטער אין איהר שטימע:

— ווילי‍אם, דוא פערשווענדסט אויף מיר צו פיעל געלד און דאס איז ניט נוט פון דיין זייט. איך ליעב דיך גראדע אזוי שטארק אהן פרעזענטען.

זיא האט זיך אבגעזיפצט און ווילי‍אם האט איהר ארום גענומען, ניט קענענ־דיג פערשטעהן דיא ענדערונג וואס איז פארגעקומען אין איהר.

— וואס איז געשעהן ? וואס פאר א נייער געדאנק איז דאס ? ביסטו דען ניט מיין ווייב ?

זיא האט איהם געקוקט גלייך אין געזיכט און איהרע אויגען האבען איהם קלאר און דייטליך געזאגט :

— ניין, איך בין ניט דיין ווייב.

ווען זיא וואלט געזאגט, ווארט זיא איהם געוויס פארגעשלאגען צו צאהלען פון איהרע איינקינפטע א טהייל פון איהרע אויסגאבען. איהר שטאלץ האט זיך בעליידיגט פון יעדע קליינינקייט און זיא האט דאס גוט געוואוסט און דאס גופה האט איהר נאך מעהר אויפגערעגט.

מיט עטליכע טעג שפעטער האט איהר וויליאם געקויפט א קלייד. זיא האט איהם בעגעגענט מיט א נערוועזען שמייכעל :

— ווייטער לאָז מיר קויפען אזעלכע זאכען, דוא פערשטעהסט ווענינ אין דעם און מען נארט דיך אב.

זיא איז שטענדיג געווען אויף דער וואך און איז שטענדיג געווען פארטיג צו קעמפפען פאר איהר שטאָלץ, און יעדע קליינינקייט האט איהר צורייצט, נאר אין דער ווירקליכקייט איז איהר דאס לעבען נמאס געווארען : זיא האט ליעב געהאט וויליאמען, נאר דיא שטענדיגע צאנקערייען האבען איהר אזוי געפלאגט, אז זיא האט זיך אכיין געזאגט, אז זיא ליעבט איהם מעהר ניט.

זעהענדיג שטענדיג איהרע פערוויינטע אויגען, איז וויליאם אויך געווארען נערוועז און צורייצט. פיהלט זיא זיך אונגליקליך מיט איהם ? האט ער זיך געפרעגט. בענגט זיא נאך איהר אלטען געליעבטען ? און ער האט ניט אויפגעהערט צו טראכ־טען וועגען איהר פערגאנגענהייט, פון וועלכער ער האט ניט געוואוסט און האט ניט געוואלט וויסען. נאר אויב ער האט ניט געפרעגט ביי איהר, איז איהם דיא פראגע וועגען איהרע פערגאנגענע יאָהרען ניט ארויס פון קאָפּ, און ער האט ניט אויפגעהערט נאכצוקוקען איהר, פיליכט וועט ער פון איהרע, בעוועגונגען עפּעס ערפאהרען וועגען דעם. ווען ער פלעגט דערהיטען אן אויסדרוק אויף איהר געזיכט, וועלכען ער האט ניט פערשטאנען, איז ער געווען אין צ ווייפלונג.

— זיא איז איצט מיינע, האט ער געזאגט צו זיך אליין. מיין ליעבע איז אזוי שטארק, אז זיא האט איהר נעדארפט צופריעדען שטעלען און איהם פלעגט שטארק קרענקען ווען ער פלעגט רעדען א צייט נאך אנאנד און זיא האט ניט געהערט קיין ווארט, זיינענדיג פערזונקען אין איהרע געדאנקען.

— איך האב זיך נענארט, פלעגט ער צו זיך זאגען יעדען מאל, ווען אזא זאך

פלענט פארקומען. דיא פרוי איז ניט ווערטה צו זיין מיינע; זיא האט שוין פריהער צופיעל געליעבט, אז זיא זאל מיר קענען בעצאהלען פאר מיין ליעבע.

זיי האבען קיין מאל ניט געהאט קיין ערנסטע מיספערשטענדניסע, נאר דיא ביטערע ווערטער, וואס זיי האבען געזאגט איינער צום צווייטען, זיינען געווען גענוג צו מאכען זייער לעבען זויער.

— דיינע אויגען זיינען רויט, האט וויליאם אמאל בעמערקט. נאר וואס ווייגסטו אין דער שטיל?

— דוא האסט א טעות, פלעגט זיא ענטפערן און מאטערן זיך צו שמייכלען.

— אה, ניין, איך האב קיין טעות ניט. וואס פעהלט דיר, וואס געהט דיר אב ביי מיר?

זיא פלעגט ניט ענטפערן.

— איך בין נאר, אומשטיינס געזאגט, אן ארימער ליעבענדער, ווען איך קען זיך ניט מאכען בעליעבט. נאר עס זיינען פאראנען גליקליכערע מענשען, וועלכע מען קען קיין מאל ניט פערגעסען.

אזא מין אנצוהערעניס איז איהר אוועק שטענדיג אין אלע גליעדער.

— דוא ביסט אונבארעמהערציג, פלעגט זיא ענטפערן ביטער. איך קען ניט פערגעסען ווער איך בין, וואס מיין פערגאנגענהייט איז געווען און דארום ווײן איך. וואס דענקסטו איז דיא אורזאכע פון מיינע טרערען?

ער האט זיך אבגעקעהרט און זיא האט פארטגעזעצט מיט הארץ, מיט געפיהל:

— עס וועט זיין פיעל בעסער, אז דוא זאלסט וויסען מיין געשיכטע. דוא וואלסט מיך דאן פיעלייכט בעסער פערשטאנען. זאל איך דיר דערצעהלען?

נאר ער האט ניט געוואלט הערען און געבעטען אום פערצייהונג.

דיזע סצענע, וואס האט זיך זעהר אפט ווידערהאלט, איז מעהר ווייטער ניט געגאנגען. דא זיינען זיי געבליעבען שטעהן און אין א שטונדע ארום איז ער ווידער שוין געזעסען א פערצווייפעלטער, אז זיא איז ניט זיינע, אז זיא טרויערט וועגען איהר ערסטען ליעבהאבער, און זיא איז ווייטער פול געווארען מיט שרעקען פאר ווייטערדיגע ענטוישונגען און נייע בעליידיגונגען.

צייטענווייס פלעגט זיא זיך ארויפווארפען וויכיאמען אויפ'ן האלז און ווײנען אזוי לאנג, ביז דיא כחות פלעגען איהר אויסגעהן. דיזע אונערקלערליכע טרערען זיינען פאר איהם געווען א קוואל פון שרעקליכע יסורים. ער האט ניט געוואגט צו

שטעלען איהר פראגען און האט איהר איינגענומען מיט אן אונגעדולד, וואס דא האט גוט געפיהלט.

אזוי איז ביי זיי אריבער א מאנאט צייט. זיי האבען איינער דעם צווייטען בעלײדיגט און דערנאך איינגענומען און געטרייסט איינער דעם אנדערן. דיא איינציגע זאך, וואס האט זיי געקענט רעטען פון זייער לאגע, איז געוועזען אפענהערציגקייט, ארויסזאגען וואס עס ליגט יעדען אויפ'ן הארצען. נארביידע זיינען פערצ טערט געווארען פון דעם געדאנק.

ווילי‍אם האט געלאזט איינפאסען זשאקס בילד אין א טהייערן ראם און מאגדאלען האט געפיהלט א זעלטזאמע אונרוהיגקייט יעדעס מאל, וואס זיא האט אויף איהם א קוק געטהאן. זיא האט קיין מאל ניט ערלויבט וויליאמען, ער זאל איהר א קוס טהאן אין דעם צימער, וואו דאס בילד איז געהאנגען. נאר ווען זיא האט געהאט עפעס קלעמענים און האט געוויינט, פלעגט זיא זיך שטעלען אנטקעגען דעם בילד, אזוי וויא זיא וואלט געזוכט טרייסט ביי זשאק'ן.

מען קען ניט זאגען, וויא לאנג דאס וואלט אנגעהאלטען. עס איז זעהר מעגליך אז נאך אין א מאנאט וואלטען זיי זיך צוקריגט און צוגאנגען. נאר פון אזא מאוסע ענדע האט זיי אבגעראטעוועט אן אונגערווארטעטער צופאל.

וויליאם האט בעקומען א בריעף. אז ער זאל גלייך קומען א היים, וויל זיין פאטער האלט ביים שטארבען. מאגדאלען איז געוועזען זעהר געריהרט פון זיינע לײדען און אם דיא לעצטע שטונדען זיינען זיי ווייטער געווארען וויא צוויי קערפער און איין זעעלע. ער איז אוועקגעפאהרען א היים, זאגענדיג איהר, אז ער וועט איהר שרייבען.

## VI.

נראף דע וויארנו איז געוועזען טוידט. נאר מען האט גערעכענט פאר קלינער צו פערבארגען פון וויליאמען דיא ווארהייט, אום פארצובערייטען איהם צו דיזער טרויעריגער בשורה ביסלעכווייז.

דיא אומשטענדען אונטער וועלכע דער גראף איז געשטארבען, האבען אנגעווארפען א שרעק אויף דיא בעדיענטע. איין נאכט האט זיך דער גראף איינגעשלאסען אין זיין לאבאראטאריע, וויא זיין שטייגער איז געוועזען. נאר ער איז פון דארטען ניט ארויסגעקומען צו דער געוואוינליכער שטונדע. זשענעוויוו איז געווארען דערפון אונרוהיג, אבער אזוי וויא עס פלעגט צייטענווייז טרעפען, אז ער פלעגט

זיך דאַרטען פּערזיצען שפּעט. האט זיא קיין גרויסען וועזען דערפון ט געמאַכט: נאר ווען א טאג איז אריבער און עס איז ווידער געוואָרען נאכט און דיא פענסטער פון דער לאַבאָראַטאָריע זיינען געבליבען פינסטער אנשטאט דעם, וואס זיי פלעגען שטענדיג זיין העל בעלויכטעט, איז זיא גענו א־ען זעהר צושראָקען.

אין דער פריה איז זיא אוועק צו דער לאַבאַראַטאָריע און האט זיך צוגעהערט פון הינטער דער טהיר, נאר אינערוויינינג איז געווען שטיל וויא אין א קבר און עס האט זיך דארטען נים געהערט קיין זיכבע. ענדליך האט זיא אנגעקלאַפּט, אבער זיא האט קיין ענטפער נים געקרינגען; דאן האט זיא אויפגעפּונען אז דיא טהיר איז נים פערשלאָסען, וויא געוואוינליך, זאנדערן זיא איז נאר פּערמאכט. זיא איז שנעל אריין אין צימער און האט געטראָפען דעם גראף ליגען א טוידטען אויף זיין רוקען.

אויף זיין געזיכט און אויפ'ן האלז זיינען געווען עטליכע פורפּורנע פלעקען. ביים פאַלען האט זיך זיין קאָפּ אבגעקלאפּט אן א ראָג (ווינקעל) פון טיש און א שמאָלער שטראם בלוט האט זיך געצויגען ביז צום אייוען, וואו עס האט זיך פאַר־מירט א קליינע רויטע לוזשע.

ביי זשענעוויוו האט זיך ארויסגעריסען פון האלז א ווילדער געשריי. מזהר פון אלץ האבען אויף איהר אנגעוואָרפען א שרעק דיא רויטע פלעקען אויף זיין האלז און געזיכט. ביי איהר איז קיין שום צווייפעל נים געווען, אז דאס איז געווען דיא ארבייט פון דעם ניט־גוטען, וועלכער האט דערוואָרגען איהר העררן. דיא פלע־קען זיינען פערבליבענע צייכענס פון זיינע פינגער. זיא האט שוין עם לאַנג ערוואַר־טעט און פלעגט אָפט זאגען, ווען זיא פלעגט הערען, וויא דער גראף פערשליעסט דיא טהיר פון דער לאַבאָראַטאָריע:

— דער טייוועל וועט איהם עפּעס אבטהאן א שפּיצעל; דער סוף וועט זיין, אז ער וועט איהם דערשטיקען, אום צו קריגען זיין נשמה וואס גיכער.

איהרע נביאות זיינען מקוים געוואָרען, און זיא האט געציטערט מיט אלע גליעדער, פאָרשטעלענדיג זיך דעם שרעקליכען קאמפף, וואס איהר הערר האט געהאט אויסצושטעהן פאר'ן טוידט. איהר רייכע פאַנטאזיע האט געמאָלט דאס בילד פון דעם שווארצען און האָריגען טייוועל, וויא ער כאפּט אן זיין אפּפער ביים האלז, רייסט ארויס דיא נשמה און פליהט ארויס דורך דעם קוימען.

אויף איהר געשריי זיינען אנגעלאפען אלע בעדיענטע פון דעם שלאָס. דער גראף האט שטענדיג אויסגעקליבען פאר זיינע בעדיענטע דיא נארעשסטע און אונ־וויסענדע פון דער אומגעגענד, און יעדער פון זיי האט איצט געגלויבט, אז דער גראף איז געשטארבען אין קאמפף מיט'ן ניט גוטען.

זיי האבען איהם ארונטערגעטראגען אין א אונטערסטען עטאזש, האבען איהם אנידערגעלייגט אויף א בעט און געזעצט פאר שרעק, ערווארטענדיג צו זעהן, וויא פון זיין מויל וועט באלד ארויסקומען אן אונריינע חיה.

און דאריבער איז קיין וואונדער ניט, אז נאכדעם האט זיך פערשפרייט א קלאנג, אז דער גראף איז געווען א מכשף (צויבערער) און דער טייוועל האט ענד־ליך צונענומען זיין נשמה.

דער דאקטאר, וואס האט עקזאמינירט זיין קערפער, האט אויסגעפונען, אז דער גראף האט זיך פער׳סמ׳ט; נאר ער איז געווען זעהר פערוואונדערט פון דעם מין סם, וואס ער האט געברויכט. און ער האט געדענקט, אז דאס איז געווען א נייער מין גיפט, וואס דער גראף, אלס בעמיקער, האט אליין אויסגעפונען. דער דאקטאר איז געווען זעהר פארזיכטיג און האט קיינעם ניט געזאגט וואס ער האט אויסגעפונען און האט אנגענומען די אורזאכע פון דעם גראף׳ס טוידט אפאפ־לעקסיע.

ווילאם איז אנגעקומען אין שלאס א שטונדע פאר דער קבורה; ער האט מיט׳ן גאנצען הארצען בעדויערט זיין פאטער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער לעצטער האט איהם בעהאנדעלט קאלט. מיט א פאר חדשים צוריק וואלט ער פיליכט ניט פערגאסען א טרער, נאר די לעצטע צייט, וואס ער האט פערבראכט מיט מאנדאלען, האט איהם געמאכט אזוי נערוועז, אז די מינדעסטע זאך האט איהם גערירט ביז טרערען.

ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט פון דער לויה, איז איהם זשאנעוויוו נאכגע־גאנגען אין זיין צימער און האט איהם מיט דער רוהיגער גרויזאמקייט פון א פא־נאטישע פרוי געזאגט, אז זיא איז בעגאנגען א גרויסען חלול השם. א לעטטערונג געגען גאט, וואס זיא האט איהם געלאזט מקבר זיין אויף הייליגער ערד, און האט איהם דערביי דערצעהלט די אורזאכען פון דעם גראפ׳ס טוידט. לויט זיא האט פערשטאנען. זיא וואלט פיליכט אבגעלעגט דיזע ערצעהלונג אויף אן אנדערס מאל, נאר זיא האט גערעכענט, אז היינט וועט עס האבען א בעסערע ווירקונג אויף זיין מאראל. געענדיגט האט זיא מיט דעם, אז זיא האט איהם געבעטען, ער זאל איהר געבען א שבועה, אז ער וועט ניט אריין אין קיין שום פערבינדונג מיט׳ן טייוועל.

ווילאם האט איהר געגעבען די שבועה און האט זיך צוגעהערט מיט א צר מישטען קאפ צו אלץ, וואס זיא האט איהם געזאגט, ניט בעגרייפענדיג, פאר וואס זיא רעדט צו איהם אזוי פיעל וועגען טייוועל. איין זאך האט ער נאר געוואוסט,

אז אריב דיא וועט לאנג רעדען וועגען דעם פאטער׳ס טוידט און שילדערן זיין קאמפף מיט׳ן טייוועל מיט איהר קווימשעדיג און שניידענדען קול, וועט ער אראב פון זינען. נאר ווען ער האט דערהערט פון דיא פלעקען אויפ׳ן פאטער׳ס געזיכט און האלז, איז ער שרעקליך בלייך געווארען און האט געזוכט צו פערטרייבען דעם געדאנק, וואס איז איהם פלוצים אריין אין קאפ.

אין דעם מאמענט איז מען אריינגעקומען מעלדען, אז יעמאנד וויל איהם זעהן, דאס איז געווען דער דאקטאר וואס האט עקזאמינירט דעם טוידטען. מיט גרויסע פארזיכטיגקייט האט ער איהם ענטדעקט דיא שרעקליכע ווארהייט. זאגענ־דיג, אז כאטשע ער האט עס פערבארגען פון פובליקום, רעכענט ער פאר זיין פליכט צו זאגען עס איהם, זיין זוהן.

וויליאמען איז אריבער א קעלט איבער אלע גליעדער. איהם האט ארויסגע־וויזען, אז א שווארצער אבגרונד האט זיך געעפענט פאר זיינע פיס. ער האט בע־דאנקט דעם דאקטאר פאר׳ן סעקרעט, וואס ער האט בעהאלטען פון דיא מאסע און האט זיך שוין געלאזט געהן, ווען דער דאקטאר האט איהם אבגעשטעלט.

— פערציי‌הט, האט ער געזאגט צו וויליאמען, וואס איך וויל אייך איצט בעאונרוהיגען, נאר איך האב מורא, אז מארגען וועט זיין צו שפעט. איך וואלט זעהר וועלען אויסגעפינען, וואס פאר א מין גיפט דאס איז געווען, וואס האט ארויסגערופען דיא זאנדערבארע פלעקען. ערלויבט מיר אריינצוקומען אין צימער, וואו מען האט געפונען דעם טוידטענס קערפער.

וויליאם האט געשיקט מען זאל איהם אריינטראגען דעם שליסעל פון דער לאבאראטאריע און איז מיטגעגאנגען מיט׳ן דאקטאר, אליין ניט וויסענדיג, וואס ער טהוט.

נאר ווען ער איז אריינגעקומען אין דער לאבאראטאריע האט ער זיך פלוצים אויפגעכאפט פון זיין היניהער פלעט. דאס צימער האט איצט געהאט גאר אן אנ־דער אויסזעהן, וויא ער האט עס געזעהן מיט א יאהר דריי צוריק, ווען דער פאטער האט איהם פערבאטען צו מאכען עפעס א קאריער אין לעבען. דאמאלס האבען דיא אייוועלעך און דיא דרייפוסען געשיינט אין דעם ליכט פון דיא גרויסע פענסטער.

אויף פאליצעס ארום צימער זיינען דאמאלס געווען אויסגעשטעלט פלעשע־לאך, סלאיטשיקעס, קריגעלאך פון פערשיעדענע סארטען. אויף דיא טישען זיינען געלעגען גרויסע ביכער און גאנצע מאסען מאנוסקריפטען (כתבים). דא זיינען

געווען בעגראבען דיא פרוכט פון א לאנגען לעבען ארבייט, דיא ווערטהפאלע נעהיימ־ניסע פון א געלעהרטען, וואס האט געמאכט זיינע פארשונגען אין דער נאטור א האלב הונדערט יאהרען. וויליאם האט געהאפט צו טרעפען דאס צימער אין דעם זעלבען צושטאנד, נאר געטראפען האט ער עפעס גאר אנדערס.

דאס צימער האט איצט אויסגעזעהן וויא א שרעקליכער שטורם וואלט דא דורכגעלאפען און וואלט צערשמעטערט און צערשטערט אלץ, וואס ער האט דא געטראפען. דיא אייזערנע האבען געשיינט צו זיין אויסגעלאשען מאנאטען לאנג, דיא אש האט זיך אריבערגעשאטען אויפ'ן באדען, דיא רעהרען זיינען געווען צר־בראכען און צודרייט, דיא פלעשעלאך און דיא קרינעלאך זיינען געווען צובראכען. דיא פאליצעס זיינען אראבגעהאנגען, וויא אראבגעריסען פון א צארניגע האנד, דיא ביכער און מאנוסקריפטען זיינען געווען האלב פערברענט. נאר דיזע רואינע דיזער תל האט געשיינט צו זיין ניט קיין נייע, ווייל איבעראל האט זיך געזעהן שפינוועבס (פאוועטינע).

וויליאם האט באלד פערשטאנען דיא בעדייטונג דערפון, זיין פאטער האט צו איהם גערעדט מיט ביטערניס וועגען וויסענשאפט און האט ניט געוואלט, אז יעמאנד זאל פראפעטירען, זאל האבען עפעס א נוץ פון זיינע ענטדעקונגען. וויליאם האט זיך גרינג געקענט פארשטעלען דעם טרויעריגען טאג, ווען דער אלטער גע־לעהרטער האט צערשטערט יעדע זאך, וואס איהם איז געווען אזוי טהייער. וויא פאר דיא אויגען איז איהם געשטאנען דיא סצענע, וויא דער פאטער פערברענט דיא מאנוסקריפטען, רייסט אראב דיא פאליצעס, צערברעכט דיא פלעשלאך און צודרייט דיא רעהרען. איין שטונדע, איין מינוט, קען זיין, איז געווען גענוג צו פערניכטען דיא שווערע ארבייט פון לאנגע יאהרען. און איהם האט געדוכט, אז ער זעהט א זעלטזאמען שמייכעל אויף זיין פאטער'ס בלייכע געזיכט און וויא ער ווישט אב דעם שטערן, ווען ער געפינט אויס, אז פון אלע זיינע ענטדעקונגען איז גאר ניט פערבליבען און ער איז איינער אליין צווישען דיא אלע רואינען.

וויליאם איז געווען מעהר ערשראקען פון דעם געדאנק, וויא אזוי זיין פא־טער האט פערבראכט דיא שטונדען און טעג נאכהער וויא ער האט אלץ פערניכ־טעט; וויא איהם איז געווען אויפ'ן הארצען ארומשפאצירען אין דיזען קבר, וואו ער האט בעגראבען זיינע בעסטע יאהרען. וואס פאר א ביטערע געדאנקען האבען זיך געשטורעמט ביי איהם אין קאפ, ווען ער האט מיט'ן פוס צוקלאפט א גלע־עלע, וואס האט זיך נאך דער צערשטערונג פערקייקעלט ערגעץ א גאנצע.

קיין זאך איז איצט ניט פערבליבען, דאך ווען וויליאם איז אזוי ארומגעגאנגען

איבערן צימער, האט ער בעמערקט א קליינע שאפקעלע מיט גלעזערנע טהירלאך, וואס איז געווען צוגעשלאגען צו דער וואנד. דיא שאפקעלע איז געבליעבען אונבע־ריהרט און איז געווען אנגעשטעלט מיט פלעשעלאך, וועלכע האבען ענטהאלטען פליסינקייטען פון אלערליי קאלירען. דאס זיינען געווען פערשיעדענע גיפטען, וואס דער גראף האט אליין צוזאמענגעשטעלט אדער ענדעקט. דיא שאפקעלע איז געווען זעהר א שעהנע און האט געקענט שטעהן פאר א צירונג אין א בודואר ביי א דאמע. און אין דער ווירקליכקייט האט מען דיא שאפקעלע ארויסגעטראגען אהער פון דעם אנדערסטען סאלאן. דער גראף אליין האט אנגעשריבען אויף יעדער פלעשעלע מיט זיין פינגער איינגעטונקט אין טינט: „גיפט".

וויליאם האט שמערצליך געפיהלט דיא איראניע, מיט וועלכער זיין פאטער האט איבערגעלאזט גראדע דיזע אנרעגונג, דאס רעזולטאט פון זיין גאנצע ארבייט און וויסענשאפט זיינען געווען עטליכע פלעשעלאך גיפט. דאס וואס האט געקענט זיין ניצליך האט ער צערשטערט און האט איבערגעלאזט פאר דער מענשהייט דיזע מעכטיגע אגענטען, דיזע מלאכי חבלה פון ליידען און טוידט.

וויליאם האט א צאפעל געטהאן, ווען ער האט עס דערזעהן און איהם האט געדוכט, אז ער הערט דעם שפעטישען געלעכטער פון דעם אלטען בעמיקער.

דער דאקטאר איז געווען אויסער זיך פאר כעס.

— וואס פאר א מאן! האט ער געמורמעלט. אלץ צערשטערט. מען האט איהם געדארפט איינשפארען אין א דול־הויז.

— אייער פאטער איז געווען א גרויסער געלעהרטער, האט ער זיך געווענדעט צו וויליאמען, ער האט ווארשיינליך געמאכט וואונדערבארע ענטדעקונגען און זעהט דאס רעזולטאט דערפון. ער איז אהן צווייפעל געווען פערריקט. ער האט געקענט זיין א מיטגליעד פון דער אקאדעמיע דער וויסענשאפט און איז געלעגען איינגע־שלאסען דא. נאר איך וועל געפונען זיינע מאנוסקריפטען, איך וויל איינע פון זיי פערעפענטליכען און דאס וועט ברענגען עהרע אונז ביידען.

ער האט ווייטער געזוכט אין דיא פאפירען, ניט קוקענדיג אויפ'ן שטויב.

— ניין, גאר ניט געבליעבען, ניטא קיין איין גאנצע בלעטיל. אזא משוגעת האט זיך מיר גאר ניט געחלומט.

ווען ער האט געענדיגט מיט דיא פאפירען, האט ער זיך גענומען צו דיא צובראכענע פלעשלאך. פלוצים האט ער זיך אומגעקוקט און האט דער עהן דיא פערמאכטע שאפקע. ביי איהם האט זיך ארויסגעריסען א געשריי פון פרייד. נאר דער שליסעל איז ניט געווען און ער האט זיך געמוזט בעגוגענען מיטן בעטראכטען

דיא פלעשלאך דורך דיא גלעזערנע טהירלאך פון דער שאפקע. ער האט זיך גע־ ווענדעט צו וויליאמען און געזאגט:

— איך בעט אייך, איהר זאלט מיר ערלויבען צו אנאליזירען דיזע פליסיגקיי־ טען; איך בעט אייך אין דעם נאמען פון דער וויסענשאפט.

וויליאם האט א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפ, און ווייזענדיג מיט׳ן פינגער אויף דיא צעבראכענע פלעשלאך, האט ער געזאגט:

— איהר זעהט, אז מיין פאטער האט ניט געוואלט איבערלאזען קיין זכר פון זיין ארבייט. דיא פלעשלאך מוזען דאריבער בלייבען דארטען, וואו ער האט זיי איבערגעלאזט.

דער דאקטאר האט ווייטער געבעטען, נאר עס האט איהם ניט געהאלפען. פלוצים האט ער דערזעהן דאס בלוט. וואס האט זיך צוזאמענגערונען ביים אייווען. ער האט זיך געשטעלט אויף דיא קניע און האט מיט דיא נענעל גענומען צוזאמענקראצען דיא פערטריקענטע בלוט. ער האט געהאפט פון דעם אויסצוגעפונען פון וואס פאר א מין דער גראף האט זיך פערגיפטעט.

וויליאם האט באלד פערשטאנען וואס ער טהוט און איז צו איהם צוגעגאנ־ גען. האט איהם אנגענומען פאר דער האנד און געזאגט מיט ציטערדיגע ליפען:

— קומט מיט מיר, דאקטאר. איך קען ניט אריבערטראגען צו שטעהן לענ־ גער אין דעם צימער. לאמיר ניט שטערן דיא רוה פון דעם טוידטען, קומט גלייך.

דער דאקטאר איז איהם נאכגעגאנגען מיט אן אונצופריעדענע מינע, און וויליאם האט פריי אבגעאטהעמט אין קארידאר. ער האט צוגעשלאסען דיא טהיר און האט זיך צוגעזאגט, אז ער וועט פאלגען דעם פאטער און וועט מעהר ניט אריבערטרעטען דעם שוועל פון דיזען צימער.

דיא ערסטע טעג איז וויליאם געוועזען פערווארפען מיט ארבייט, מען האט איהם ניט געלאזט רוהען ניט איין מינוט, נאר באלד האט דאס איהם דערעסען און ער האט זיך פערשלאסען ביי זיך אין צימער, אנזאגענדיג זשענעוויוו, אז זיא זאל איבערנעהמען זיין ארבייט.

דער גראף האט אין זיין צוואה איבערגעלאזט פאר זשענעוויוו א היבשע סר־ מע יעהרליכע איינקינפטע, נאר זיא האט זיך דערפון אבגעזאגט, ערקלערנדיג, אז פאר איהר איז גענוג דיא געהאלט און זיא איז נאך אין שטאנדע צו טהאן איהרע פליכטען.

וויליאם איז געוועזען זעהר צופריעדען ארויפצוווארפען אויף איהרע פלייצעס דיא גאנצע פעראנטווארטליכקייט פון דיא נימער. זיין זארגלאזע נאטור האט פיינד

נעהאט יעדע זאך, וואס האט נעפאדערט א געוויסע טהעטינקייט, און דיא קלייג־ליכע זארגען פון דעם טעגליכען לעבען האבען איהם סעהע ר.

ווען ער איז ענדליך נעבליבען אליין און האט מעהר נים נעהאט וואס צו טהאן, האט איהם אנגעהויבען צו פלאגען דער געדאנק וועגען זיין פאטער'ס זעלבסט־מארד און וועגען יענעם צימער, וואס איז פערפלעקט געווארען מיט'ן פאטער'ס בלוט. ביסלעכווייז האבען זיך אין איהם ערוועקט אלע ערינערונגען פון זיין טרויערינען לעבען, און איהם האט געדוכט, אז דיא לעצטע טראגעדיע איז געווען דער פינאל, רער סך הכל פון דיא אלע אונגליקען, וואס האבען נעפיהרט דערצו. זיין געבורט, זיין איינזאמע קינדהייט, זיינע שרעקליכע פערפאלגונגען, ווען ער איז אביסעל עלטער געווארען און איצט האט נאך דער פאטער צוגעגעבען צו דעם פעקעל צרות דעם זעלבסט־מארד. דאס אלץ האט איהם שרעקליך צובראכען און ער האט גענומען קוקען אויף זיך, וויא אויף אן אפפער פון זיין שיקזאל.

ווען ער האט דערזעהן, אז פאר זיינע פיס האט מען אויפגעלענט א גאנצען פערמעגענס, וואס פאדערט פון איהם, ער זאל שפיעלען דיא ראליע פון א טהעטינען מאן אין לעבען, איז נאך זיין פינסטערע מורא גרעסער געווארען. ער האט פון דער וועלט נאר נים געוואוסט און האט געציטערט פאר דער צוקונפט. ער האט זיך אליין געפרענט, וואס פאר א נייע וואונדען האט דער שיקזאל צוגעגרייט פאר איהם, ווייל ער איז געווען זיכער, אז וויא נאר ער טרעט אליין ארויס אין לעבען, וועט שוין דער ערסטער טריט זיין א נארישער.

ער האט אויף זיך געקוקט, וויא אויף אן אונגליקליכען, און דאס האט פערדאפעלט זיין ליעבע צו מאגדאלען. ער האט איהר אין זיינע געדאנקען פערגעטערט און האט נעטראכט, אז נאר זיא אליין וויים וויא צו שעצען און ליעבט איהם וויא ער איז דאס ווערטה. ער האט זיך אזוי געגויטהינט צו זיין געליעבט, אז ער האט זיך בלינד ארויפגעווארפען אויף דיא ליעבע פון דער איינציגער פערזאן, וואס ער האט געקענט און דאס האט איהם געגעבען עטליכע מאנאטען רוה און צערטליכקייט, צוואר ער האט נים געוואוסט, ווער זיא איז ער האט יעדען טאג געשריבען א לאנגען בריעף צו מאגדאלען און האט זיך געקלאגט, וואס זיי זיינען איצט געשיידעט איינער פון צווייטען און אז ער וועט עס לענגער נים אויסהאלטען צייטענווייז האט ער מיט פערגניגען געטראכט פון דעם לעבען, וואס ער האט פערבראכט מיט איהר אויף דער בולאנער גאס און האט גענומען טרוימען צו בעגייען דאס זעלבע לעבען, נאר דא האט ער זיך דערמאנט דיא לעצטע מעלאנכאלישע טעג און האט זיך גענומען שרעקען. אז זיי וועלען שוין מעהר קיין גליק נים

זעהן אונטער יענעם דאך. ענדליך האט ער איהר אנגעשריבען א בריעף, אין וועלכען ער האט איהר שטאַרק געבעטען, זיא זאל קומען צו איהם.

מאַנדאַלען איז געווען זעהר צופריעדען פון דעם פּלאַן. זיא האט איצט אויך מורא געהאט פאר זייער אַלטע וואוינונג, און זיא האט זיך ניט געקענט א קעהר טהאן, אז זיא זאל זיך ניט דערמאַנען אן זשאַס. זיא איז שיער ניט אראב פון זינען אין דיא פאר וואכען, וואס זיא האט ראַרטען געדאַרפט פערברענגען אליין. גלייך וויא וויליאם איז אוועקגעפאהרען, האט זיא זשאַק'ס בילד אראבגענומען פון דער וואנד און אין הארצען האט זיא פארווירפע געמאכט וויליאמען, פאר וואס ער האט איהר איבערגעלאזט אליין מיט איהר אלטען ליעב־האָבער, און זיא איז געווען אויסער זיך פאר פרייד, ווען זיא האט פערשלאסען הינטער זיך דיא טהיר פון דער הויז אין בולאָנער גאס, אום ניט אומצוקעהרען זיך מעהר צוריק אהער; עס האט איהר אויסגעוויזען, אז איצט האט זיא זיך בעפרייט פון זשאַק'ס גייסט אויף אייביג.

וויליאם האט אויף איהר געווארט אין נאַנטעס. ער האט איהר ביי איהר אנקומען אבגעפיהרט אן א זייט און ערקלעהרט דעם פּלאַן, וואס ער האט אויסגעארבייט פאר זייער נייען לעבען. זיא דארף ערשיינען וויא איינע, וואס איז געקומען אויפ'ן לאַנד צו האבען פרישע לופט און וועט וואוינען אין דעם קליין הייזעל, וואס שטעהט אין עק פארק און דארטען וועט ער איהר קענען זעהן ווען ער וועט וועלען. נאר מאַנדאַלען האט זיך דערפון אבגעזאגט, זיא האט ניט געוואַלט זיין פערפליכטעט צו איהר ליעב־האָבער פאר א וואוינונג און האט איהם ערקלערט, אז עס וועט זיין פיעל בעסער, אויב ער וועט איהר ערלויבען אויסצוזוכען א וואוינונג אין דער געגענד פון דעם שלאָס. דער יונגער מאַן האט געפיהלט, אז זיא איז גערעכט, דערמאנענדיג זיך דיא רכילות, וואס מען האט פערשפרייט וועגען זיין פאטער. און עס איז בעשלאסען געווארען, אז ער זאל זיך צוריקקעהרען אליין אין דער קאַרעטע, אין וועלכער ער איז געקומען און זיא זאל פאהרען מיט'ן דיליזשאַנס אין שטעדטעל און דארטען נאכפרעגען וועגען א וואוינונג און ווען זיא וועט געפינען, זאל זיא איהם לאזען וויסען.

מאַנדאַלען האט באלד געפונען, וואס זיא האט געזוכט. דער אייגענטהימער פון האָטעל האט געהאט ניט וויט פון שלאָס א פארם און איז בענאַנגען דיא נארעשקייט, וויא ער האט זיך אויסגעדריקט, אײַנצובויען דארטען א הויז, און האט ניט אויפגעהערט צו בעקלאגען זיך, וואס ער האט אזוי נאַריש פערשווענד־טעט דארטען זיין געלד און ווען מאַנדאַלען האט איהם דערצעהלט אז זיא וויל

קריגען א הויז אין יענעם געגענד, האט ער איהר גלייך אנגעבאָטען, זיא זאל דינ־נען זיין הויז. אויף מארגען נאָך איהר קומען האט ער איהר אוועקגעפיהרט אהין, זיא זאל דיא הויז אנקוקען. דיא הויז האט געהאט פיער צימערן, פון רעגען זיינען דיא געקאלכטע ווענד געווארען געל, און דער רויטער דאך האט פריילין ארויסגע־קוקט צווישען דיא ביימער. הינטער דער הויז איז געווען א גארטען און ווייטער האבען זיך געפונען נידריגע און שווארצע הייזלאך, פון וואנען עס האבען זיך גע־הערט דיא קולות פון עופות און בהמות.

מאגדאלען איז געווען ענטציקט פון דער הויז, מען דארף איהר נאר אויס־מעבלירען און מען קען זיך גלייך אהער אריינציהען. זיא האט דיא הויז געדונגען אויף א האלב יאהר פאר פינף הונדערט פראנק, אויסרעכענענדיג, אז זיא וועט קענען דעקען איהרע מעגליכע אויסגאבען פון איהרע אייגענע איינקינפטע. נאך אין דער זעלבער נאכט האט זיא זיך אריבערגעצויגען אהין און האט פערגאנדער־געפאקט איהרע קאסטענס מיט א פרייליכען געזאנג, ווייל גלייך ווי זיא האט דערזעהן דאס קליינע הייזעל מיט'ן רויטען דאך, האט זיא געזאגט צו זיך אליין:

— איך וועיס שוין, דא וועל איך פערברענגען גליקליכע טעג!

א זייגער ניין איז צו איהר געקומען וויליאם, און זיא האט איהם אויסגעווי־זען יעדען ווינקעלע פון הויז, און האט איהם געפיהרט אין־גארטען כאטשע עס איז געווען דונקעל.

קום אין גארטען, דארטען זיינען פאראן מאלינעס, בלומען און מיר דובט, אז איך האב אפילו געזעהן ריבעלאך, האט זיא געזאגט מיט שטאלץ.

וויליאם האט קיין זאך ניט געזעהן, נאר ער איז געווען גליקליך מיט איהר גליק. ווען זיי זיינען צוגעגאנגען צום עק גארטען, האט זיא איהם געוויזען אן עפע־נונג אין פארקען.

— דורך דאנען, האט זיא געזאגט ערנסט, וועסטו דארפען קומען צו מיר; איך וויל ניט, אז דיא שכנים ארום זאלען דיך זעהן.

דאן האט זיא געוואלט זעהן, צו דיא עפנונג איז גרויס גענוג, אז ער זאל קענען דורכגעהן און האט איהם געבעטען, ער זאל שוין מאכען א פראבע, וואס ער האט געטהאן מיט פערגניגען. דיא געליעבטע זיינען שוין לאנג ניט געווען אזוי גליקליך. מאגדאלע איז געווען גערעכט. אין דעם פלאץ האט איהר ערוואַרט פרייד, רוהע און עהרע. זשאקס בילד איז געבליבען פערשלאסען אין זייער פריהערדיגער וואוינונג אין פאריז און מיט איהם זיינען דארטען פערבליבען אלע ערינערונגען פון דער טוידטער פערגאנגענהייט. זיא האט זיך געפיהלט אזוי גרינג, אזוי גוט,

אז צייטענווייז האט איהר אויסגעוויזען, אז זיא האט נאָר וואָס פערלאזען דעם פּאַנסיאָן.

דיא הויפּט פריידע איהרע איז געווען, וואס זיא האט זיך געפיהלט אונטער איהר אייגענעם דאך און זיא פלעגט מיט א קינדערשע צופריעדענהייט ארויסריידען דיא ווערטער: „מיין הויז, מיין גארטען,“ זיא האט זיך געפיהלט שטאָלץ מיט איהר ווירטשאפט, האט געפיהרט איהרע רעכנונגען און האט זיך געקלאָגט, ווען פוטער און אייער זיינען געווארען טהייערער. און זיא איז געווען העכסט גליקליך ווען וויליאם האט אָנגענומען איהר איינלאַדונג צו קומען צו איהר צו מיטאג. אין אזעלכע טעג האט זיא איהם ניט ערלויבט צו ברענגען מיט זיך פרוכטען פון שלאָס.

ענדליך האט זיא געקענט ליעב האבען וויליאמען, וויא איהר גלייבען. ביז איצט האט זיא אם מייסטען געליטען פון געדאנק, וואס זיא לעבט וויא א פרוי, וועלכע ווערט אויסגעהאלטען פון א מאנסספערזאן. איצט האט זיא זיך בעפרייט פון דעם געפיהל און זיא פלעגט איהם בעגעגענען מיט א גליקליכען שמייכעל.

וויליאם האט זיך ניט געקענט אבוואונדערן, וואס ער ההט אין מאַגדאלען געפונען נייע אייגענשאפטען, וועלכע ער האט פריהער ניט בעמערקט. פריהער איז זיא געווען אונטער זיין דאך, איצט איז ער געווען אונטער איהרען און דיעזער אונ־טערשיעד האט פערקניפּט און פערפעסטיגט זייער גליק. ער האט זיך דא געפיהלט וועניגער היימיש, וויא אין זייער וואוינונג אין פאריז. און דאס האט ביי איהם ארויסגערופען מעהר דאנקבארקייט פאר מאגדאלענ׳ס קוסען.

ער פלעגט קומען צו איהר דורך פעלדער און לאָנקעס און איז געווען גליקליך וויא א אינגעל, וואס אנטלויפט פון שולע. ווען ער פלעגט באגעגענען א פויער האט ער זיך געמאכט, וויא ער זוכט קרייטעכער אין בלומען. ער פלעגט זיך פער׳גנב׳ענען דורך דער עפנונג אין פּאַרקען און איז בעגריסט געווארען פון מאגדאלען מיט א קוס ווען זייערע צוזאמענקינפטע זאלען זיין פרייער, וואלטען זיי פערלארען פיקייבט דעם רייץ פאר זיי; אזוי אבער זיינען זייא געוועןביידע גליקליך און האבען געשיינט צו פערגעסען אין גאנצען דיא מאנאטען, וואס זיי האבען צוזאמען פערבראכט אין פאריז און זיי האט אויסגעוויזען, וויא זיי וואלטען זיך ערסט נעכטען בעקענט. מאגדאלען איז איצט געווארען גאר אן אנדער פרוי. זיא האט איהם איצט אויפגע־נומען מיט א פאָרזיכטיגקייט פון א דאמע, וואס האט שטארק מורא פאר איהר רעפּוטאציאָן, פאר איהר נאמען. ער איז ניט געווען קיין איינוואוינער פון איהר הויז, זאנדערן א גאסט, און קיין זאך זיינע האט ניט געטארט בלייבען אין הויז.

אזוי איז אריבער דער גאנצער זומער. זיא האט זיך בעזעצט אין דעם הייזעל

אין מאנאט אפריל; זיא האט קיין זאך ניט געוואוסט פון דעם לעבען אויפ'ן לאנד און יעדע זאך האט איהר דא פערשאפט פערגניגען אויף יעדען טריט און שריט. זיא האט צום ערסטען מאל געזעהן, וויא בוימער צולאזען זיך, וויא זיי בעדעקען זיך מיט בליהונג און דערנאך מיט פרוכטען און וויא דיא פרוכטען ווערען צייטיג, און האט אויף דעם געקוקט מיט א גליקליכען פערוואונדערטען שמייכעל.

ווען זיא איז אנגעקומען זיינען דיא בוימער געווען נאך נאקעט. דיא פעלדער זיינען געווען פערטרונקען פון דיא ווינטערדיגע רעגענס. דאן איז דיא זון געווארען הייסער און דיא בלעטלאך אויף דיא בוימער גרעסער און מאנדאלען אליין געזינטער און רוהיגער. זיא פלעגט ארומשפאצירען מיילענווייז יעדען טאג און האט אפילו ניט געדענקט צו ווערען מיעד. געוואוינליך פלעגט זיא בענעגענען וויליאמען אין א קליין וועלד'ל, וואו עס איז דורכגעלאפען א קליין טייכעל, דאס זעלבע טייכעל, וואו וויליאם פלעגט כאפ'ן פיש, ווען ער איז נאך געווען א יונגער אינגעל. מאנדאלען און וויליאם פלעגען געהן צוזאמען האנד אין האנד, וויא צוויי קינדער. ווען מאנדאלען פלעגט זאגען, אז איהר איז קאלט, פלעגען זיי ארויס אין פעלד, וואס האט זיך געצויגען אזוי וויים, ביז דאס אויג האט געקענט זעהן: זיא האט געזאגט, אז דיא ברענענדיגע שטראהלען פון דער זון גיעבען איהר קרעפטען. נאר וויליאם האט דיא היץ ניט געקענט פערטראגען און האט דערפון געליטען. און ווען זיא האט געזעהן, אז ער אטהעמט שווער האט זיא איהם צוריקגעפיהרט צום ברעג פון דעם קליינעם טייכעל, וואו זיי האבען געהאט זייער ליעבלינגס-פלאץ. דער פלאץ איז געווען זעהר א שעהנער. פון א פעלזען האט ארויסגעשטראמט א קלארער קוואל וואסער און ביז אויבען איז דער פעלזען געווען בעדעקט מיט בלעטער פון וויין-טרויבען, דורך וועלכען דאס וואסער האט דורכגעשטראמט. ווען זיי זיינען געזעסען דא און צוגעהערט זיך צום גערויש, וואס דאס וואסער האט געמאכט בייס פאלען אויף דיא בלעטער, האט זיי בעהערשט א געפיהל פון שלאף און עוויגקייט.

מאנדאלען פלעגט שטענדיג מיטנעהמען מיט זיך פרוכטען און צווינגען איהם ער זאל מיט איהר צוזאמען עסען. וויליאם האט שטארק בעוואונדערט איהר שענהייט, מיט יעדען טאג איז זיא געווארען שעהנער, וויא א בלום אויף דער זון. דיא פרישע לופט האט איהר אין גאנצען איבערגעענדערט, איהר האט אויסגעוויזען, אז זיא איז נאר העכער געווארען; איהר הויט איז אביסעל פערברענט געווארען פון דער זון, נאר דאך האט זיא ניט פערלארען איהר דורכזיכטיגקייט און איהרע פראכטפאלע האר האט זיא געטראגען אין א פערפלאכטענעם צאם איבער דער פלייצע.

וויליאם האט זיך קיין מאל ניט געקענט זאט אנקוקען אויף איהר רוהיגע און איידעלע געזיכט; זייער ליעבע איז געווען א צארטע און איידעלע, אהן גראבע געפיהלען.

ווען זיי פלעגען ניט געהן שפאצירען אין וועלד'ל, האבען זיי גענומען א קאַרעטע און זיינען געפאהרען ווייט, ווייט אין דער אומגעגענד. דאן פלעגען זיי דיא קארעטע ערגעץ אבשטעלען און געהן צו פוס, אליין ניט וויסענדיג וואהין.

צייטענווייז פלעגען זיי פערלירען דעם וועג און האבען א לאנגע צייט געדארפט נאכפרעגען, וואו צו געהן.

מאגדאלען האט זעהר ליעב געהאט בהמות און עופות. זיא האט געקענט אבשטעהן שטונדענווייז נעבען א הוהן מיט קליינע הינדעלאך און צוקוקען זיך צו זיי. זיא פלעגט געהן אין שטאל צו גלעטען דיא קוה, און ווען וויליאם וואלט פון איהר ניט געלאכט, וואלט זיא שטענדיג מיטגעשלעפט עפעס א לעבעדיג בעשעפענים מיט זיך אין שבאדט אריין.

נאך א ליידענשאפט האט זיא געהאט צו קינדער. אזוי ניך וויא זיא האט דערזעהן א קינד שפיעלען זיך ביי דער טהיר, פלעגט זיא בלייבען שטעהן און ניט קענען אברייסען דיא איינגען פון איהם. דאן האט איהר ניט געארט, צו דאס קינד איז געווען שמוציג צו ניט און איז צו איהם צוגעגאנגען און גענומען איהם אויף דיא הענד. זיא פלעגט רופען וויליאמען, ער זאל זעהן, וויא שעהן דאס קינד איז.

דער הערבסט איז געקומען מיט זיינע פינסטערע וואלקען איבערן טונקעלען הימעל. דער ווינד איז געווען שארף און קאלט, אויפ'ן גאנצען לאנד איז וויא אנגעפאלען א שלאף. דיא געליעבטע האבען געמאכט נאך א שפאציר צום וועלדעל. זייער ליעבלינגס-פלאץ האט איצטער אויסגעזעהן טרויריג און פערלאזען, געלע בלעטער זיינען געלעגען אויסגעשפרייט אויף דער ערד וויא א טעפיך, דיא בוימער זיינען געשטאנען נאקעט און אויסגעצווינגען, און דאס קליין טייבעל איז געווען שמוציג פון רעגען.

וויליאם האט געפיהלט, אז זייערע לאנגע שפאצירים מוזען זיך ענדיגען. עס קומט אן דער ווינטער; און ער האט מיט טרויער געטראכט פון דעם פערגאנגענעם גליקליכען זומער און געקוקט אויף מאגדאלען, וועלכע איז געלעגען אויף דיא אבגעפאלענע בלעטער און האט געבראכען דיא צווייגלאך.

מיט א נאכט פריהער האט ער זיך בעשלאסען חתונה צו האבען מיט מאגדאלען. דער געדאנק צו געהן מיט איהר אונגעזאמט צו דער חופה איז איהם אריין אין קאפ, ווען ער האט געזעהן, וויא זיא האט זיך געשפיעלט מיט א קינד. ער

האט זיך פלוצים דערמאנט, אז ווען זיא זאל ביי דיא איצטיגע אומשטענדען ווערען א מוטער, ווערט דאס קינד טראָגען אויף זיך דעם זעלבען פלעק, וואס ער האט געטראָגען.

אויסער דעם, זיינען געווען נאך אורזאכען, וואס האבען איהם געטריבען צו דיזען ענטשלוס. ער האט זיך פערליעבט אין דער ערסטער פרוי, וואס ער האט בעגעגענט און וויא ער האט אמאל געזאגט זשאק'ן, וועט ער ניט אויפהערען צו ליעבען איין פרוי זיין גאנץ לעבען, און ער האט געציטערט פאר'ן געדאנק, אז ער קען איהר נאך פערלירען. און וויא אזוי האט ער איהר געקענט צובינדען צו זיך, אויב ניט דורך א חתונה? ער האט געוואלט פיהלען, אז דיא שטורמס פון לעבען זאלען איהם ניט אנריהרען און ער זאל קענען זאגען צו זיך: איך בין אויף א זיכער-רען פלאץ, און קיין שטורם קען מיך ניט ריהרען. דיא חתונה וועט מאכען געזעצ-ליך זיינע פערהעלטניסע צו איהר וועלכע ער האט שוין אזוי אויך גערעכענט פאר אייביגע.

ער האט מורא געהאט פאר'ן קומענדען ווינטער, אליין אין דעם גרויסען שלאָס. וויא אזוי וועט ער געהן אין רעגען און בלאָטע און קלאפען ביי איהר דיא טהיר. וועט דען ניט זיין בעסער צו וואוינען מיט איהר אונטער איין דאך? זיי וועלען פערברענגען דיא דונקעלע מאנאטען ביי א ווארעמען אייוועז, און ווען פריה-לינג וועט קומען וועלען זיי ביידע ארויסקריכען פון דער איינזאמקייט.

אויך האט ער איהר געוואלט ווייזען מיט'ן פארשלאג וועגען חתונה, וויא הויך ער שעצט איהר און שעצט איהר.

דאך האט איהם א פערבארגענער שרעק צוריקגעהאלטען. ער האט שוין מאָנאטען-לאנג געלעבט בלויז מיט דער געגענווארט, יעדע שטונדע האט איהם ביז איצט געבראכט א נייע פרייד. א קוק טהוענדיג אין דער צוקונפט, איז ער גע-וואָרען אונרוהיג. ער האט זיך אליין ניט געקענט אבגעבען א רעכנונג אין דיזער אונרוהיגקייט, פיליכט האט איהם געשראקען דיא פערבינדונג מיט א פרוי, וועמעס פערגאנגענהייט איז פאר איהם געווען פינסטער.

ער איז מיט איהר געקומען צום קוואל אין וואלד צו זאגען איהר זיין פלאן וועגען דער חתונה, נאר דיא בייטער זיינען געווען אזוי נאקעט, דער הימעל אזוי גרוי, אז ער איז געבליבען זיצען שטום און ציטערנדיג פון דעם קאלטען ווינד. מאגדאלען האט אויך געפיהלט א קעלט, זיא האט ארומגעבונדען דאס האלז מיט א טיכעל און בעהאלטען דיא פיס אינטער'ן קלייד.

צוריק געהענדיג א היים, האט איהר ווילים געזאגט, וואס ביי איהם איז

אויפ'ן הארצען. זיין שטימע האט געציטערט און זיין מינע איז געווען פון איינעם, וואס בעט א טובה.

מאנדאלען האט איהם אויסגעהערט פערוואונדערט און ווען ער האט געענ־דיגט רעדען האט זיא געזאגט:

— פאר וואס געפעלט דיר ניט צו לעבען אזוי, וויא מיר האבען געלעבט ביז איצט; איך בעקלאג זיך ניט און פיהל זיך גאנץ גליקליך; מיר קענען ניט ליעב האבען איינער דעם צווייטען מעהר, ווען מיר וועלען זיין פערהייראט. פילייכט וועט עס נאך שטערן אונזער גליק.

און ווען וויליאם האט געעפענט דאס מויל צו ענטפערן געגען דעם, האט זיא איהם ניט געלאזט און ווייטער געזאגט:

— ניין, איך וועל דאס ניט דערלאזען; דער געדאנק וועגען חתונה שרעקט מיך!

זיא האט דאבײ א שמייכעל געטהאן, אום ווייכער צו מאכען איהר ענטזאָ־גונג. זיא איז אליין געווען איבערראשט פון דעם טאָן, מיט וועלכען זיא האט ארויסגערעדט דיא ווערטער.

וויליאם'ס פארשלאג האט אויף איהר געמאכט א זעלטזאמען איינדרוק: איהר האט אויסגעוויזען, אז ער האט איהר געבעטען וועגען א זאך, וואס איז אונ־מעגליך צו טהאן און איהר קול, איהר טאָן איז דאריבער געווען פון א פערהיי־ראטע פרוי, וועמען דער ליעבהאָבער בעט, אז זיא זאל פערגעסען איהרע פליכטען.

נאר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס איהרע ווערטער האבען איהם פערוואונ־דערט, האט ער זיין פארשלאג ניט צוריקגעצויגען און גערעדט ווייטער.

— איך בין א יתום און האב קיינעם ניט אויף דער ברייטער און ווייטער וועלט אויסער דיך. זאג זיך ניט אב פון מיין ביטע, וויל דאס וועט פאר מיר היי־סען, אז דער הימעל האט נאך ניט אויפגעהערט צו פערפאלגען מיך. איך וועל זיין געצוואונגען צו זאגען צו זיך אליין, אז דוא ליעבסט מיך ניט גענוג, צו מאכען מיין גליק זיכער. און ווען דוא זאלסט נאר וויסען, וואס דיין ליעבע איז פאר מיר! אין דיינע ארמען האב איך פערגעסען אלע מיינע ליידען און איך קען דיך אנדערש ניט אבדאַנקען, סיידען איך זאל דיר אבגעבען אלץ וואס איך האב נאר דאס אלץ האט קיין שום ווערטה ניט אין פערגלייך מיט דיא גליקליכע שטונדען, וואס דוא האסט מיר געגעבען און וועסט מיר געבען. אונזער חתונה וועט אונזער ליעבע ניט גרעסער מאכען, דאס איז אונמעגליך, נאר דאס וועט אונז ערלויבען צו ליעבען

איינער דעם צווייטען אָפּען און מיר וועלען זיך פאר קיינעם ניט דארפען שטערן.
וויא זיס וועט אונזער לעבען זיין! אה מאנדאלען, נעהם אן מיין פארשלאג.

זיא האט איהם אויסגעהערט מיט אוננעדולד, אויף איהרע ליפּען האט געש־פּיעלט א זעלטזאמער שמייכעל. ווען וויליאם האט זיין הארץ אויסגעגאסען האט ער דעם קאָפּ אָבגעקעהרט אן א זייט, אום צו בעהאלטען זיין ערגעגונג. זיא האט ניט געענטפערט גלייך. דאן האט זיא געזאגט מיט א שטילען און מעלאנכאָלישען קול:

— דוא קענסט דאך זיכער ניט חתונה האבען מיט א פרוי, פון וועלכע דוא ווייסט קיין זאך ניט! איך מוז דיר דערצעהלען, ווער איך בין, וואס איך בין און איך האב געטהאן, איידער איך האב דיך דערקענט.

וויליאם האט געשווינד ארויפגעלעגט זיין האנד אויף איהרע ליפּען.

— ש ש ש! האט ער אויסגעשריען מיט שרעק, איך וויל פון קיין זאך ניט וויסען, איך ווייס נאר, אז דוא ביזט שטענדיג געוועזען א בעסערע פּרוויענציםער, אלס איך א מאנספּערזאן. איך ליעב דיך, און דאס איז פאר מיר גענוג. דוא האסט א שטארקען ווילען, דיא פערגאנגענהייט איז טויטע און דיא צוקונפט איז אין גאנצען אינזערע.

מאנדאלען איז געוועזען אזוי געריהרט, אז זיא האט א היבשע ווילע ניט גע־קענט ריידען, ענדליך האט זיא צו איהם געזאגט מיט א וויכען קול:

— דוא ביזט א קינד, וויליאם, און איך מוז דיר ערקלערן: דוא ביזט רייך און יונג, און דער טאָג וועט געווים קומען, ווען דוא וועסט מיר אויפווארפען פאר וואס איך בין איינגעגאנגען אויף דיין האסטיגען, אונבעדענקטען פארשלאג. איך בין ניט מעהר וויא אן ארים מיידעל, נאר איך וויל זיך אבהיטען. איך וויל ניט און קען ניט דערלאזען, אז דוא זאלסט דארפען א מאל זאָגען אדער פיהלען, אז דיין ווייב איז ניט מעהר, וויא אן אינטריגאנטין. דוא זעהסט, איך בין אָפענהער־ציג און איך מוז דיר זאָגען, וואס מיר ליעגט אויף דער צונג: דוא וועסט מיר זאָ־גען, נאכדעם וויא איך וועל ווערען דיין פרוי, אז דוא האסט בעדארפט חתונה האבען מיט א מיידעל, וויאס האט א גרויסען נדן און וועלכע דוא וואלסט געקענט מעהר רעספּעקטירען.

ווען מאנדאלען וואלט וועלען צוגעבען איהם מעהר היץ, האט זיא קיין בע־סערע מיטעל ניט בעדארפט וויא דיא ווערטער. ער איז געוועזען געריהרט, טראָץ דעם וואס ער האט געפיהלט א קינדערשען כעס און ער האט זיך אליין געגעבען דאסווארט, אז ער וועט ענדליך זיעגען איבער איהר הארטנעקיגקייט.

— דוא קענסט מיך ניט, מאנדאלען, און דוא בלוטינסט מיין הערץ מיט דיינע ווערטער. צו וואס זאגסטו מיר דיא אלע זאכען און רעדסט מיט מיר וויא מיט א קינד? און אויב איך בין נאך דיין מיינונג א קינד, דארפסטו געוויס קיין מורא ניט האבען פאר מיר.

ער האט מיט איהר ווייטער גערעדט און געבעטען איהר, זיא זאל איינגעהן אויף זיין ביטע. מאנדאלען האט זיך נאך אלץ ניט געוועון ענטשלאסען; זיא איז געוועזען גערירט פון זיין שטימע, אין וועלכער האט זיך גע־ערט אזא הכנעה, אזא אונטערוואורפינקייט, אין דער צייט ווען ער האט איהר אנגעבאטען זיא זאל ווערען זיין געזעצליבע פרוי.

מאנדאלען האט פיר קיין פאל נישט געוואלט נאכגעבען און וויליאם האט איהר געמוזט זאגען אז זיא איז פריי צו טהאן וואס זיא וויל.

— פריי? האט זיא ווידערהאלט מיט א זעלטזאמען טאן — פריי? יא, איך בין פריי.

— אויב אזוי, האט וויליאם פארטגעזעצט, פאר וואס זאלען מיר ריידען פון דער פערנאנגענהייט. אויב דוא האסט געהאט א ליעבע אין דיין לעבען, איז שוין יענע ליעבע טויזט און אונז זאל דוכטען, אז איך האב התנה מיט אן אלמנה.

דיעזע ווערטער האבען מאנדאלען א ריס געטהאן אין הארצען. אין איהר געזיכט האבען זיך געגומען בייטען דיא קאלירן און איהרע אויגען האבען זיך אנגע־פילט מיט א בליק פון מורא און קלעמענים.

— לאמיר געהן, האט זיא געזאגט, עס איז שוין שפעט, און איך וועל דיר געבען ענטפער מארגען.

זיי זיינען געגאנגען מיט לאנגזאמע טריט א היים; דער הימעל איז געווארען שווארץ וויא טינט, און דער ווינד האט געפייפט צווישען דיא בוימער. ווען וויליאם האט גענומען פון איהר אבשיעד, האט ער איהר ארומגענומען שטיל אהן ווערטער און האט איהר מעהר קיין זאך ניט געהאט צו זאגען.

מאנדאלען האט דיא נאכט ניט געקענט איינשלאפען און האט בעטראכט דעם פארשלאג פון איהר געליעבטען פון אלע זייטען. דער פארשלאג האט זעהר געשמייכעלט איהר שטאלץ, וויל איהר איז ביז איצט גאר ניט אריין אין קאפ דער געדאנק, און ווען זיא האט זיך איצט פארגעשטעלט דאס רוהיג און בכבודיגע לע־בען, וואס וויליאם שלאגט איהר פאר, האט זיא זיך געוואונדערט, וויא אזוי האט זיא זיך געקענט אבזאגען פון אזא גליק און זיא האט זיך פאר זיך אליין געשעמט.

פאר וואס זיא איז געוועז אזוי הארט און גרויזאם. זיא האט אליין געפרעגט ביי זיך פאר וואס האט זיא זיך געוואלט אבזאגען פון א פערבינדונג וואס זיא האט גע־דארפט אננעהמען מיט דאנקבארקייט און אונטערווירפיגקייט. פאר וואס האט זיא מורא? פאר וואס זאל זיא זיך ניט אנכאפען אן דיזען אונערוואַרטעטען גליק? זיא האט גרינג געקענט ענטפער׳ן אויף דיזע אלע פראגען און האט נוט געוואוסט, אז דיא ערא־ינערונגען וועגען זשאקען האבען איהר ניט געלאזט אנכאפען זיך אין דיזען גליק. נאר זשאק איז טוירט און זיא איז מיט קיין זאך ניט פערפליכטעט צו איהם.

יא, זיא וועט חתנה האבען מיט וויליאמען און דיזע הייראט מיט׳ן לעבעדי־גען וועט איהר גיכער מאכען פערגניגען אַן דעם טוידטען.

זיא איז איינגעשלאפען, ווען עס האט שוין אנגעהויבען צו טאגען און איהר האט זיך געחלום׳ט, אז איהר דערטרונקענער ליעבהאבער האט זיך אבגעריסען פון דעם דעק פון דעם ים און איז צוריקגעקומען, אום ארויסצורייסען איהר פון איהר מאנס אומארמונג.

ווען וויליאם איז געקומען צו איהר מיט א שמארק קלאפענדען הארצען אין דער פריה, האט מען איהם געזאגט, אז מאנדאלען שלאפט נאך. ער האט געווארט א היבשע צייט און ווען זיא איז ענדליך ערשינען, האט זיא זיך אווארף געטהאן צו איהם אויפען האלז מיט א ליידענשאפטליכען געוויין און האט געזאגט:

— איך בין דיינע, טהו מיט מיר וואס דוא ווילסט!

דאס גאנצע נאכמיטאג איז וויליאם געוועזן פערנומען מיט געוויסע פארמאַ־ליטעטען, וועלכע ער האט געדארפט בעזאָרגען צוליעב דער חתונה, און אין דעם זעלבען אבענד האט ער געזאגט זשענעוויוו׳ן, אז ער האט חתונה מיט א דאמע, וואס וואוינט אין דער געגענד.

דיא אלטע פרוי האט אויף איהם א שארפען קוק געטהאן.

— איך דענק אז דוא טהוסט זעהר גוט, האט זיא געענטפערט.

ער האט גלייך פערשטאנען, אז זיא וויים דיא גאנצע ווארהייט. שכנים האַ־בען געזעהן מאנדאלען און מען האט געזעהן, וויא ער פלעגט צו איהר אריינקומען און מען האט איהר בערעדט. אין זשענעוויוו׳ס ווערטער זיינען געוועזן נאך אן אור־זאכע אז ער זאל צואיילען מיט דער חתונה.

דיאביידע געליעבטע האבען חתונה געהאט כמעט אין געהיים אנהויב ווינ־טער! א פינף־זעקס מענשען, וואס זיינען געוועזן מעהר נייגיריג, אין וועטייל זיינען זיי געקומען צום קלויסטער זעהן, וויא דאס יונגע פאָר איז ארויס פון קלויסטער און אריינגעשטיגען אין קארעטע.

## VII.

דיא פיער יאהר נאך דער חתונה, וואס זיי האבען פערבראכט אין שלאָס, זיינען געווען גליקליכע.

דאס ערסטע יאהר האבען זיי געדענקט פון א רייזע; זיי האבען געוואלט פאהרען אין איטאליען, אין דייטשלאנד, נאר יעדעס מאל ווען זיי זיינען שוין געווען צוגעקליבען צו דער רייזע, האבען זיי זיך פון דאס ניי בעטראכט:

צו וואס זאלען זיי פאהרען זוכען גליק, ווען זיי האבען עס?

זיי זיינען אפילו איין מאל ניט געווען אין פאריז און האבען געדענקט, אז דיא איינזאמקייט בעשיצט זיי פון אלע אונגליקען און צרות פון דיזער וועלט.

ווילי‌אם איז געווען אונבעשרייבליך גליקליך, זיין הייראט האט ערפילט אלע זיינע האפנונגען, זיין לעבען איז געווען פאלקאם רוהיג. און ער האט געדענקט אהן מורא פון דער צוקונפט, וועלכע וועט געוויס זיין אזוי פול מיט גליקליכע טעג, אזוי וויא דיא געגענווארט. זיין איינציגער וואונש איז געווען צו פיהרען אזא לעבען ביז'ן טוידט.

מאנדאלען האט זיך אויך אבגערוהט. ענדליך האט זיא נעקענט פערגעסען דיא פערגאנגענהייט, זיא האט געטהיילט דעם מאנס פערמעגען אהן געוויסענסביסע, ווייל זיא איז איצט געווען זיין אמת'ע פרוי.

דיא איינזאמקייט פון דעם אבגעלאָזטען שלאָס איז איהר געווען זעהר גע־פעלען; זיא האט ניט געוואלט, אז ווילי‌אם זאל מאכען אירגענד וועלכע פערבעסע־רונגען אדער בענייערונגען אין שלאָס. אלע צימערן, אויסער יענע אין וועלכע זיי האבען געלעבט, זיינען געשטאנען פערשלאסען.

אין דיא פיער יאהר נאך זייער הייראט האבען זיי קיין מאל ניט בעטראטען דיא טרעפ, וואס האבען געפיהרט אין דיא אויבערסטע צימערן. דיא לעדיגקייט ארום האט איהר געשיינט צו אבצואווענדען איהר נאך מעהר פון דער וועלט. אבענד־צייט ווען דיא לאמפען האבען געברענט אין דעם גרויסען סאלאָן האט זיא נעק־ליבען פערגניגען פון דעם געפיהל, אז קיין פרעמדער קען צו איהר ניט איינדרינגען, זיא האט זיך עראינערט אן דיא רוישיגע און לארעמדיגע אבענדען אין זשאק'ס צימער; זיא האט געהערט דיא קלאפעריי פון דיא קארטען איבערן פלאסטער און האט געזעהן דיא שיינענדע לאנטערנעס פון נאס, זיא האט זיך ווידער א מאל געפונען אין צימער, וואס איז געווען פול מיט'ן רויך פון טאבאק. זיא האט זיך א צאפעל געטהאן און האט ווידער ערוואכט צו דער ווירקליכקייט, צו דעם

וויסען און רוהיגען לעבען אין דיזען סאלאָן. וויא גוט איז אזא לעבען נאכדעם וואס זיא האט איבערגעלעבט. און זיא פלעגט אויסשטרעקען איהרע הענד צו וויליאמען, אזוי וויא זיא וואלט איהם וועלען בעדאנקען. ער האט איהר צוריקגעקעהרט איהר אכטונג פאר זיך זעלבסט; ער איז געוועזען איהר רעטער.

ווינטער איז אוועק; זיי האבען דיא אלע ווינטערדינגע מעגן פערבראכט אין סאלאָן נעבען ווארעמען קאמין, און ווען דער פריהלינג איז געקומען, זיינען זיי ארויס אין פארק, פיהרענדיג גראדע אזא איינזאמען לעבען. וויליאם האט בעסער ליעב געהאט דעם ווינטער און דעם ווארעמען קאמין, נאר מאגדאלען האט ליעב געהאט דיא זון, און האט אָפט געשלעפט איהר מאן איבער דיא לאַנקעס, וויא א מאל. זיי האבען ווידער א מאל בעזוכט צוזאמען דעם קוואל אין וועלדיל, וועל־כען זיי האבען אזוי ליעב געהאט לעצטען זומער. נאר אַם מייסטען האבען זיי ליעב געהאט צו געהן צו דעם קליינעם הייזעל, וואו מאגדאלען האט פריהער געוואוינט. באלד נאך דער חתונה האבען זיי דאס הייזעל אבגעקויפט, ווייל זיי האבען ניט געקענט אריבערטראגען דעם געדאנק, אז אן אנדערער וועט דאָרטען וואוינען. ווען דאס וועטער איז געוועזען שעהן פלעגען זיי דאָרטען פערבלייבען לאַנגע שטונדען און אין צייטענוויין געכטיגען.

וויליאם פלעגט אָפט זאָגען, אז אויב זיי וועט עפעס טרעפען אן אונגליק וועלען זיי זיך אריבערציהען אהער אין דיזען הייזעל ביז זיי וועלען עס פערגעסען און ווידער קומען צו זיך.

א יאהר נאך דער חתונה האבען זיי געהאט א גרויסע שמחה, מאגדאלען האט געבארען א טאָכטער. וויליאם האט געקוקט אויפ'ן קינד, וויא אויף א ליעבע מתנה פון גאָט. דיא קליינע לוסי האט פערטריבען זייער גאנצע איינזאמקייט; מאגדאלען וויא שטארק זיא איז געוועזען, האט איהר ניט געקענט זיינען און האט אויסגעקליבען פאר אן אמע דיא זעלבע פרוי, וואס האט איהר בעדיענט, ווען זיא האט געוואוינט אין ש...זבעלע. ווען לוסי איז עלטער געווארען האבען זיי ער־לויבט דיא אמע צו נעהמען איהר מיט זיך אין איהר פארם און האלטען איהר דארטען וואכען־לאַנג, און זיי פלעגען קומען יעדען נאכמיטאג בעזוכען איהר. וויליאם פלעגט נעהמען דאס קינד צו זיך אויף דיא קניע, און מאגדאלען פלעגט זיך צוקוקען מיט פערגניגען. דיא מוטערשאפט האט אויסגעגלייכט אלע קרומהיי־טען אין איהר כאראקטער, איהרע בעוועגונגען זיינען געווארען צארטער און דיא שארפקייט, וואס האט זיך אָפט ארויסגעוויזען אין איהר רעדען און מאַנערען, אין פערשוואונדען געווארען.

אין מאנדאלענ׳ס שמייכלענדע געזיכט האט וויליאם געפונען א קוואל פון קראפט. דער געזעץ וואס הערשט אין אלע פעו איינ־גונגען אז דער שטארקערער בעפעהלט איבער דעם שוואכערן, האט דא מאנדאלען אויך געהערשט איבער זיין נאטור און ער האט זיך איהר אונטערגעגעבען.

ער פלעגט צו איהר אפט זאגען מיט א שמייכעל:

— אה, מאנדאלען, דוא האסט געדארפט געבארען ווערען א מאנספערזאן!

זיא איז אפט געווען זעהר אונרוהיג און צוקלעמט פון דער מאכט, וואס זיא האט ניט ווילענדיג געקריגען איבער איהם. דיא מאכט האט זיא געקריגען ניט אזוי דורך דיא שטארקייט פון איהר ווילען, וויא דורך דיא שטארקייט פון איהר כאראקטער.

דאס קינד איז געווען א גרויסע פרייד פאר זיי ביידען און איז געווען שטענדיג מיט זיי.

בעזוכער האבען זיי געהאט זעהר ווענינ, ווייל זיי האבען ניט געליעבט קיין נייע געזיכטער. דיא פערזאנען וואס זיי האבען געזעהן אם מייסטען זיינען געווען הערר ריע און זיין פרוי, וועלכע האבען פערבראכט זייערע ווינטערס אין פאריז או זייערע זומערס אין וועטייל. הערר ריע איז געווען אין דיא פערגאנגענע יאהרען דער נאהענסטער פריינד פון וויליאמ׳ס פאטער און איז געווען א שעהנער אלטער מאן, מיט אן אריסטאקראטישען אויסזעהן; זיין שמייכעל איז געווען פול מיט סארקאזם און זיינע אויגען שארף און קלוג. ער איז כמעט אין גאנצען געווען טויב, נאר דערפאר האט ער געזעהן זעהר גוט, אבער דאס האבען געוואוסט נאר זיינע נאהענסטע בעקאנטע. ווען ער פלעגט אריינקומען אין א צימער, פלעגט ער בלייבען זיצען אין א פאטעל מיט פערמאכטע ליפען און האלב פערמאכטע אויגען, נאר ניט איין מינע, ניט איין בעוועגונג פון דיא וואס האבען זיך געפונען ארום איהם, איז פון איהם ניט ענטגאנגען, פערשוואונדען. עס האט איהם שטארק אמוזירט צו לייענען דיא פערבארגענסטע געדאנקען אויף דיא געזיכטער פון דיא פערזאנען, וועלכע האבען פון איהם געדענקט אזוי פיעל, וויא פון דעם פאטעל אין וועלכען ער איז געזעסען.

ווען צוויי פערזאנען האבען גערעדט אין זיין געגענווארט, האט ער זיי בעטראכט, וויא צוויי חיות, וואס קריצען מיט דיא ציינער איינע געגען דיא אנדערע און ער האט מיט זיך געטראכט, וועלכע פון זיי וועט אויפעסען דיא צווייטע. ער האט פעראכטעט דיא מענשהייט.

זעהר ערביטערט פון זיין טויבקייט, פלעגט ער זאגען, עז ער דיינקט נאט,

וואס ער קען ניט הערען. זיין שטאלץ און קאלטע געזיכט האט פראטעסטירט גע־
גען דער צוהיצטקייט און עררעגונג, וואס ער האט געזעהן ארום זיך.

דאך האט ער געפיהלט א געוויסען אינטערעס צו דער יונגער פאמיליע אין
שלאס. נאר דאס איז געווען מעהר א ניינירדע אלס אינטערעס. ווען ער איז געקר
מען צו זיי אין שלאס, האט ער בעטראכט וויליאמען מיט גרויס מיטלייד. ער האט
געזעהן. אז ער האט זעהר ליעב מאנדאלען און האט געקוקט אויף דעם, וויא אויף
דיא גרעסטע נארעשקייט. נאר אזוי וויא זיינע יונגע פריינד האבען ווענינ גערעדט
און ווענינ מינעם געמאכט, האבען זיי איהם געשיינט צו זיין פיעל קליגער, וויא
אנדערע מענשען, וואס ער האט בעגעגענט. אם מייסטע האט ער בעאבאכטעט
און נאכגעקוקט זיין איינענע פרוי.

העלען ריע, זיין פרוי, וועלכע פלעגט אפט קומען מיט איהם אין שלאס איז
געווען אלט א יאהר פיערציג און איז געווען א בלאנדינע. צו איהר גרויסען שרעק
האט זיא אנגעהויבען ווערען פעט; יעדע מינע איהרע איז געווען אפעקטירט, גע־
מאכט, דא האט זיא פערגלאצט דיא אויגען צום הימעל מיט א מ׳עפער ליידענשאפט
און דא האט זיא זיי ארונטערגעלאזט צו דער ערד מיט א הערצרייסענדער טרוי־
ערקייט.

זיא איז געווען אין שטענדינען קאמפף מיט׳ן קומענדען עלטער; זיא האט
זיך געפודערט, געפארבט, איינגעצווינגען אין קארסעטען, וואס האבען איהר געמאכט
דעם טוידט, אום אויסצוזעהן יונגער. דאס אלץ איז געווען זעהר נארעש, אבער ניט
דאס ערגסטע. זיא האט אנגענומען דיא מינע פון אן אונגליקליכער און האט זיך
געקלאגט אז מען פערשטעהט איהר ניט און מען שעצט איהר ניט נאך איהר ווערטה.
זיא האט זיך ניט אויפגעהערט צו קלאגען אויף איהרע עלטערן, פאר וואס זיי הא־
בען איהר חתנה געמאכט פאר א מאן, וואס איז צוויי מאל עלטער פון איהר.

אין אמת׳ן האט זיא זיך א פאר מאל געטרייסט. זיא האט ליעב געהאט
דאס געזעלשאפט פון זעהר יונגע מענער, וועלכע זוכען ארומצודרעהן זיך ארום אן
אלטער פרוי, ווייל דאס גיט זיי צו מעהר רעספעקט, מעהר געוויכט

אין איהר מאנ׳ס אויגען איז זיא געווען ניט מעהר, וויא א קליינע שלעכטע מא־
שינקע; ער האט מיט איהר חתונה געהאט אין א מאמענט, ווען ער האט זיך גע־
פיהלט זעהר לאנגווייליג און מיט א וואך שפעטער האט ער שטארק חרטה געהאט
אויף זיין נארעשקייט, נאר דאס סטודיום פון דיא אורזאכע געזעלשאפטליכע פון
דיעזער קאקעטקע אין איהם קיין מאל ניט נמאס געווארען. ער האט שטענדיג גע־
גבט דעם פערבארגענעם שרייפעלע, וואס האט געזעצט אין בעוועגונג דיא אויגען

און דיא ליפען פון דיזער מאשינקע. דאס בלייכע און אונרוהיגע געזיכט געדיכט בעדעקט מיט פודער האט איהם געשיינט טרויריג און לעכערליך צו דער זעלבער צייט. קוקענדיג אויף איהר האט ער זיך אלץ מעהר איבערציינט, אז דיא מענשהייט בעשטעהט פון דומע און נארישע לאלקעס (פופען).

העלען האט זיך געפיהלט אין דער אנוועזענהייט פון איהר מאן זעהר רוהיג און האט גערופען איהרע יונגע ליעבהאבער מיט דיא צערטליכסטע נעמען, זיינענדיג זיכער, אז דער מאן קען דאס ניט הערען; נאר ער האט געקייענט דיא ווערטער אויף איהרע ליפען. ער האט זיך קיין מאל ניט געוואונדערט, ווען דיא אלטע געזיכטער אין זיין סאלאן האבען זיך פערביטען מיט נייע. ער פלעגט זיי בעגריסען מיט א ביטערן שמייכעל, מיט א סארקאזם און פלעגט זיי איידעל פרעגען, וואס שטודירען זיי.

— מיר האבען ליעב קינדער, פלעגט ער אפט זאגען, און ער פלעגט זיך בעקלאגען, וואס דיא יונגע לייט זיינען אזוי עגאאיסטיש נעגען דיא אלטער, מיינענדיג דאביי א שטאך צו טהאן זיין ווייב, אז זיא איז שוין אלט.

ער האט געקליבען פערגנינגען פון זיין ווייבס נארעשקייט, וואס זיא גלויבט, אז ער ווייס ניט, וואס הינטער זיינע פלייצעס טהוט זיך, און ער פלעגט מיט־רעדען זעהר איידעל, אבער מיט אזעלכע צווייד־ייטיגע ווערטער, וואס נאר ער אליין האט פערשטאנען דעם ריכטיגען מיין פון זיי.

ווען ער איז געקומען דאס ערסטע מאל מיט א בעזוך אין שלאס נאך וואלדאמ'ס חתונה, האט העלען מיט זיך מיטגעבראכט איהר לעצטען געליעבטען, א יונגען מאן פון וועטייל, מיט'ן נאמען טיבור וואלאר. דער יונגער מאן האט זיך שטארק געשעמט מיט זיין פאמיליען־נאמען, ער איז געוועזען דער זוהן פון אן אויפגעקומענעם גביר און זעהר גאוה'דיג. זיין לעבען אין וועטייל האט ער בעטראכט אלס אן אבקומעניס צון האט געברענט מיט א באגער צו פאהרען נאך פאריז. ער איז געוועזען זעהר לוסטיג און פארטיג אויף יעדע קלייניכע לומפעריי, וואס זאל זיך נאר בעצאהלען. ער איז געוועזען איינער פון יענע לומפען, וואס זאגען צו זיך, אז זיי מוזען האבען זייערע עטליכע מיליאן און דערגרייכען זייער ציעל.

ווען העלען האט געמאכט דעם יונגען מאן פאר איהר געליעבטען, האט זיא געדענקט, אז ער איז אונוויסענד און אונשולדיג. נאר דא האט זיא געהאט א טעות, וויל זיא האט באלד אין איהם געפונען איהר הערר. ער האט געוואלט, אז זיא זאל איהם העלפען אריינגעהן אין דער העכערער געזעלשאפט און האט איהר דאריבער ערלויבט צו דענקען, אז ער איז פערליעבט אין איהר.

זיא האט איהם פארנעשטעלט אין שלאס פאר וויליאמען און מאנדאלען און ער האט דיא בעקאנטשאפט גערעכענט פאר'ן ערסטען שריט אויף דעם געזעלשאפטליכען לייטער. ער איז גענאנגענ מיט וויליאמען אין איין שולע, און איז געוועזן איינער פון זיינע ערגסטע פערפאלגער, נאר זייט וויליאם איז געווארען דער העדר אין שלאס, האט ער שטארק חרטה געהאט אויף דעם.

איידער ער האט זיך בעקענט מיט העלען, זיינען אלע זיינע בעמיהונגען דורכצודרינגען אין שלאס געוועזן אומזיסט, און וויליאם האט קוים געענטפערט אויף זיין פערניינונג, ווען זיי האבען זיך בענענענט. איצט, ווען העלען האט איהם געבראכט אין שלאס, האט ער זיך געוויזען זעהר אונטערוורפיג און געזוכט צו ווערען דארטען היימיש, אום צו קענען דאס אויסנוצען און אריינטרעטען אין דעם אדעל פון דער געגענר.

ניט מאנדאלען, און ניט וויליאמען איז געוועזן נעפעהלען זיין אריינרייסען זיך אין שלאס, און ווען ער האט זיך געווענדעט צו וויליאמען אלס צו זיין „פריינד" האט איהם יענער געוואלט ארויסווארפען, און דיא איינציגע זאך וואס איהם האט אָבּגעהאלטען איז געוועזן דיא מורא פאר שלעכטע ציינגער, וואס וועלען בערעדען זיין פאטער'ס אלטען פריינד אזוי גוט וויא איהם אליין, און דאריבער האבען זיי זיין אנוועזענהייט איבערגעטראגען אזוי גוט, וויא זיי האבען געקענט.

איין מאל אין וואך פלעגען דיא דריי קומען פערברענגען אן אבענד אין שלאס, דער מאן איז געגאנגען פאראויס און דיא פרוי מיט'ן געליעבטען הינטער איהם דאן פלעגען זיי צוזאמען ארויסגעהן אין פארק, וואו העלען פלעגט אנהויבען צו מאכען חנ'דלאך צום יונגען מאן, און דער מאן האט זיך געזעצט פון דערווייטענס אין א ווינקעל, וואו ער האט געקענט בעאבאכטען זייער יעדע בעוועגונג. ער האט פון דער ערסטער מינוט פערשטאנען דעם יונגען מאנ'ס קליינליכען און גרויזאמען כאראקטער און ער האט רוהיג אבגעווארט דעם טאג און דיא שטונדע, ווען זיין ווייב וועט דערפיהלען דיא נענעל פון דעם יונגען טייוועל און וועט זיך ווענדען צו איהם, ער זאל איהר שיצען. און דער אלטער האט ביטער געשמייכעלט טרוימענדיג פון דיזער אונערווארטעטער און ניט געזוכטער ראכע.

מאנדאלען האט געוואוסט פיעל מעהר פון העלענ'ס לעבען, וויא יענע האט געקענט דענקען, און האט געקוקט אויף איהר מיט פערוואונדערונג און האט זיך געפרעגט, צו איז דיזע פרוי אן אויסנאהמע, וואס זיא קען האבען אזא קופערנעם שטערן? מאנדאלען איז געוועזן בעשאפען נאר פון אן אנדער סארט מאטריאל; אמת זיא האט אליין געטראטען אין א בלאטע, נאר דאס איז געוועזן ניט ווילענדיג

און זיא האט שוין לאנג חרטה געהאט אויף דעם. איהר שטאָלץ, איהר זעלבסט־אכטונג האבען געליטען, ווען אנדערע האבען איהר ניט רעספעקטירט, און זיא האט ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי קען א פרוי פרייוויליג נארען דעם מאן און אויסשטעהן דיא אלע פיינינונגען, וואס קומען דערמיט. איהר אָפענע נאטור וואלט קיין מאל ניט געקענט אריבערטראגען א לעבען פון פאַלשקייט און שאנדע. קוקענדיג אויף העלענ'ס געזיכט, האט מאגדאלען געזאגט צו זיך אליין: „ווען איך זאל זיין אויף איהר אָרט, וואלט איך בעגאנגען זעלבסט־מאָרד".

אזוי האט אנגעהאלטען פיער זומערס. טיבור'ס פאטער האט איהם ניט ערלויבט צו פערלאזען וועטייל און בעזעצען זיך אין פאריז, וויא ער האט געדענקט צו טהאן, און דאס וואס ער האט ניט געקענט אויסנוצען איהר הילף אריינצורייסען זיך אין דער הויכע געזעלשאפט אין פאריז, האט ביי איהם ארויסגערופען א האס צו איהר.

א מאל האט ער זיך מיט איהר שטארק צוקריעגט און איז ארויס פון הויז, נאכ'דעם וויא ער האט איהר שטארק בעליידיגט. ער וואלט זיך פיליכט מעהר ניט צוריקגעקעהרט צו איהר, ווען זיין פאָטער זאל פלוצים ניט שטארבען און ער זאל ניט ווערען א הערר פאר זיך. מיט צוויי וואָכען שפעטער איז ער געפאהרען אין פאריז מיט דעם זעלבען צוג, מיט וועלכען העלען איז געפאהרען, און איז געווען מעהר צערטליך צו איהר וויא אימער, און ריע האט זיי ביידען בעאבאכטעט מיט זיין שטענדיגען סארקאַסטישען שמייכעלע.

דיא לאנגע ווינטערדיגע אבענדען האבען מאגדאלען און וויליאם פערבראכט אליין מיט זשענעוויוו. זיי זיינען זיך מיט איהר בעגאנגען, וויא מיט זייער גלייכען, זיא האט מיט זיי געגעסען ביי איין טיש און געוואוינט אין דיא זעלבע צימערן. זיא איז שוין אלט געווען באלד ניינציג יאהר, נאר זיא האט זיך נאך געהאלטען שטייף וויא שטענדיג. איהר כאראקטער איז פון עלטער ניט ווייכער געווארען און איה' איסנעבכייכטע און צוקנייטשטע געזיכט, מיט דער שארפער נאז און איינ־געזונקענע אויגען האבען איהר געגעבען דעם אויסזעהן פון א מאסקע.

ווען איהר טעגליכע ארבייט האט זיך געענדיגט, פלעגט זיא אריינקומען צום יונגען פאר פאלק און עפענען איהר ביבעל מיט'ן אייזערנעם בונד און זעצען זיך פא־'ן ליכט און לייענען אין דער הויך שטעלען פון ביבעל און קאפיטלאך תהלים. זיא פלעגט אזוי לייענען שטונדען־לאנג און האט זיך נאר איבערגעריסען ביים איבערמישען דיא בלעטער.

פון איהר טרויעריגען קול האט מען געקענט דערקענען, אז זיא זאגט תהלים נאך א טוידטען און דאס צימער איז געווען פול מיט איהרע טוידטע קלאגען.

פון צייט צו צייט פלעגט איבער מאנדאלען איבערגעהן א שוידער, ווען זיא פלעגט כאפען עפעס אין אבגעריסענע פראזע. זשענעוויוו פלעגט אויסקלייבען דיא שרעקליכסטע פלעצער פון דער ביבעל, בלוטיגע און שוידערהאפטע ערצעהלונגען, וועלכע האבען איהר געשיינט צו ערגערען. איהר קול פלעגט ווערען אן אויסגעגאסענער צארן אונטער דעם איינפלוס פון איהר איינענעם לייענען; זיא האט געקליבען פערגניגען פון דעם ברויזענדען כעס פון דעם שרעקליכען גאט, וואס איז בעוואוסט אונטער אידען אונטער דעם נאמען „יוד הי וואו היי", דער גאט פון דיא נביאים, דער איינציגער גאט אין וועלכען זיא האט געגלויבט. זיא האט זיך פארגעשטעלט וויא ער צערשמעטערט דיא ערד מיט אונערבארעמדיגען ווילען, וויא ער שטראפט מיט דעם זעלביגען גרויזאמען צארן דיא שולדיגע וויא דיא אומשולדיגע אלץ איינס. זיא האט געלייענט דיא שרעקליכע וועטער לאנגזאם, קייענדיג זיי מיט'ן פולען מויל, וויא זיי וואלטען געווען דיא געשמאקסטע בלינצעס.

איהר גרויסע ביבעל האט איהר געוויזען, וויא דאס פאלק ישראל ליגט ציטערענדיג און פלאטערענדיג פאר דיא פיס פון דעם שטרייגנען ריכטער; זיא האט מיט איהר לייב געפיהלט דעם ציטערניס וואס האט געטרייסעלט דיא אידען, און אויף איהרע אקסלען האט זיא געפיהלט דיא הייסע פונקען, וואס האבען געברענט סדום און עמורה. זיא האט גע'משפט דיא וועלט, אזוי וויא איהר גאט האט עס געטהאן. איהר שרעקליכער אונערבארעמער פאנאטיזמוס האט ניט געוואוסט פון פערגעבונג פאר דיא זינדיגע. נידערשלאגען, ברענען, בראטען דיא זינדיגע איז ביי איהר געווען א הייליגע פליכט. נאט איז אין איהרע אויגען געווען ניט מעהר, וויא א הענקער, וויא א תליון, וועלכער האט אויף זיך גענומען דיא שליחות, דיא מיסיאן צו בעשטראפען דיא ניט־פרומע וועלט.

דיזע הארטהערציגקייט האט ארויסגעבראכט מאנדאלען פון זיך; זיא פלעגט ווערען בלייך ביי דער ערמאנערונג, אז א יאהר פון איהר לעבען נויטהיגט זיך אין פערגעבונג. זיא האט געדענקט, אז איהר זינד איז איהר שוין פערגעבען געווארען, אז וויליאם האט איהרע זינד ריין געמאכט מיט זיין ליעבע און אכטונג, און איצט אין מיטען פון איהר רוהע האט זיא געהערט דיזע אונערבארעמדיגע ווערטער פון שטראף. איז גאט קיין מאל ניט מוחל דיא פעהלערן, וואס מען מאכט? ווען איבער איהר קאפ שטענדיג הענגען וויא א בלאנקע שווערד דיא זינד פון איהר יוגענד? איז איהר תשובה, איהר חרטה ווייניג און איהר שטראף וועט נאך ערסט קומען?

דיזע געדאנקען האבען צושטערט די רוהע פון איהר לעבען, און זיא האט ווידער געטראכט וועגען דער צוקונפט מיט מורא און פערצווייפלונג. דער הימעל, וואס זשענעוויוו האט איהר געוויזען, איז פאר איהר געווען ווי א פאלטער-צימער, פון וואנען עס האבען זיך געהערט הערצרייסענדע געשרייען און דער גערוך פון פערשמאליעטע פלייש.

אין פּאַנסיאָן האט מען איהר פארגעשטעלט דעם גן-עדן ווי א קאנדיטער־סקע (קאָנפעקשאָנערי), וואו שעהנע ראָזעדיגע און ווייסע מלאכים טהייקען אויס יבע און שמאקהאפטע נאשערייען. שפעטער, ווען זיא איז עלטער געווארען, האט זיא געקוקט אויף דעם, ווי אויף א קינדערשע פארשטעלונג. איצט האט זיך ביי איהר דער הימעל פאָרגעשטעלט ווי א גערי־כט-הויז און אבוואהל זיא האט אויף דעם געקוקט ווי אויף איהרע אמאליגע קינדערשע פאָרשטעלונגען פון גן-עדן, דאך האבען די שרעקליכע בילדער, וואס דער צומישטער מארך פון דער פאנאַ־טישער פרוי האט ביי איהר ארויסגערופען, איהר זעהר בעאונרוהיגט און געצוואונ־גען איהר צו דענקען פון דאס ניי פון דער פערגאנגענהייט.

זיא האט גוט געזעהן, אז ווען זשענעוויוו וועט א מאל אויסגעפונען איהר זינד, וועט זיא איהר פעראורטהיילען צו יענע שרעקליכע שטראפען, פון וועלכע זיא האט אזוי געקליבען פערנינגען. צייטענווייז האט מאנדאלען אויסגעוויזען, אז זשע־נעוויוו קוקט אויף איהר מיט א זעלטזאמען פערדאכט, און זיא פלעגט בענאסען ווערען מיט א רויטקייט און אבקעהרען זיך פון איהר מיט און איינגעפאלענעם הארצען.

זיא האט ניט געגלויבט אין גאט, דאך האט זיא געגלויבט אין זיין מאכט און אין זיין דורשט צו נעהמען נקמה. און איהר האט אויסגעוויזען אז א נייסט וואנ־דערט ארום איבערן שלאס די גאנצע נאכט און דעקלאמירט יענע קאפיטלאך תהילים, וואס א זינדיגער דארף זאגען, אום אויסצובעטען א תשובה.

ווען זיא איז געווען אליין מיט ווילי־אמען, פלעגט זיא איהם אָפט דערצעהלען פון די שרעקען, וואס די פאנאטישע זשענעוויוו ווערפט אויף אין איהר.

— איך בין א קינד, פלעגט זיא זאגען מיט א געצוואונגענעם שמייכעל, און זשענעוויוו האט מיך היינט שרעקליך איבערגעשראָקען. זיא האט געמורמעלט אזעל־כע שרעקליכע ווערטער, אז א גרויל איז מיר איבערגעגאנגען איבער אלע גליעדער. קענסטו איהר נים בעטען, אז זיא זאל לייענען אנדערע שטעלען פון דער ביבעל, וואס זאלען נים זיין א זעלכע שרעקליכע.

— ניין, ניין; האט וויליאם געענטפערט לאבענדיג, דאס וועט איהר נאר

ארײנפֿרעגנען אין בעט, זיא דענקט אז דיא ראטשװעט אב אונזערע נשמות דערמיט, װאס זיא צװינגט אונז צו הערען איהר לײענען. דאך װעל איך איהר מארגען בע־טען, אז זיא זאל לײענען אביסעל שטילער.

מאנדאלען איז געזעסען אויפ'ן ראנד פֿון בעט, קוקענדיג אויף איין פּונקט, און פּאר איהרע אויגען האבען געשװאומען דיא שרעקליכע ערשײנונגען, װאס דיא פֿאנאטישע פֿרוי האט ביי איהר ארויסגערופען. איהרע ליפּען האבען געציטערט.

— זיא האט גערעדט פֿון בלוט און ראכע, האט זיא געזאגט צו װיליאמען. זיא האט אין זיך ניט א טראָפּען גוטסקייט, װאס מען געפֿינט ביי עלטערע מענשען װיא קען זיא זיין אזוי הארט, װען זיא װאוינט מיט אונז צוזאמען און זעהט אונזער גליק? איך זאג דיר, אז צייטענװייז זענענט זיך מיר דיא נשמה מיט'ן קערפּער, װען איך הער איהר שרעקליכען לייענען.

װיליאם האט זיך װידער צולאכט.

— מיין ארימע מאנדאלען, האט ער געזאגט, ארומנעהמענדיג איהר; דוא ביזט הײנט אבענד זעהר נערװעז, געה שלאפֿען און זעה זיסע חלומות. זשענעװיװ איז װירקליך האלב פֿעררוקט און דוא ביזט זעהר ניט קלוג, װאס דוא קימערסט זיך פֿון א זאך, װאס זיא טהוט אדער זאגט. מיט מיר איז געװען דאס זעלבע: װען איך פֿלעג זעהן, װיא זיא עפֿענט דיא אלטע ביבעל, פֿלעגט מיר איבערגעהן א שוי־דער. נאר הײנט הארט עס מיר ניט און איך װעל דיר זאגען דיא װאהרהייט, אז איך האב ליעב צו צוהערען זיך צו איהר אומעדיגען קול.

— מיר װאלט עס אפשר אויך געפֿעלען געװען, װען איך זאל זיך ניט צוהער־רען צו דיא װערטער, נאר איך קען ניט אויסהאלטען פֿון דיא פֿערברעכען און שטראפֿען, װאס זיא לײענט.

— זשענעװיװ איז זעהר אן איבערגעבענע פֿרוי, האט װיליאם געענטפֿערט. זיא בעװײזט פֿון אונז פֿיעל אונאנגענעהמליכקייטען. זיא איז געװען ביי מיין גע־בורט און ביי מיין פֿאטער'ס בעגראבען. שטעל זיך פֿאר, זיא איז שוין אלט נײנציג יאָהר און זיא איז נאך אזוי שטארק. זעה, ליעב איהר, װייל זיא איז אן אלטע טרייע דיענערין.

מאנדאלען האט ניט געהערט, װאס ער רעדט; זיא איז געװען פֿערזונקען אין איהרע געדאנקען. פּלוצים האט זיא אויסגערופען:

— זאג מיר, איז נאָך קיין מאל ניט מוחל קיין זינד?

װיליאם איז געװען פֿערװאונדערט און געריהרט פֿון דער פֿראגע און האט

איהר געזוכט צו בערוהיגען. ער האט איהר געפרעגט, פאר וואס צווייפעלט זיא אי׳ זייער גרויסער ווארהייט?

מאגדאלען האט ניט געענטפערט גלייך, זיא האט נאר א מורמעל געטהאן; — זשענעוויוו זאגט, אז אזא זאך וויא פערגעבונג איז ניטא.

אזעלכע סצענען זיינען צווישען זיי פארגעקומען זעהר אפט, און דאס איז געווען דיא איינציגע זאך, וואס האט בעאונרוהיגט זייער פריידליכען לעבען אין דיא ערסטע פאר יאהר נאך זייער חתונה. נאר עס האט געפאדערט א גרעסערער קלאפ וויא זשענעוויוו׳ס קלאגען אום ארויסצוברענגען זייער לעבען פון זיין געוועהנ־ליכען און פריעדליכען גאנג.

ווען העלען און טיבורס זיינען אוועק אין פאריז איז געווען אנהויב פון פינפ־טען יאהר נאך וויליאמס און מאגדאלענ׳ס חתונה. דיא לעצטע האבען פרייער אבגעאטהעמט פון זייער אוועקפאהרען. אנפאנגס האבען זיי געטראכט צו פאהרען אין פאריז אויף א פאר מאנאט, דערנאך האבען זיי זייער רייזע אבגעלעגט, וויא זיי פלעגען עס טהאן שטענדיג און זיי זיינען ווידער פערבליבען אין שלאס און גע־פיהרט זייער רוהיגעס און צופריעדען לעבען, וועלכעס זיי האבען געהאפט וועט אימער אזוי רוהיג זיין.

## VIII.

אין מיטען יאנואר האט וויליאם געמוזט פאהרען אין נאנטעס וועגען זעהר א נעטהיגען געשעפט. ער האט אנגעזאגט מאגדאלען, אז פאר האלבע נאכט וועט ער ניט קומען. נאך מיטאג איז מאגדאלען געזעסען אין סאלאן מיט זשענעוויוו, וועלכע האט געלייענט איהר ביבעל, אויסקלייבענדיג פערשיעדענע שטעלען. דיא פאנאטישע פרוי האט דעם נייען טעסטאמענט קיין מאל ניט געלייענט, נאר איצט האט זיא גראדע אויפגעמישט דיא געשיכטע פון דער זינדיגע מאגדאלען, וועלכע שמירט מיט זאלב דעם קריסטאס פיס, און ער זאגט איהר, אז איהר זינד איז פערגעבען און זאל געהן בשלום.

דיא קלאנגען פון איהר לייענען האבען אנגעפיהלט דאס צימער און גראדע היינט האט זיא געלייענט מיט א פעל וויכערען טאן:

„איהרע זינד וועלכע זיינען גרוים, זיינען איהר פערגעבען ווייל זיא האט אוהם שטארק געליעבט. און ער האט געזאגט צו דער פרוי: דיין גלויבען האט דיך גע־ראטעוועט געה מיט שלום“.

מאנדאלען האט געטראכט פון איהר זינדיגע פערנאנגענהייט. זיא האט אויסגעלעבט אין א זיים איהר בוך וואס זיא האט געהאלטען און האט זיך צוגע־הערט מיט אויסגעשטעלטע אויערען. איהר האט געדוכט, אז דאס רעדט זיא פון איהר, פון איהר זינד אין פון איהרע טרערען, און האט ארויסגעלאזט א שטארקען זיפץ, ווען זיא האט געהערט די לעצטע ווערטער. זיא איז אויך געריינינט דורך איהר ליעבע אזוי וויא יענע מאגדאלען, וועמעס נאמען זיא טראגט. און דיזע ווער־טער איז דיא תשובה וואס איהר איז געגעבען געווארען. שטענדיג ווען זיא פלעגט הער׳ען זשענעוויוו׳ס קול, פלעגט איהר דוכטען, אז פון דיא פינסטערע ווינקלען פון דעם גרויסען צימער הערט זיא דראהענדע שטימען, איצט אבער האט איהר גע־דוכט, אז זיא הערט צארטע שטימען, וואס אטהעמען מיט פערגעבונג. ביי דיא לעצטע ווערטער האבען זיך געווזען אין איהרע אויגען טרערען פון דאנקבארקייט און פרייד, זיא האט ניט געקענט איינהאלטען דיא ערגעגונג וואס זיא האט געפיהלט.

— דאס איז זעהר שעהן, זשענעוויוו, האט מאגדאלען געזאגט. מיך פרייט, וואס איהר האט עס היינט געלייענט.

דיא פאנאטישע פרוי האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט אויף איהר א שטארקען קוק געטהאן. עס האט איהר געשיינט צו פערדריסען, וואס זיא האט גילייענט א וייכע שטעלע פון דעם טעסטאמענט און וואס דאס איז מאגדאלען געפעלען געווארען.

— מיר געפעלט עס פיעל בעסער, וויא דיא גרויזאמע שטעלען, וואס איהר לייענט שטענדיג, האט מאגדאלען געזאגט ווייטער. פערגעבונג איז זיס צו שענקען און זיס צו ערהאלטען.

זשענעוויוו׳ס אויגען האבען זיך אנגעצונדען מיט א פינסטערן פייער. זיא האט זיך אויפגעהויבען און האט מיט א קלאפ צוגעמאכט איהר ביבעל און האט געזאגט מיט איהר שטרענגער שטימע:

— נאט, דער פאטער וואלט איהר קיין מאל ניט פערגעבען!

דיזע שרעקליכע ווערטער פול מיט פאנאטיזם, דיזע נאטעם לעסטערונג, וואס האט אבגעשלאגען און פערניכטעט יעדע גוטסקייט האבען אריינגעבלאזען ביי מאגדאלען א קעלט אין הארצען. איהר האט געשיינט, אז א שטיק בליי איז אראבגעפאלען אויף דיא אקסלען און האט איהר צוגעבויגען ביז צו דער ערד זשענעוויוו האט איהר צוריק געשטויסען אין אבגרונד, פון וועלכען זיא איז שיער

ניט אנטלאָפען. דער הימעל האט ניט פאר איהר קיין פערגעבונג. א מאמענט איז זיא געווען אין פערצווייפלונג.

דאן האט זיא זיך ווידער אויסגעגלייכט.

„פאר וואס זאל איך צווייפלען, האט זיא געזאגט צו זיך. דיזע פרוי איז משוגע".

איהר האט אנגעכאפט א פאָרגעפיהל פון א קומענדען אונגליק. זיא האט זיך אונרוהיג ארומגעקוקט.

דער פייער אין קאמין האט געקנאקט, דער לאָמפּ האט געוואָרפען א ווייכע, העלע ליכט ארום טיש און ארום האט אלץ געשיינט צו זיין רוהיג. נאר מאגדאלען האט געפיהלט מיט א הארצווייהטאג. אז א געפאהר איז נאר נאהענט.

זשענעוויוו איז צוגעגאנגען צום פענסטער.

— אט איז וויליאם! האט זיא אויסגעשריען.

א שיין פון א ליכט איז געפאלען אויפ'ן פענסטער און עס האט זיך געהערט דער גערויש פון רעדער. מאגדאלען האט פריהער מיט אונגעדולד געוואַרט אויף איהר מאן און איצט איז זיא געבליבען זיצען אויף איהר אָרט: אנשטאט צו לויפען בעגעגענען איהם. איהר הארץ האט געקלאפט ניך מיט א זעלטזאמע אונרוהיגקייט.

וויליאם איז אריינגעלאפען. ער איז געווען זעהר ערדעגט, אבער ווי ער האט געשיינט איז ער געווען זעהר צופרידען. ער האט א ווארף געטהאן זיין הוט אויף א טיש, האט דעם מאנטעל אוועקגעשליידערט אויף א שטוהל און געזאגט צו מאג־דאלען אהן אטהעם:

— טרעף וועמען האב איך געזעהן אין נאכטעם?

האלב א צושראקענע פון זיין פריילליכקייט, איז מאגדאלען געבליעבען זיצען אויף איהר אָרט און האט נאר געשאקעלט מיט'ן קאָפּ.

— טרעף, איז ער צו איהר צוגעשטאנען, טרעף!

— וויא קען איך טרעפען, מיר האבען ניט א זעלכע פריינד, וואס זייער בע־געגענים וועט דיך אזוי פרייען.

— אט דא האסטו א טעות. איך האב געזעהן א פריינד, דעם טהייערסטען, דעם בעסטען פריינד.

— א פריינד? האט זיא לאַנגזאם איבערגעפרעגט.

וויליאם האט זיך לענגער ניט געקענט איינהאלטען: ער האט אנגעכאפט זיין פרוי פאר ביידע הענד.

— איך האב געפונען זשאק'ן נאך א מאל! האט ער אויסגעשריען אויסער זיך פון שמחה.

מאגדאלען איז געבליבען זיצען ווי א פארשטיינערטע, זיא האט ניט גערירט מיט קיין גליעד, זיא האט ניט ארויסגעלאזט קיין קלאנג. נאר איהר געזיכט האט זיך בעדעקט מיט א טוידטע בלייכקייט.

— דאס איז ניט אמת, האט זיא ענדליך ארויסגערעדט, זשאק איז טוידט.

— ניין, ער איז ניט טוידט, האט וויליאם געזאגט. דער רעפארט ווענען זיין טוידט איז געווען פאלש; איך וועל עס דיר שפעטער דערצעהלען. ווען איך האב איהם דערזעהן אין נאנטעס, האב איך זיך פאר איהם דערשראָקען.

וויליאם האט זיך צולאכט מיט'ן געלעכטער פון א גליקליך קינד. ער האט אָבגעלאזט מאגדאלענ'ס הענד און זיי זיינען געבליבען ליגען אויף איהרע קניע וויא אבגעשטארבענע. זיא איז געווען וויא צערשמעטערט פון דיעזען אונערוואַרטעטען קלאפּ. זיא האט געוואלט אנטלויפען, נאר זיא האט זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט. אין איהרע אויערן האבען געקלונגען זשענעוויוס ווערטער:

„גאט דער פאטער וואלט איהר קיין מאל ניט פערגעבען!“

זשענעוויוו איז געווען גערעכט: גאט דער פאטער פערגיבט קיין מאל ניט.

זיא אליין איז אויך געווען גערעכט. ווען איהר האט אלע מאל אויסגעדוכט, אז דיא שאטענס אין דיא ווינקלען זיינען אונבעוואוסטע אונגליקען, וואס ווארטען אויף איהר און ווילען אויף איהר ארויפשפּרינגען. זיא האט געקוקט אויף דיא ווענד מיט פערלאָפענע אויגען. איהר האט געדוכט, אז זיא געפינט זיך ערגעץ אין א פרעמדען פלאץ, און איצט ווען דער ווילדער שרעק האט איהר געדונערט דורך דעם מארך, האט איהר געשראָקען דאס שטילקייט פון דיא צימערן. זיא האט א קעהר געטהאן דעם קאָפּ אין זשענעוויוו'ס זייט און געזאגט צו זיך אליין:

— דיא פרוי איז א מכשפה, זיא האט זשאק'ן צוריקגעבראכט פון טיעפען אב־גרונד, אום צו שטעלען איהם צווישען איהר און איהר מאן.

וויליאם איז געווען אזוי פערבלענדט פון שמחה, אז ער האט ניט בעמערקט דיא אויפרעגונג פון זיין פרוי. ער איז צוגעגאנגען צו זשענעוויוו און האט איהר געפרעגט:

— איז דאס בלויע צימער אין ארדנונג?

— קומט זשאק מארגען? האט זשענעוויוו געפרעגט.

ביי דיזע פראגע איז מאגדאלען אויפגעשפּרונגען און האט זיך אנגעכאפּט אן רוקען פון שטוהל, אום זיא זאל ניט פאלען, און האט געזאגט האסטיג:

— מארגען קומט ער ? פאר וואס ? ניין, ער וועט נים קומען. ער האט װיליאמען געזעהן אין נאכטעס און דאס איז גענוג ער איז ווארשיינליך אויף אין פארין, ער האט דארטען זיינע געשעפטען, זעהן ווטען ער דארף....

זיא האט זיך אבגעהאקט, נים וויסענדיג וואס ווייטער צו זאגען.

װיליאם האט זיך צוגאבט אויפ'ן קול.

— זשאק איז שוין דא ! האט ער געזאגט. אין א רגע ארום וועט ער אנקומען וואס האסטו געדענקט, אז איך וועל איהם אבלאזען. ער איז א ווילע געבליבען שטעהן נעבען פערד. דאס ארימע פערד האט זיך פערוואונדעט. דער וועג איז שרעקליך, און דיא נאכט איז אזוי פינסטער, אז מען קען דיא אויגען ארויסנעהמען.

ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האט עס געעפענט און א רוף געטהאן :

— מאך עס אביסעל גיכער, זשאק !

א שטימע פון דרויסען האט געענטפערט

— איך קום גלייך.

דיזע שטימע האט איהר א זעץ געטהאן וויא א קול פון אן הארמאט גלייך אויף דער ברוסט. זיא איז אראבגעזונקען אין איהר שטוהל מיט א הייזעריגען בייזער. וויא גליקליך וואלט זיא איצט געווען אנידערפאלען א טוידטע !

וואס וועט זיא זאגען, ווען זשאק וועט אריינקומען ? וויא וועט זיא זיך געפינען צווישען דיא צוויי מענער, צווישען איהר איצטיגען מאן און אמאליגען ליעבהאבער. זיא איז געווארען פערריקט, טראכטענדיג פון דער פארשטעהענדער בעגעגעניס. זיא וועט ווערען א פערברענטע פון שאנדע, זיא וועט זיך נים וויסען וואו הינצוטהאן זיך פון חרפה, ווערענד וויליאם און זשאק וועלען זיך פון איהר אבווענדען מיט אונצופריעדענהייט.

— אין איין סעקונדע ארום וועט ער זיין אין דיזען צימער ! האט זיא געזאגט צו זיך, ווידערהאלענדיג עטליבע מאל איהר מאנ'ס ווערטער. זיא האט אויסגעשטעלט איהרע אויגען צו דער טהיר און אין דיא פאר סעקונדען וואס זיינען אריבער האט זיא איבערגעלעבט א גאנץ לעבען פון יסורים.

וויליאם איז געגאנגען אויף און אב איבער'ן צימער.

ענדליך האט ער בעמערקט איהר בלייכקייט.

— וואס איז דיר געווארען ? האט ער געפרעגט צושראקען.

— איך ווייס נים, האט זיא געשטאמעלט. איך האב זיך געפיהלט שלעכט דעם גאנצען אבענד.

מיט א געוואלדיגע אנשטרענגונג האט זיא זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל

און האט צונויפגעזאמעלט איהר גאנצע ענערגיע. זיא וועט אנטלויפען און אויף אזא אויפן וועט זיא זיך ארויסמאכען פון אן ערקי ערונג.

— איך וועל גיהן זיך אברוהען, האט זיא געזאגט מיט א שוואכען קול, מאכענדיג זיך אומזיסט צו רעדען שטייף, דיין פריינד וועט אונז פערהאלטען ביז שפעט אין דער נאכט און איך גויטהיג זיך אין רוה. דער קאפ וועדט מיר צופלאצט.

וויליאם האט דעם גאנצען וועג א היים געברענט מיט אונגעדולד פארצושטעלען זיין פריינד פאר זיין ווייב און צוזאמענברענגען געזיכט צו געזיכט די ביידע פערזאנען, וואס ער האט אזוי שטארק געליעבט, און איהם איז איצט געווען זעהר אונאנגענעהם זיין ווייב'ס פלעצליכע ניט-גוטקייט. ער האט דעם גאנצען וועג שרעקליך געטריבען דאס פערד אום צו קומען וואס גיכער א היים און האט בעשלאסען צו מאכען א שטיקעל קאמעדיע, ער וועט זשאק'ן פארשטעלען אלס א פרעמדען און דאן וועט ער האבען א ביסעל פערגניגען, ווען מאגדאלען וועט אויסגעפינען דעם אמת'ן נאמען פון דעם אונבעקאנטען. זיין הארץ איז געווען איבערפיהלט מיט גליק, וואס נאך קען ער פערלאנגען פון שיקזאל, ווען ער האט זיין ווייב און זיין בעסטען פריינד?

ער האט געבעטען מאגדאלען, זיא זאל פערבלייבען. פאר איהר איז געווען א שווערע זאך צו ווארטען ביז מארגען, נאר זיא האט אויסגעזעהן אזוי קראנק אז ער האט איהר געמוזט ערלויבען צו געהן צו זיך אין צימער. זיא האט געהאלטען ביים אריבערטרעטען דעם שוועל פון טהיר, וואס האט געפיהרט צום קארידאר, נאר זיא האט דערהערט א טריט. זיא האט זיך מיט שרעק א ווארף געטהאן צוריק און איז פערשוואונדען דורך א צווייטע טהיר, וועלכע זיא האט קוים געהאט צייט צו פערמאכען, ווען זשאק איז אריינגעקומען.

— דיין פערד האט זיך שטארק צוקאלעטשעט, האט ער געזאגט צו וויליאמען. איך דענק, אז דוא וועסט עס מוזען טוירטען.

און ביי דיא ווערטער האט ער נייגיעריג גענומען קוקען ארום צימער, וועלענדיג אויסגעפינען, וואס פאר א מין פרוי זיין פריינד האט געקריגען.

וויליאם האט פערשטאנען זיין פריינד'ס שטילען בליק.

— מיין ווייב פיהלט זיך ניט גוט, האט ער געזאגט, דוא וועסט איהר זעהן מארגען.

דאן האט ער זיך געווענדט צו זשענעוויוו, וואס איז דיא גאנצע צייט פערבליבען אין צימער, און האט צו איהר געזאגט:

— זעהט, איך בעט אייך, אז דאס בלויע צימער זאל זיין אין ארדנונג. זשאק מוז זיין גוט אויסגעמאטערט.

די אלטע פרוי האט געזעהן מאנדראלען'ס וואקסענדע ערדענונג און האט איהר מיט שטוינענדער נייגיערדע נאכגעקוקט דיא גאנצע צייט און איז צוליעב דעם ניט ארויס פון צימער.

איהר אינקוויזיציאנער גייסט האט שוין לאנג דערשמעקט מאנדראלען'ס גע־שיכטע. דיזע שעהנע בעשעפענים, האט זיא געטראכט ווענען מאנדראלען, מיט איהר ווייסע הויט, מיט איהרע רויטע ליפעלאך, מיט איהר גאלד פארבינע האר איז דיא ארבייט פון דעם ניט-גוטען און ער האט איהר אראבגעשיקט צו פערפיהרען מענשען. דיא פאנאטישע פרוי, ניט קוקענדיג אויף דעם. וואס זיא האט גע־האט געהאלטען געמאלטע בילדער, צלמים און חרפים אין שטוב, האט זיא געהאט ביי זיך אין צימער א בילד פון דעם הייליגען אנטאני'ס נסיון; דאס בילד מיט דיא טייפלישע איינגעשאפטען איז איהר געווען געפעלען און צופעליג איז איינע פון דיא פערפיהרערינס געווען עהנליך צו מאנדראלען. דיזע עהנליכקייט האט אזוי גע־ווירקט אויף זשענעוויווו'ס פאנטאזיע, אז זיא האט פון דיער ערסטער מינוט גענומען קוקען אויף מאנדראלען, וויא אויף א פערפיהרערישע פרוי.

ווען ביי זשאק'ס נאמען האט זיך אזוי זאנדערבאר געענדערט מאנדראלען'ס געזיכט, איז זשענעוויווו געווען איבערצייגט, אז דאס איז דער ניט גוטער, וואס זיצט אין איהר, רופט ארויס אין איהר דיא קראמפהאפטע מינעס און דאס צוקען פון איהר געזיכט, און זיא וואלט זיך ניט וואונדערן איין האר, ווען דיזע שעהנע פרויענצימער וואלט אין דער רגע פערוואנדעלט געווארען איהר אין דיא אויגען אין א שלאנג; און זיא האט בעשלאסען צו האלטען אויף איהר אן אויג און גוט אכטונג געבען, צו זיא וויל ניט צוריקברענגען דעם שטן, וועלכער איז שוין פערש־וואונדען געווארען פון שלאס מיט'ן גראפ'ס נשמה.

זיא האט געהאלטען ביים ארויסגעהן, ווען זשאק האט איהר אנגענומען פאר דיא הענד און האט זיך ענטשולדיגט, פאר וואס ער האט איהר ניט בע־מערקט גלייך ביי זיין ארייןקומען אין צימער. ער האט איהר געמאכט א קאמפ־לימענט, אז זיא זעהט איצט אויס פיעל איגנער, וויא ער האט איהר געזעהן דאס לעצטע מאל און איהם איז זאגאר געלונגען ארויסצורופען א שמייכעל אויף איהרע בלייבע ליפען.

---

## IX.

ווען זשענעוויוו איז ארויסגעגאנגען צו ברענגען אין ארדנונג דאס בלויע צימער, האבען זיך דיא צוויי פריינד געזעצט פארן קאמין, וואו דאס פייער האט געהאלטעןביים אויסגעהן.

— דוא ביזט זעהר שלעפעריג, האט וויליאם געזאגט, איך ווייס דאס גאנץ גוט און וועל דיך לאנג ניט פערהאלטען; דיין צימער וועט באלד זיין פארטיג. אה, זשאק, וויא גוט עס איז צו זעהן דיך ווידער דא! לאמיר נאך א ווילע פלוידערן דא נעבען קאמין, וואו מיר פלעגען זיך א מאלווארעמען, ווען מיר פלעגען קומען האלב דערפרארענע פון כאפ'ן פיש.

זשאק האט געשמייכעלט. זיי האבען גערעדט פון דער פערגאנגענהייט, פון דער געגענווארט און פון דער צוקונפט, און האבען ארויסגערופען זעהר אלטע ער־אינערונגען און האפנונגען.

אויפ'ן וועג, פאהרענדיג פון נאנטעס א היים, האט ווילי׳אם ערפאהרען פון זיין פריינד, וויא אזוי ער האט זיך ארויסגעראטעוועט, ווען דיא שיף איז אונ־טערגעגאנגען. נאר איצט האט ער איהם געמאכט דערצעהלען ווידער א מאל דיא גאנצע געשיכטע.

פון דער אונטערגעגאנגענער שיף האבען זיך געראטעוועט צוויי מענשען און איינער פון די צוויי איז געוועזען זשאק. זיי איז געלונגען צו כאפען א קליינע שיפעל פון דיא וואס געפינען זיך אויפ'ן שיף. זיי וואלטען געשטארבען פון הונגער, ווען דער ווינד וואלט זיי ניט צוגעטריבען צום ברעג און ארויסגעשליידערט אהין פון דעם שליידער זיינען ביי איהם צובראכען געווארען א פאר ריפען און ער איז געהאנגען צווישען טוידט און לעבען עטליכע חדשים. ווען ער איז געזונד געווארען האט ער פארטגעזעצט זיין רייזע נאך קאכין־כינא, וואו ער האט אנגענומען זיין שטעלע. איין מאל האט ער געשריבען צו זיין פעטער און האט אריינגעלעגט א בריעף פאר וויל־יאמען און האט דעם פעטער געבעטען, ער זאל דעם בריעף אבשיקען, נאר זיין פעטער איז דאמאלס געוועזען טוידט און דער בריעף צו ווילי׳אמען איז פערלארען געווארען. מעהר האט ער ניט געשריבען, ווייל וויא יערער טהעטיגער מענש האט ער געהאט א שרעק פאר טינט און פעדער. ער האט זיין פריינד ניט פערגעסען, נאר ער האט דאס שרייבען אבגעלעגט פון טאג צו טאג און נאכהער האט ער זיך בעדענקט, אז ער וועט האבען צייט צו דערצעהלען איהם דיא וואונדערליכע בעגעבענהייטען, ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען אין פראנקרייך.

אין קאבידכינא האט ער בעקומען דיא נאכריכט, אז זיין פעטער האט איהם געמאכט פאר זיין יורש, נאר ער האט דיא נייעס אַנגענומען גלייכגילטיג; נאר אין א ציים ארום, ווען זיין שטעלע האט איהם דערעסען, האט ער רעזיגנירט און צו־ריקגעקעהרט זיך א היים צו פערלעבען זיין געלד אין פראנקרייך.

ער איז ערסט נעכטען אבענד אנגעקומען אין ברעסט מיט דער שיף און האט געדענקט צו פערבלייבען נאר איין טאג אין וועטייל, ווייל ער האט גע־דאַרפט וואס ניכער קומען אין טולאָן, וואו איינער פון זיינע קאמעראדען איז ערסט אַנגע־קומען און האט געהאלטעןביים שטארבען.

דיזע איינצעלהייטען האבען אזוי געוואונדערט וויליאמען, וויא א מעשה פון „טויזענד און איין נאכט.“ ער האט קוים געקענט גלויבען, אז אזוי פיעל זאכען האבען געקענט פאסירען אין אזא קורצער צייט. זיין רוהיגע און שטילע נאטור איז געווען צושראָקען פון אזוי פיעל בעגעבענהייטען.

— דאס איז אונמעגליך, האט וויליאם געזאגט שוין צום צוואנציגסטען מאל. וואס דענקסטו, אז דוא וועסט דא מעהר גיט פערבלייבען וויא איין טאג? בלייב כאָטש א וואָך!

— אונמעגליך, האט זשאק געענטפערט; איך מוז מאָרגען פאהרען צו מיין שטארבענדען פריינד אין טולאָן.

— נאר דוא וועסט דאך באלד צוריקקומען?

— געוויס, אין א מאנאט אדער פיליכט אין א וואָך צוויי ארום.

— און דוא וועסט שוין מעהר קיין מאל פון דאנען נים אוועקפאהרען?

— איך וועל מיט דיר פערבלייבען אזוי לאנג, וויא דוא וועסט וועלען, אפילו דעם גאנצען זומער; נאר מארגען אבענד מוז איך נעהמען דעם צוג נאך טולאָן. איך וועל מיט דיר פערבלייבען א גאנצען טאָג און דוא וועסט מיט מיר קענען טהאָן, וואס דוא ווילסט.

וויליאם האט געשיינט נים צו הערען. ער איז געווען וויא פערזונקען אין א חלום און האט פון זיין פריינד נים אראבגעלאזען זיינע צערטליכע בליקען.

— הער מיך אויס, זשאק, האט ער ענדליך געזאגט. איך האב געהאט א פרוים, וואס דוא קענסט פערווירקליכען. בלייב וואוינען מיט אונז, איך וועל היי־סען ברענגען אין ארדנונג דיא איבריגע צימערען פון שלאָס, וואס שטעהן איצט לעדיג. מאך זיך היימיש ביי אונז, דוא וועסט אונז ברענגען פרייליכקייט און מיר וועלען דיר געבען רוהע און גליק, איך און מיין פרוי וועלען זיין דיין ברודער און שוועסטער.

ושאק האט איהם אויסגעהערט מיט א שמייכעל.

— דוא האסט נאך מיך ניט גוט אנגעקוקט, האט ער געזאגט ענדליך און געהמענדיג דעם לאמפ אין האנד האט ער עס געהאלטען נעהענטער צו געזיכט.

דאס געזיכט האט זיך שטארק געענדערט; דיא לופט פון ים און דיא זון האבען איהם פערגרעבט און פערברענט, אפילו זיינע געזיכטס-ציגע זיינען פער־גרעבט געווארען פון דעם הארטען לעבען, וואס ער האט געפיהרט. ער האט איצט אויסגעוויזען העכער און ברייטער, זיינע הענד גרעסער; דיא איידעלקייט און צארטקייט פון דיא יונגע יאהרען זיינען איצט אין גאנצען פערשוואונדען געווארען. ער האט געגעסען, געלאכט, געטרונקען און געפיהרט דאס לעבען פון א גליקליכע חיה ביז זיין הארץ איז געווארען שטום און ער האט נאר פערשטאנען קערפערליכע פערגניגענס. ער איז זאגאר געווען גוטמוטהיג וויא שטענדיג אבער ער האט ניט געקענט פערשטעהן פריינדשאפט, אזוי וויא וויליאם האט פערשטאנען.

דאס לעבען, וויא ער האט עס פערשטאנען, בעשטעהט ניט פון פאזיטיווע, גרייפבארע פערגניגענס; ער האט ניט געוועלט האבען קיינע פערבינדונגען, און זיין וואונש איז געווען צו וואנדערן איבער דער וועלט, וואו דאס הארץ וועט איהם ציהען און זיצען ביי דעם בעסט געדעקטען טיש כיט דער שעהנסטער פרוי.

וויליאם, וואס האט איהם נאר איצט גוט אנגעקוקט, האט זיך געוואונדערט וואס זיין פריינד זעהט אויס פיעל עלטער וויא ער האט ערווארט און אזוי דיק. ער האט אנטקעגען איהם אויסגעזעהן, וויא א שוואכעס איגנעלע.

— אלזא? האט וויליאם געפרעגט אונרוהיג, פאראויסזעהענדיג, וואס דער חבר וועט ענטפערן. איך זעה דיך איצט.

— און דוא ציהסט צוריק דיין פארשלאג? ניין! ניין! האט ושאק געזאגט מיט א הויכען געלעכטער. איך וואלט געשטארבען פון אפאפלעקסיע אין איין יאהר צייט אין דיין געליעבטער רוהע.

— דוא האסט א טעות, דיר וואלט דא געווען זעהר גוט.

— וואס פאר א קינד דוא ביזט! דענקסטו, אז דיין גליק וואלט געווען מיין גליק? דיזע הויז וואלט געווארען מיין קבר און איך וואלט זיך געפיהלט זעהר אומעדיג אין דיא גרויסע צימערן. נאר איבער'ן זומער וואלט איך וועלען פערברענ־גען דא מיט דיר. דיא קעלט וועט מיך אוועקטרייבען אין פאריז, ווייל איך וויל זיך ניט בעגראבען דא אונטערן שניי.

זיין הויכער קול און גרוישפאלע פרייליכקייט האט זעהר געשמערצט וויל־אמען, וועלכער האט געזעהן, אז זיין חלום ווערט פערשוואונדען.

— און וואס דענקסטו צו טהאָן אין פאריז? האט ער נעפרעגט.

— איך וויים ניט, האט זשאק געענטפערט. ווארשיינליך גאר ניט. איך האב נענוג געארבייט און איצט ווען מיין פעטער האט מיר איבערגעלאזט א ירושה, וויל איך לעבען, ווי א מיר וועט זיך געלוסטען: עסען, טרינקען, געפינען אנגענעהמע פריינד.

און ער האט זיך ווידער צולאכט.

וויליאם האט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— דאך וועסטו נים זיין גליקליך, האט ער געזאגט. ווען איך זאל זיין אויף דיין אָרט, וואלט איך חתונה געהאט און געבראכט מיין ווייב אהער. שטעל זיך פאר, וואס פאר א רוהיג און זיס לעבען דוא וואלסט דא געפיהרט. פאָלג מיך און טהו ווי איך בעט דיך און קום אהער.

דער געדאנק וועגען חתונה האבען און לעבען דא אין איינזאמקייט האט דעם געוועזענעם דאָקטאָר אויסגעוויזען זעהר לעכערליך.

— אה, וואס פאר א קינד דוא ביזט! האט זשאק אויסגערופען. דוא דענקסט, אז אלע מענער זיינען אזוי ווי דוא. מיין טהייערער פריינד, ווען איך זאל חתונה האבען, וואלט איך אין אכט טעג ארום אפשר געשלאגען מיין ווייב און דאך בין איך נאך אלעמען נים אזא שלעכטער מענש. דוא שעצסט זעהר דיא פרויען און איך בעטראכט זיי נאר ווי א אן אנגענעהמען צייט-פערטרייב. איך פערזיכערע דיך, אז ווען איך זאל חתונה האבען און פערשליסען זיך דא מיט מיין ווייב וואָלט איך איהר הערצליך בעדויערט.

וויליאם האט א ציה געטהאָן מיט דיא אקסלען.

— דוא מאָלסט א ביקד פון זיך אסך שווארצער ווי דוא ביזט, האט ער געזאגט. דוא וואלסט זעהר געליעבט דיין פרוי. דוא דארפסט נים לאַכען פון דעם, וואס דוא רופסט מיין איבערטריבענע אכטונג פאר פרויען. עס וואלט געווען פיעל בעסער פאר דיר, ווען דוא זאלסט האבען דאס זעלבע געפיהל. א מאן דארף ליעבען איין פרוי און לעבען מיט איהר ביז דער טוידט טיימעט זיי.

— איך געדענק, אז איך האב שוין פון דיר א מאל געהערט דיא פראזע, נאך מיט יאָהרען צוריק, האט זשאק געזאגט. יא, דוא האסט זיך נים געענדערט און געבליבען דער זעלבער וואס געווען. חתונה שרעקט מיך אב, איך האב זיך שטענדיג אָבגעהיט פון אן ערנסטע פערבינדונג, נאר דוא מיין טהייערער מאָנק...

זשאק האט זיך א רגע אבגעשטעלט און דאן פארטגעזעצט מיט זיין פרייליכען און פערגרעבטען קול.

— ביזטו גליקליך מיט דיין ווייב ?

וויליאם האט געפיהלט א פערגניגען פון דער פראגע, וויל איצט זיינען ביי איהם ארויסגעשוואומען אלע זיסע עראינערונגען פון דיא פיער גליקליכע יאהר.

— גליקליך ? האט ער ווידערהאלט זיין פריינד'ס פראגע, יא, איך בין גליקליך. דיא שטילקייט און רוה, וואס ווארפען אן א שרעק אויף דיך, האבען אונז איינגעווינט אין א זיסען חלום, פון וועלכען מיר וועלען קיין מאל ניט ערוואכען; אין דעם, מיין פריינד, בין איך זיכער.

זשאק האט אויף איהם געקוקט מיט פערוואונדערונג. ער האט איהם געוואלט פרעגען עפעס וועגען זיין ווייב.

— איז זיא א שעהנע ? האט ער געפרעגט.

— איך וויים ניט, האט ער געזאגט. איך ליעב איהר און דאס איז גענוג. דוא ועסט מארגען אליין קענען אורטהיילען

— האסטו זיך בעקאנט מיט איהר דא אין וועטייל ?

— ניין, אין פאריז. מיר זיינען פריהער געווען געליעבטע און דערנאך האב איך מיט איהר חתונה געהאט.

זשאק'ן האט אויסגעוויזען, אז ער האט בעמערקט אין זיין פריינד'ס שטימע עפעס א צומישטקייט. ער האט באלד פערשטאנען דיא גאנצע געשיכטע. ער האט זיך אויפגעהויבען, איז א פאר מאל געגאנגען איבער'ן צימער אויף און אב און דאן האט ער זיך געשטעלט אנטקעגען זיין פריינד און געזאגט ערנסט ·

איך האב קיין שום רעכט ניט צו פרעגען דיר פראגען, דאך ווערסטו מי־ערלויבען צו זאגען דיר א פאר ווערטער. דוא ביזט זעהר פרעמד אין דער וועלט און דוא האסט צוליעב דעם געמאכט א גרויסען פעהלער. אזעלכע חתונות וויא דיינע קענען א מאל זיין זעהר אנגענעהם פאר א קורצע צייט, נאר זיי ענדיגען זיך שטענדיג שלעכט.

וויליאם איז אויפגעשפרונגען און האט געזאגט מיט ווארעמקייט.

— ש ש ש ! דוא דארפסט עס ניט זאגען. דוא טארסט וועגען אונז ניט אורטהיילען פון דיא אנדערע חתונות וואס דוא האסט געזעהן. ווען דוא וועסט קענען מיין ווייב, וועסטו חרטה האבען אויף דיינע רייד, און דוא וועכט זעהן, אז דוא האסט געהאט א טעות.

— איך האב שוין חרטה, אז דוא ווילסט. עס קען זיין, אז איך קוק צו פינסטער אויף דער וועלט, נאר איך האב דיר געזאגט, וואס איך דענק. עס איז

צו שפעט דיר צו געבען עצות, דאך קען דיר ניט שאדען, וואס איך האב דיר געוואָרענט.

א שמערצליכע שטילקייט איז איינגעטראָטען און איז איבערגעריסען געווארען, ווען זשענעוויוו איז אריינגעקומען און געמעלדעט, אז דאס בלויע צימער איז פער־טיג פאר׳ן גאסט.

וויליאם האט געזאגט מיט א פריינדליכען שמייכעל:

— קום, זשאק, איך וועל דיר ווייזען דיין צימער. מארגען וועסטו זעהן מיין ווייב און קינד. איך וועל דיך איבערצייגען, אז דוא ביזט ניט גערעכט, און דער טאג וועט נאך קומען, ווען דוא וועסט זיך בעגראבען אין דיזען אַלטען שלאָס.

ווען דיא יונגע לייט זיינען צוגעגאנגען צו דיא טרעפ, האט זיך זשאק אומ־געווענדעט און גענומען זיין פריינד׳ס האנד און מיט א ווארעמען דרוק האט ער געזאגט זעהר ערנסט:

— דוא דארפסט ניט לעגען קיין שטארקע געוויכט אויף מיינע ווערטער. איך וויל נאר דיין גליק. דוא ביזט גליקליך, אין דעם בין איך זיכער.

— יא, איך בין גליקליך, יעדער איז דא גליקליך, האט וויליאם געענטפערט. א גוטע נאכט און האב פרייליכע חלומות.

מיט דיא לעצטע ווערטער איז וויליאם אריין אין עסס־צימער און צו זיין גרויסער פערוואונדערונג האט ער דערזעהן מאנדאלען שטעהן אין מיטען צימער. זיא איז געבליבען וויא צוגעשמידט צום באָדען. ווען זיא האט ביי זשאק׳ס אריינ־קומען דערהערט דיא שטימע, וואס האט איהר דורכגעדרונגען ביז צום הארצען. זיא האט געקענט יעדען טאָן, יעדע בעוועגונג, יעדען ריהר מיט דער האנד, יעדען מאך מיט׳ן קאָפּ. דיא וואנד, וואס האט זיי געשיידעט, האט פאר איהר ניט עק־זיסטירט, ער איז געשטאנען פאר איהרע אויגען. דיא נאהענטקייט פון דיזען מענ־שען האט ביי איהר ארויסגערופען א שארפען וויהטאָג, דאך האט זיא פאר איהר געהאט א געוויסען רייץ. מ׳ט א פערבארגענעם שרעק האט זיא געפיהלט, אז עס ציהט איהר צו איהם, אז זיין נאהענטקייט פערשאפט איהר פערגניגען. זיא האט אבגעשטעלט און א קוק געטהאן דורך דער שליסעל־לאָך אין טהיר און דיא מאָ־מענטען וואס זיא איז געשטאנען ביי דער טהיר האבען איהר געשיינט פאר אן עווינקייט. זיא האט געפיהלט אז דיא כחות פערלאזען איהר און זיא פאלט באלד אין אונמאכט, און איהר איז איבערגעלאפען א געדאנק, אז ווען זיא וועט איצט א פאַל טהאן און זיי וועלען אריינלויפען, וועט זיא שטארבען פאר שאנדע.

זשאק׳ס נעווינסטע פראזען האבען איהר געשטאכען אין דער צוהנטען ריפּ און זיא האט אנגעהויבען צו וויינען, דערשטיקענדיג איהר כליפּען, אום זיי זאלען ניט דערהערען. איהר מאנ׳ס צוטרוילעכקייט צו איהר, זיינע פּראָעקטען, אז זשאק זאל מיט זיי פערבלייבען, האבען איהר כמעט דער׳הרג׳עט, דאך האט זיא קוים געהערט זיין שטימע; אין איהרע אויערן האבען נאר געקלונגען דיא טענער פון זשאק׳ס שטימע.

ווען דיא צוויי פריינד האבען זיך געלאזט געהן צו דיא טרעפּ, האט זיא איבער זיך געמאכט איבערמענשליכע אנשטרענגונגען צו פערלאזען דאס צימער. נאך אלעם דעם, וואס זיא האט געהערט, איז איהר געווארען קלאר, אז זיא טאר אפילו ניט ווארטען ביז מארגען. איהר עהרליכע נאטור האט רעבעלירט געגען דעם. איהרע האר האבען זיך צולאָזט איבער איהרע אקסלען, איהר געזיכט איז געוועזען בלייך וויא דער טויט. איהרע אויגען זיינען געווארען נאך א מאל אזוי גרויס און אידר מויל האט זיך קראמפּהאפט פערקרימט.

וויליאם איז געווארען פערוואונדערט, דערזעהענדיג איהר אין עסס־צימער, נאר זיין פערוואונדערונג האט זיך פערוואנדעלט אין שרעק, ווען ער האט דערזעהן איהר געזיכט.

— וואס איז געשעהן, מאנדאלען? האט ער אויסגערופען מיט שרעק, צולויפענדיג צו איהר. איך האב געמיינט אז דוא שלאָפסט שוין?

זיא האט געוויזען מיט׳ן פינגער אויפ׳ן סאלאָן און געזאגט מיט א שטילען קול:

— ניין, איך בין געוועזען דארטען.

זיא איז צוגעגאנגען צו וויליאמען, האט איהם ארויפגעלעגט ביידע הענד אויף דיא אקסלען, און קוקענדיג איהם גלייך אין דיא אויגען, האט זיא געזאגט קורץ:

— איז זשאק דיין פריינד?

— יא, האט ער געענטפערט פערוואונדערט פון דער זעלטזאמער פראגע. איך האב דיר שוין לאנג געזאגט, און דערצעהלט דיר, וויא שטארק אונזער פריינדשאפט איז. זשאק איז מיין ברודער. און איך וויל, אז דוא זאלסט איהם ליעבען, וויא א שוועסטער.

— דוא ווילסט, אז ער זאל בלייבען וואוינען מיט אונז צוזאמען, ניט וואהר?

— יא, האט וויליאם געענטפערט, און איך האף, אז מיר וועלען דאס אויספיהרען, און דאן וועל איך ניט האבען, וואס נאך צו ווינשען. ווען מיר זיינען געוועזען קינדער, האבען מיר געשוואָרען, אז יעדע זאך, וואס מיר וועלען האבען, וועלען מיר זיך מחייליען.

— אזוי; דאס האט איהר געשווארען! האט מאנדאלען געזאגט, און איהר מאנ׳ס אונשולדיגע ווערטער האבען איהר א ריס געטהאן אין הארצען.

וואס האט זיא געקענט זאגען! איהרע ליפען זיינען געווען פארטריקענט און דיא האט ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. אין דיזען מאמענט איז זשענעוויוו אריינגעקומען אין צימער, נאר דער מאן און ווייב האבען איהר ניט בעמערקט. זיא האט געזעהן זייער עררעגונג און האט זיך אנידעו געשמעלט שטילערהייד אין שאָטען, קוקענדיג אויף זיי מיט פינקעלדינע און שארפע אויגען. איהרע ליפען האבען זיך שטום בעוועגט, וויא זיי וואלטען ארויסגערעדט עפעס א צויבער־שפרוך.

— צו וואס פרעגסטו מיך דיזע אלע פראגען? האט וויליאם ענדליך געפרעגט אביסעל בעאונרוהיגט פון זיין ווייב׳ס זעלטזאמע האלטונג.

מאנדאלען האט ניט געענטפערט גלייך. זיא האט זיך נאך שווערער אנגעשפארט מיט איהרע ביידע הענד אן דעם מאנ׳ס אקסלען און האט איהם טיעפער אריינגעקוקט אין דיא אויגען.

זיא האט געהאפט, אז ער וועט לייענען דיא ווארהייט אין איהרע אויגען און דיא וועט פערשפארען ערקלערן איהם, וואס אין איהר קומט פאר.

— איך האב געקענט זשאק׳ן אין פאריז, האט זיא ענדליך ארויסגערעדט זעהר לאנגזאם.

— אזוי! ווירקליך? האט וויליאם ארויסגעשריען. פאר וואס האסטו עס מיר פריהער ניט געזאגט? דוא האסט מיך כמעט וויא דערשראקען. אויב אזוי איז ער אן אלטער בעקאנטער, און ווייטער גאר ניט! דענקסטו, אז איך וועל זיך שעמען מיט דיר? ער וויים אונזער געשיכטע, און אויב ער וויסט ניט קלאר, שטויסט ער זיך אויף דעם.

דאס בלינדע צוטרויען פון איהר מאן האט איהר געפיינעגט אזוי שטארק, אז זיא האט עס ניט געקענט אויסהאלטען. פאר וואס וויל ער ניט פערשטעהן? ניט קענענדיג בעהערשען איהר כעס, האט זיא אויסגעשריען:

— הער מיך אויס, דוא האסט מיך געבעטען, איך זאל מיט דיר קיין מאל ניט רעדען פון דער פערגאנגענהייט. איך האב דיר געפאלגט און האב איהר כמעט פערגעסען, נאר דיא פערגעסענהייט האט זיך צוריקגעקעהרט צום לעבען און זיא צערשמעטערט מיך. און איך בין געווען דא אזוי גליקליך!

איהר שטימע אין איצט געווארען לייזענשאפטליך, היציג, פייעריג.

— איך קען לאנג ניט שווייגען; איך מוז דיר זאגען, אום דוא זאלסט ניט ערלאזען, אז זשאק זאל מיך דערוואַרגן. איצטער פארשטעהסטו שוין?..

**וויליאם איז שאקלענדיג זיך צונעקראָכען צו א שטוהל, וועלכער איז נעשטאַנען נעבען קאמין.** איהם האט אויסנעוויזען, אז יעמאנד האט איהם א זעץ נעטהאן אין קאָפּ אריין; ער האט נעציטערט און איהם האט נעקלאפּט א צאָהן אין א צאָהן.

— וואס פאר אן אונגליק! וואס פאר אן אונגליק! האט ער נעשטאמעלט.

ער האט צוזאמענגעלעגט דיא הענד, וויא צו א נעבעט. זיינע אויגען זיינען נעוועזען אויסנעגלאָצט, זיינע ליפּען וויים און אויסנעצויגען. ער האט נעשיינט צו בעטען דעם הימעל, אז ער זאל נעשיצט ווערען פון דיזען צערשמעטערנדען שמערץ. ער איז נעוועזען מעהר צושראָקען, וויא עס האט נעשיינט, אַלס צאָרניג. ער איז נעוועזען אין דעם זעלבען צושטאנד, וויא ער פלעגט זיין אין זיין קינדהייט, ווען ער פלעגט זיך בעהאלטען אין א ווינקעל פון דער גרויזאמער פערפאלגונג פון זיינע חברים. ער האט ניט נעהאט קיינע פּארווירפע צו מאכען און האט גאר נעקוקט אויף זיין ווייב מיט זיינע קינדערשע אויגען, וואס זיינען געוועזען פול מיט שרעק און וואונדער.

מאגדאלען האט בעסער נעוואלט, אז ער זאל איהר א שליידער טהאן אן דער ערד. זיין אונטערגעבונג צום שיקזאל, זיין מקבל באהבה זיין אזא שרעקליכען קלאפּ, איז פאר איהר געוועזען מעהר, וויא זיא האט נעקענט אריבערטראגען. זיא האט זיך א ווארף נעטהאן צו זיינע פיס און האט נעבעטען.

— זיי מיר מוחל!.. אה, וויליאַם, גאָט איז אונבארעמהערציג! ושענעוויוו איז נעוועזען נערעכט; ער איז א בייזער גאָט און איז קיין מאל ניט מוחל קיין זינד! איך האב איהר ניט נענלויבט; איך האב נעדענקט, אז צייטענווייז לאָזט ער זיך איבערבעטען און ועט אננעהמען מיין תשובה. איך האב צו זיך אליין נעזאגט, אז מיין פערגאנגענהייט איז טוידט און איך קען לעבען אין רוה. מיין פערגאנגענהייט איז נעוועזען דיזער מאן, וועלכען דער ים האט איינגעשלונגען; ער און מיין שאנדע זיינען נעוועזען בענראבען אין דעם אבגרונד פון ים און זיי זיינען אויף אייביג פערשוואונדען. נאר אך! ער איז צוריקגעקומען פון דער טיעפענים פון ים מיט א נעלעבטער! דאס שיקזאל האט איהם ארויפגעווארפען אויפ'ן ברעג און האט איהם נעשיקט אהער, אז ער זאל אונז פערשטערן, אוועקרויבען ביי אונז אונזער גליק.

— דוא זעהסט וויליאם! האט זיא ווייטער נעזאגט. ער איז נעוועזען טוידט, און ראָך לעבט ער. דאס איז ניט געוועזען גאָט, וואס האט איהם צוריקגעגעבען דאס לעבען — דאס איז נעוועזען דאס שיקזאל, וואס האט איהם נעשיקט אהער מיך צו שטראָפען! וואס פאר א פערברעכען זיינען מיר בײדע בעגאנגען? מיר האבען נע־

ליעבט איינער דעם צווייטען, מיר זיינען מאן און ווייב, מיר פיהרען א רוהיג לעבען און טהוען קיינעם קיין שלעכטעס ניט. מיר זיינען געווען זעהר גליקליך און גאָט ער־לויבט ניט זיינע בעשעפעניסען צו זיין גליקליך. איך לעסטער גאָט מיט מיינע ווערטער, וויליאַם, נאר איך רייד אויס דאס הארץ און מיר ווערט דערפון גרינגער די פערגאנגענהייט און א פערברעכען ווערען קיין מאל ניט פערשוואונדען, זשע־נעוויוו איז געווען גערעכט.

— אן אינגליק! אן אונגליק! האט וויליאַם ווידערהאלט.

— דוא געדענקסט, אז איך האב ניט געוואָלט אננע־מען דיין פארשלאג חתונה צו האבען מיט דיר, ווען דוא האסט מיר יענעם טרויעריגען אבענד געגעב־טען ביי דעם שמוציגען טייכעל, וואס איז א מאל געווען קלאָר וויא קריסטאַל; און איננערליכע שטימע אין מיר האט מיך געוואָרענט, אז איך זאל זיך ניט פערלאזען אויף גאָט׳ס רחמנות. איך האב צו זיך אליין געזאגט, אז עס איז בעסער, מיר זאלען בלייבען, וויא מיר זיינען, אז מיר ליעבען איינער דעם צווייטען איז דאס גענוג. אפשר אז מיר וועלען חתונה האבען, וועלען מיר זיך אזוי שטארק ניט ליע־בען. נאר דוא האסט זיך געהאלטען ביי דאס דיינינגע, און האסט צו מיר גערעדט פון א ליעבע, וועלכע מיר זאלען ניט מורא האבען צו ווייזען פאר דער גאנצער וועלט. דיינע ווערטער זיינען געווען זיס און איך האב געטרוימט פון א היים פון א פערגרעסערטע צערטליכקייט און מעהר אכטונג. אך! פאר וואס האב איך זיך געלאזט איבעררעדען? פאר וואס האב איך זיך ניט צוגעהערט צו יענער געהיימ־ניספאָלער,ווארנענדער שטימע?

— איך האב געדענקט, האט זיא פארטגעזעצט, אז ווען איך וועל ניט חתונה האבען מיט דיר, וועל איך דיר דערעסען מיט דער צייט און דוא וועסט מיך פער־טרייבע און איך וועל ווערען ניט בעסער וויא די גאַסען־מיידלאך פון פאריז. יא מיין פריינד, איך בין געווען זעהר שוואך.

– אן אונגליק! אן אונגליק! האט וויליאם ניט אויפגעהערט צו ווידערהאלען.

— יא, איך בין געווען שוואך און פייג, נאר איך וויל, אז דוא זאלסט מיך פערשטעהן; איך בין געווען מיעד און איך האב געדארפט רוה. איך מיין ניט צו זאגען, אז איך בין געווען לייטישער פון יענע מיידלאך, איך בין נאר געווען שטאר־צער, און ווען דוא האסט מיר געגעבען דיין נאמען, האב איך געמיינט, אז איך בין ריין געוואשען פון יעדען פלעק; נאר וויא איך זעה, וואשען זיך די פלעקען קיין מאל ניט אב. אויב דוא געדענקסט, האב איך זיך ניט ענטשלאסען באלד אנצו־נעהמען דיין פאָרשלאג, איך האב א גאנצע נאכט געקעמפפט מיט זיך אליין, און

בין געקומען צום שלום, אז איך דארף זיך אבזאגען פון דיין פארשלאג, נאר ווען איך האב דיך דערזעהן, האב איך ניט געהאט דעם מוטה דאס צו טהאן. זשאק איז מיר יענע נאכט געקומען צו חלום און האט מיר געזאגט, אז איך בין זיינע אויף אויביג אין ער וועט זיין אויף אונזער חתונה, נאר איך האב זיך גע׳אגט, אז איך בין פריי און איצט האסטו אורזאכען מיך צו האסען.

— אן אונגליק! אן אונגליק.

— פיער יאהר בין איך געווען גליקליך, האט זיא ווייטער גערעדט. ווען איך האב געהאלטען אונזער קינד אין מיינע ארמען, האב איך נאר פערגעסען, וואס פאר א פרוי איך בין געווען. מיר האט אויסגעוויזען, אז איך בין שטענדיג געווען אזוי וויא איצט. וואס פאר א צערטליכקייט האב איך פון דיר אוועקגע׳גנב׳עט איך זאג גע׳גנב׳עט, ווייל דיין ליעבע, דיין אכטונג, דיא קושען פון מיין קינד זיינען געווען גע׳גנב׳עט, זיי האבען מיר ניט געקומט, איך האב אויף זייא ניט געהאט קיין שום רעכט. וויא אזוי האב איך געקענט וויסען, אז דאס שיקזאל מאכט פון מיר נאר א שפיעלכעל, אז ער וועט ביי מיר אויסרייסען מיין גליק, וואס איך האב ניט פערדיענט? איך האב געדענקט, אז אזוי וועט זיין אויביג און איצט איז פון דעם אלעם געווארען אש און שטויב! דאס איז ניט מעהר וויא גערעכטיגקייט, וויליאם! איך בין א נידריגע, פערשמוצטע בעשעפעניס, נאר דוא, וויליאם, זאלסט דערפון ניט לײדען. איך וועל אוועקגעהן און דוא וועסט פון מיך קיין מאל מעהר ניט הערען.

זיא איז געלעגען אויף דער ערד און האט קאנוואולסיוו געשלוכצעט. דיא פערצווייפלונג פון דיזער פרוי, וואס האט פערלארען איהר שטענדיגע ענערגיע פון דעם פלעצליכען קלאפ, איז געווען פערמישט מיט א פינסטערן צארן. זיא האט געזוכט צו זיין אונטערווירפיג, נאר אין הארצען האט זיא רעבעלירט געגען דעם שיקזאל. זיא האט געהאט נאר איין צערטליכען געדאנקען — איהר מיטלייד צו וויליאמען איז געווען זעהר טיעף, וועהרענד זיא האט גערעדט מיט געבראכענע ווערטער, וויא א פרוי וואס ליגט אין היץ ביים שטארבען, האט זיא ניט אראבגענומען דיא אויגען פון איהר מאן און האט איהם מיט איהר בליק געבעטען, אז זיא זאל רעדען.

נאר וויליאם איז געזעסען מיט׳ן קאפ אנגעשפארט אן דער האנד און האט געהאלטען אין איין זאגען: וויא אן אידיאט וואס האט מעהר ניט געפונען קיין ווערטער.

— אן אונגליק! אן אונגליק.

אין דער ווירקליכקייט האט ער קוים פערשטאנען, פון וואס ער ליידעט, און דאס וואָרט וואס ער האט אזוי פיעל מאל ווידערהאלט, האט פאר איהם פערלאָרען יעדע בעדייטונג.

ווען זיין פרוי האט אויפגעהערט צו רעדען, האט ער געשיינט צו וואונדערן זיך, פאר וואס איז געווארען שטיל. ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט זיך דערמאנט.

— דוא האסט געוואוסט, אז זשאק איז געוועזן מיין פריינד!

— איך האב געוואוסט אלץ! האט זיא געענטפערט אונגעדולדיג. דוא געדענקסט, וויא דוא ביזט געקומען א היים אין אונזער פאריזער וואוינונג מיט דער נאכריכט, אז דיין פריינד איז געשטארבען? גראדע מיט א מינוט פריהער האב איך געפונען זיין בילד אין דעם אלבום. נאָט איז מיין עדות, אז איך בין געוועזן פערטיג צו אנטלויפען אין עק וועלט, אום צו פערשפארען דיר דעם ווייהטאָג פון ערפאהרען, אז דיין פריינד איז געוועזן מיין געליעבטער. נאר ווען איך האב זיך דערוואוסט, פון דיין מויל, אז דער מאן איז טוידט און ער וועט זיך קיין מאל נים שטעלען צווישען אונז, האב איך נים געהאט דעם מוטה און קוראזש אוועקצרווארפען אלץ, וואס איז מיר געוועזן אזוי טהייער. איך האב נים געהאט דעם מוטה צו פערלאזען דיך. פון יענעם טאָג אן איז מיין לעבען געוועזן פאלש; איך וואלט געשווייגען אויביג. דוא זעהסט, אז איך האב זעהר א פערדארבענע הארץ?

זיא האט זיך אבגעשטעלט און האט איינגעהאלטען דעם אטהעם, אום זיך צו צוהערען. אויף איהר געזיכט האט זיך אבגעטונקט א שרעק.

— הער! האט זיא זיכער אן אטהעם געטהאן וויא ארויסגערעדט, דאס קומט זשאק!

וויליאם האט זיך צוגעהערט אהן אטהעם.ביידע זיינען געווען פערטויבט פון דעם האסטיגען קלאפען פון זייערע אייגענע הערצער. מען האט געקענט דענקען, זעהענדיג וויא זיי שטעהן אזוי צושראקען און הערען, אזוי וויא זיי זיינען געוואָהר געווארען, אז א מערדער האט זיך פערשטופט אין א פינסטערן ווינקעל פון קארידאָר און ער קען יעדע מינוט ארויסשפרינגען מיט א מעסער אין האנד און ארויפוואַרפען זיך אויף זיי.

וויליאם האט געציטערט זאגאר מעהר וויא מאנדאלען, וויל איצט ווען ער האט געוואוסט דיא ווארהייט, האט ער נים געקענט פערטראגען דעם געדאנק, אז ער זאל זיך איצט בעגעגענען געזיכט צו געזיכט מיט זשאק'ן.

ער האט זיך צוגעהערט א מינוט לענגער און דאן האט ער זיינע אויגען גע־ווענדט צו מאנדאלען, וועלכע איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן באָדען, האלב פער־הילט מיט איהרע צולאזטע האר. זיין גאנצעס וועזען האט געבעטען, מען זאל איהם טרייסטען אין זיין אומגליק, און ער האט זיך אראבגעלאזט אויף דיא קניע נעבען איהר, האט אויפגעהויבען איהרע הענד און האט זיי פערדעקט אויף זיין האלז. זיי האבען צוזאמען געוויינט. האלטענדיג פעסט איינער דעם צווייטען און האבען אין דער מינוט געפיהלט, אז דיזע אומארמונג איז אזוי שטארק, אז קיינער וועט זיי ניט קענען צושיידען.

וויליאם האט געוויינט ווי א קינד, מיטן געזיכט איינגעשפארט אין איהר שולטער. זיינע טרערען האבען געשיינט צו זאגען, אז ער פערצייהט איהר.

—דוא ביזט ניט שולדיג, האט ער געמורמעלט, דאס איז בלויז געווען א צופאל און איך האב דיך דאך ליעב. רעד ניט פון שיידען זיך.

זיינע ליפצען האבען נאך צוגעגעבען:

— טרייסט זיך, מיין טהייערע. איך וועל ניט אויסהאלטען אויב דוא וועסט מיך פערלאזען, וויל פאר מיר איז צו שווער אריבערצוטראגען מיין פעקל צרות.

מאנדאלען האט גוט געהערט דיזע ווערטער. איהר הארץ איז געווען פול מיט מיטלייד צו זיין איידעלע זעעלע, וואס איז איצט אזוי פיעל אויסגעשטאנען. אויסער דעם, איז פאר איהר געווען זעהר זיס דיזע שטילע פערצייהונג. זיא האט איהם ביסלאכווייז בערוהיגט און דאן געזאגט מיט א ווייכען קול:

— עס איז שוין באלד צוויי א זייגער. מיר קענען ניט ווארטען ביז „ער" וועט אויפשטעהן. וואס זאלען מיר טהאן?

וויליאם האט געקוקט אויף איהר, נאר אין זיין געזיכט האט זיך געזעהן אזוי וועניג ענטשלאָסענהייט, אז זיא האט פערשטאנען, דאס פון איהם קען זיא קיין עצות ניט ערווארטען.

— ווען מיר זאלען איהם דערצעהלען דיא גאנצע ווארהייט, וועט ער אוועק־פאהרען און לאזען אונז צורוה, האט זיא געזאגט, געה גלייך אריין צו איהם און דערצעהל איהם.

— ניין, ניין, ניט איצט, האט ער געשטאמעלט. שפעטער, שפעטער, אויב מיר וועלען זיך אנדערש ניט קענען בעגעהן.

— זאל איך געהן צו איהם און דערצעהלען איהם?

— דוא!

וויליאם האט אויסגערופען דאס וואָרט צושראָקען און ערשטוינט. מאנדאלען

האט געמאכט דעם פארשלאג, ווייל דערצו האט איהר געטריבען איהר אפענע און בראווע נאטור. נאר ער האט עס ניט פערשטאנען און איהם האט א שטאך גע־טהאן און הארצען פון אייפערזוכט און זיין איידעלקייט איז געווארען פערוואונדעט פון דעם געדאנק, אז זיא קען זיך זעהן אונטער וועלכע ניט איז אומשטענדע מיט איהר אלטען ליעבהאבער.

— אלזא וואס זאל מען טהאן?

ער האט גלייך ניט געענטפערט. איהם האט ווייטער אויסגעוויזען, אז ער האט געהערט טריט איבער דיא טרעפ, און ער האט זיך צוגעהערט. דער געדאנק, אז זשאק געפינט זיך אונטער זיין דאך, האט איהם געפייניגט. פאר וואס זאל ער בעסער ניט אוועקלויפען, איידער צו מאכען ערקלערונגען? יעדען מאל ווען ער איז געוועז אין א קלענליכען צושטאנד איז זיין ערסטער געדאנק געווען צו זוכען א פער־בארגענעם פלאץ און טרייסטען זיך אין איינזאמקייט מיט זיינע רוהיגע טרוימען.

— לאמיר אוועקגעהן, האט ער געזאגט מיט א שטילען קול. איך קען איצט ניט פערטראגען מעהר. ער פאהרט אב מארגען און פאר א גאנצען מאנאט וועלען מיר איהם ניט זעהן מעהר.

אזא מין אנטלויפען איז געווען עקעלהאפט פאר מאנדאלענ'ס בראווע נאטור. זיא האט געזעהן, אז דאס איז גאר קאלטע רפואות און דאס וועט זיי ניט ערלעזען פון צוקונפטיגע שטערונגען.

— עס איז פיעל גלייכער צו מאכען איצט אן ענדע, האט זיא געזאגט.

— ניין, ניין, קום איצט אוועק, האט ער געשטאמעלט. מיר וועלען איצט געהן צו אונזער קליין הייזעל און אבווארטען, ביז ער וועט אבפאהרען. אויב ווער פון אונז זאל איהם זעהן נאך א מאל, וואלט איך געפיהלט, אז יעדע האפנונג פון א צוקונפטיגען גליק איז פערלארען.

מאנדאלען האט זיך אונטערגעגעבען; זיא איז געווען אין גאנצען צערשמעט־טערט און האט געפיהלט, אז וויליאם איז נאך מעהר דערשלאגען און דארום האט זיא ניט געוואגט צו פאדערן פון איהם, אז ער זאל טהאן עפעס הערא'אישעס, העלדיש'עס.

זאל זיין אזוי, האט זיא געזאגט, לאמיר געהן.

זיי האבען זיך ארומגעקוקט, דאס פייער אין קאמין איז אויסגעגאנגען, דער לאמפ האט געהאלטען ביים פערלאשען ווערען, דאס צימער, וואו זייא האבען פער־בראכט אזוי פיעל גליקליכע אבענדען, האט זיי אויסגעוויזען דונקעל און טרויריג. אין דרויסען האט דער ווינד שטארק געבלאזען און עס האט זיי געשיינט, אזוי וויא

דער ווינטערדיגער שטורם האט דורכגעבראזט דורכ'ן צימער און האט מיטגענומען מיט זיך די גאנצע פרייד און די גאנצע רוה פון דעם אלטען וואוינונג.

ביים ארויסגעהן פון צימער האבען זיי זיך א צאפעל געטהאן פאר שרעק, דערזעהענדיג זשענעוויוו'ן שטעהן אין א ווינקעל.

אין דעם פערלויף פון דער גאנצער פערצווייפעלטער סצענע, וואס זיא האט צוגעזעהן, האט זיך ביי איהר ניט גערי‌הרט קיין מוסקעל ניט אין געזיכט און ניט אין קערפער. זיא איז די גאנצע צייט געשטאנען איינגעצויגען און שטייף און האט זיך פערגעגינט פון דיזע טרערען און כליפען. מאגדאלענ'ס געשטענדניס האט פאר איהר געעפענט א גאנצע וועלט פון באגערען, חרטה, פרייד און לייד. זיא האט צו זיך געזאגט, אז די מענשען, וואס שפיעלען זיך מיט פייער, פערדינען כשר. אז זיי זאלען זיך אויבינ בראטען אין פייער. איהר שרעק איז געוועזען פערמישט מיט א געוויסער נייגירדע, די נייגירדע פון א פרוי, וואס איז געעלטערט געווארען אין די צרות פון לעבען, אהנע צו פערזוכען די פרייד פון דעם לעבען. פילייכט האט זיא א קורצע ווייל מקנא געוועזען מאגדאלענען די ביטערע פערגעניגענס פון זינד און די העלישע פייערן, וואס האבען געברענט אין מאגדאלענ'ס ברוסט. אזוי! הייסט עס, אז זיא האט געהאט רעכט, ווען זיא האט געדענקט, אז דיזע בעשעפענים איז געשיקט געווארען פון זיין שווארצע מאיעסטעט אליין. גאט האט איהר ערלויבט ארומצואוואנדערען איבער דער ערד און צו זוכען אומצוברענגען נשמות זיא האט געקוקט אויף איהר, וויא זיא האט זיך געקרימט אויפן באדען, וויא זיא וואלט געקוקט אויף א שלאנג, וואס קריכט אין שטויב אויפ'ן גרויסען וועג. די טרערען, וואס זיא האט פערגאסען, זיינען געוועזען נאך דער מיינונג פון דער אלטער פרוי, טרערען פון צארן, פאר וואס מען האט פון איהר אראבגעריסען די מאסקע.

"ארויסגעלאסענע! פערפיהרערקע!" האט זיא געמורמעלט, זעהענדיג דעם וואלד בראנזענע האר, וואס האט זיך צולאזט איבער איהר קערפער.

ווען מאגדאלען איז צוגעקומען צו דער טהיר איז זשענעוויוו געשווינד אבגעשפרונגען אהינטער, אום זיא זאל איהר ניט בעריהרען.

— „ארויסגעלאסענע!" האט זיא דורכגעזייט דורך איהרע צייהנער. דער גהנום האט דיך ארויסגעשפייט, אום דוא זאלסט פערפיהרען דעם הייליגען מיט דיינע רויטע ליפען און ווייסע הויט. דוא ביזט שעהן און געזונד, ווייל דוא האסט זיך געהאדעוועט אויף בלוט, נאר דיך וועט איינגעהמען א מיתה משונה, און דוא וועסט בעגראבען ווערען אונטער א פלייט.

נ ט מאגדאלען אין ניט וויליאם האבען געקענט הערן אלץ, וואס זיא האט

נעזאנג. זיי האבען נאר געקענט כאפען א ווארט דא און דארטען און האבען גע־מיינט, אז דאס איז א געבעט צו פערטרייבען די ניט־גוטע, ווידסענדיג, אז זיא גלויבט, אז די ניט־גוטע יאגען זיך דא ארום אין שלאס. דאך זיינען זיי געוועזען זעהר פערוואונדערט און בעאונרוהיגט, ווען זיא האבען זיא דא דערזעהן, דען זיי האבען געדענקט, אז אויסער זיי שלאפען ישוה אלע אין שלאס.

זיא האט מסתמא געהערט אלץ און ווילאם האט איהר געוואלט זאגען, אז דאס זאל בלייבען א סוד, א סעקרעט, ווען זיא איז צוגעקומען נעהענטער און האט געזאגט מיט איהר געוואוינליכען שטייפען קול:

— וואס זאל איך זאגען דיין פריינד? זאל איך איהם דערצעהלען פון דיין שאנדע?

— זיי שטיל, משוגענע פרוי! האט ווילאם אויסגעשריען מיט כעס.

— זיא איז גערעכט, האט געזאגט מאנדאלען, מיר מוזען ערקלערען איהם די אורזאכע פון אונזער אבוועזענהייט.

— זיא קען זאגען, וואס זיא וויל, האט ווילאם געזאגט. איך ווייס ניט וואס צו זאגען איהם און מיר ארט עס ניט. דוא קענסט זאגען, אז א פלעצליכער טוידט פון א קרוב האט אונז געצוואונגען צו פערלאזען די הויז אין מיטען נאכט.

זשענעוויוו האט אויף איהם א קוק געטהאן טרויעריג.

— יא, מיין קינד, איך וועל פאר דיר זאגען א ליגען, נאר מיין ליגען וועט דיך ניט אבראטעווען פון די יסורים, וואס דוא גרייטסט אן פאר זיך. גיב אכטונג דער גהינם עפענט זיין מויל אונטער דיינע פיס. איך זעה דעם אבגרונד, און אויב דוא וועסט לעבען מיט דיזער פרוי, וועסטו געווים געהן כף הקלע.

— שווייג! דוא ביזט פעררירקט! האט אויסגעשריען ווילאם.

מאנדאלען האט זיך א צאפעל געטהאן, בעגעגענדיג די פלאמענדע אויגען פון דער פאנאטישער פרוי?

— ניין, זיא איז ניט משוגע, האט מאנדאלען א מורמעל געטהאן און דיר וועט זיין אזוי וואויל, אז דוא וועסט פאלגען איהרע ווערטער. לאז מיר געהן אליין, ווילאם. דוא הערסט, וויא אין דרויסען בלאזט דער ווינד? דאס איז א ווארנונג פון גאט, אז דוא זאלסט ניט טהיילען מיין שאנדע. איך געה אליין.

— ניין, איך וועל דיר ניט לאזען געהן אליין, האט ווילאם געענטפערט מיט אן אונטערווארפענע ענערגיע. אויב אונז איז בעשערט צו ליידען, וועלען מיר ליידען צוזאמען. נאר די האפנונג איז נאך ניט פערלארען און אונזער זינד וועט פערגע־בען ווערען.

דאן האט זיך פלוצים דערהערט זשענעוויווים קול וויא א טרומייט־גלאס:

— נאט דער פאטער פערגיט קיין מאל ניט קיין זינד!

דיזע ווערטער האבען פערפראָרען די מארך פון איהרע ביינער. זיא האט שוין זיי געהערט פון זשענעוויוו׳ס מויל פאר זשאק׳ס אנקומען און זיי האבען דאמאלס געקלונגען אין איהרע אויערען וויא א שלעכטע פראפעצייאונג, וויא א שלעכטע נבואה און איצט ווען זיא האט געזוכט רוה האבען זיי נאך א ערגערען איינדרוק געמאכט אויף איהר. די כחות האבען איהר פערלאזט און זיא האט זיך אנגעשפארט אן איהר מאנ׳ס ארם.

— דוא הערסט? האט זיא קוים ארויסגערעדט, גאט פערגיט קיין מאל ניט מיר וועלען אונזער שטראף ניט אויסמיידען.

— הער ניט וואס דיזע פרוי רעדט, האט וויליאם געזאגט, אוועקפיהרענדיג איהר, זיא רעדט פאלש, גאט איז א גוטער און איז מוחל די, וואס טהוען תשובה.

זיא האט געשאקעלט מיט׳ן קאפ.

— קיין מאל ניט! האט זיא געמורמעלט. קיין מאל ניט!

זיי זיינען ארויס פון הויז. זיי האבען קוים פערשטאנען, אז זייער אנטלויפען איז נארעש. נאר דער קלאפ איז געווען אזוי אונערווארטעט, אז פון שרעק האבען זיי ניט געוואוסט וואס צו טהאן און האבען געפאלגט דעם ערסטען געפיהל צו בעהאלטען זיך אזוי וויא פערוואונדעטע חיות. זיי זיינען ניט געווען פעהיג צו דענקען און האבען זייער הויז איבערגעלאזען פאר זשאק׳ן און זיינען אליין אנטלאפען.

## .X

די נאכט איז געווען שווארץ וויא טינט. די קעלט איז ניט געווען אזוי גרויס, נאר עס איז געווען רעמפיג און שניידענד. דער ווינד האט געבלאזען און געפייפט צווישען די ביימער פון פארק.

וויליאם און מאנדאלען זיינען געגאנגען האנד אין האנד אנטקעגען דעם ווינד. ווען זיי זיינען ארויס פון צווישען די ביימער, האבען זיי זיך ביידע מיט א מאל אומגעקעהרט און א קוק געטהאן אויפ׳ן שלאס. זיי האבען ביידע געוואלט זיך איבערצייגען, אז די פענסטער פון זשאק׳ס צימער איז פינסטער און אז ער שלאפט שוין. זיי האבען נאר געזעהן די פינסטערניס פון דער נאכט. זיי האבען ניט געוואוסט דעם וועג צו זייער הייזעל, דאך האט זיי גענומען א גוטע האלבע שטונדע, ביז זיי האבען געמאכט די קורצע שטרעקע, אזוי פינסטער איז געווען, אויפ׳ן וועג האט זיי אנגעכאפט א רעגען און זיי זיינען דורכגעווייקט געווארען ביז

לייב און האבען געציטערט פון קעלט. ווען זיי זיינען ענדליך אנגעקומען אין זייער הייזעל.

זיי האבען מיט שווירינקייטען אנגעצונדען א ליכט און זיינען ארויפגעגאנגען ארויף די טרעפ. וואס האבען געפיהרט צו זייער שלאף־צימער, וואו זיי האבען שטענדיג געהאט אנגעגרייט האלץ אין קאמין צו מאכען א פייער. ווען זיי האבען געעפענט די טהיר פון דיזען צימער, זיינען זיי געבליבען שטעהן פערוואונדערט. זיי האבען פערגעסען מיט א טאג פריהער צו פערמאכען די פענסטער און דער רעגען האט יעדע זאך נאס געמאכט. דער ווינטער האט זיך פערקליבען אין זייער געליעבטער וואוינונג. די ווענד, די פאטעלען, אפילו דאס האלץ אין קאמין איז געווען דורכגענעצט.

וויליאם איז ארונטער אונטען און האט ארויפגעבראכט טרוקענע האלץ, און ווען דאס פייער האט אנגעהויבען צו קנאקען אין קאמין, האבען די אנטלאפענע געדענקט, אז זיי וועלען אויך אין גיכען צוריק געפינען זייער רוה.

אין שאפע זיינען שטענדיג געהאנגען קליידער און זיי האבען זיך איבערגעטהאן און געזעצט זיך אנטקעגען פייער, נאר זיי האבען זיך ניט געקענט ענטשלאפען צו געהן אין בעט.

דער זיינער האט געשלאגען פיער.

— איך וועל שלאפען אין דיזען פאטעל, האט געזאגט וויליאם. דו מוזט זיין זעהר מיעד, געה שלאפען, מיין קינד.

זיא האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, און אין צימער איז ווידער שטיל געווארען.

דער שטורם אין דרויסען האט ניט אויפגעהערט. דער ווינד האט געפייפט, וויא א ווילדע בעסטיע אין די פענסטער און אין קוימען. עס האט אויסגעזעהען אזוי וויא א גאנצע באנדע ווילדע וועלף האבען אטאקירט דאס הייזעל. נאך יעדער אטאקע, נאך יעדען אנפאל האבען געציטערט די שוואכע ווענד פון דעם הייזעל. דאן איז געקומען דער רעגען און האט אביסעל איינגעשטילט דעם ווינד, קלאפענדיג אין דאך, וויא אין א פויק צו א בעגרעבענים מארש.

מאנדאלען האט זיך פערוואונדערט ארומגעקוקט. איז דאס געווען זייער בעקוועמע בעהעלטניס, זייער טהייערע היים? עס האט זיי געשיינט, אז אפילו דאס מעבעל האט זיך אומגעביטען, אז דאס הייזעל אליין איז געווען עפעס אן אנדערע. וויליאם האט אמאל געזאגט, אז אויב זיי וועט טרעפען אן אונגליק, וועלען זיי זיך בעהאלטען אין דיזען הייזעל, נאר איצט ווען דאס אונגליק איז געקומען, און

זיי האבען אבגעזוכט דיזע בעהעלטניס, האבען זיי נאר געפונען דעם שאטען פון זייער ליעבע, און זיי זיינען געוועזען צומישט, צוטהומעלט פון דעם נעגענווערטיגען שרעק און פון א שארפע בענקעניס נאך דער טוידטער פערגאנגענהייט.

זיי זיינען געוועזען צו פיעל אויסגעמאטערט גייסטיג און פהיזיש, אז זיי זאלען קענען אויסרעדען איין איינציג ווארט.

מאנדאלען האט זיך איינגעהילט אין איהר לאנגע שטובינע קלייד פון בלויען וואלל. דיא פלאמען האבען געווארפען א זעלטזאמע ליכט אויף איהר געזיכט, וואס איז טהייכוויז געוועזען אין שאטען, און אויף איהרע האר, וואס זיינען דורכגענעצט און פערפלאנטעט געווארען אין רעגען און וואס זיינען געלעגען אין שווערע מאסען פון ביידע זייטען געזיכט. איהרע אויגען זיינען געוועזען פערוואלקענט און טרויעריג, איהרע ליפען בלייך און צוזאמענגעפרעסט.

וויליאם האט איהר אנגעקוקט מיט אן אונרוהיגען ערשטוינען. דיזע בעשעפענים איז נאר ניט געוועזען עהנליך צו יענער פרוי, וועלכע ער האט ליעב געהאט מיט אזא צוטרויען. ביז איצט איז איהם קיין מאל ניט אריין דער געדאנק, אז ער איז ניט אללעס פאר איהר, אז ער הערשט ניט מיט איהר גאנצען הארצען. איצט האט א שרעקליכער צווייפעל געזאגט זיין הארץ. פיליכט האט זיא דיא גאנצע צייט געטראכט פון יענע אלטע קוסען, וועלכע האבען נאך ניט צייט געהאט אבצוקיהלען זיך? וויא אלע נערוועזע און איידעלע נאטורען איז געוועזען זעהר לייכט צו מאבען איהם אייפערזיכטיג. זיין פאנטאזיע האט איהם יעצט געמאלט שרעקליכע זאכען. אם מייסטען האט איהם ניט געלאזט רוהען דער געדאנק, וואס מאנדאלען'ס ערסטער געליעבטער איז געוועזען זשאק, זיין פריינד, זיין ברודער. דאס האט ביי איהם געטריבט דיא מעגליכקייט לאניש צו דענקען. ער האט פערגעבען זשאק'ן נאר ער האט געטראכט פון איהם מיט שרעק, וויא פון א מענשען, וועלכער האט איהם ניט ווילענדיג געמאכט א טוידטליכע וואונד. וועגען מאנדאלען האט ער איצט נאר ניט געטראכט, זיא איז איצט געוועזען טוידט פאר איהם. אין קאפ האט זיך ביי איהם צופלאנטערט דיא ווירקליכקייט און איהם האט אויסגעוויזען, אז זיא איז זשאק'ס ווייב און ער האט אויף איהר קיין רעכט ניט.

איצט האט ער ניט וועמען ליעב צו האבען, זיין גליק איז צערשמעטערט געווארען. אלע ליידען פון זיין גאנץ לעבען האבען זיך צוריקגעקעהרט צו איהם. ער האט דערפיהלט זשענעוויווס אטהעם איבער זיין ווינעל, ער האט זיך געזעהן אלס קינד, פערפאלגט פון אלעמען, מיט א צובראכענעם הארצען, ער האט זיך

דערמאנט אן דעם פאטער'ס זעלבסט-מאָרד. וויא אזוי האט ער דאס געקענט א מאָל נארעש גלויבען, אז גאט קען צו איהם זיין בארעמהערציג?

דיא גאנצע צייט איז מאגדאלען געזעסען פערזונקען אין איהרע געדאנקען. וויליאם האט זיך געפרעגט, פון וואס קען זיא טראכטען. זעהר מעגליך, אז פון זשאק'ן און ער האט אומזיסט געזוכט צו כאפּען עפּעס אן אויסדרוק אויף איהר קאָלטען געזיכט. נאר ער האט געהאט א טעות, מאגדאלען האט פון קיין זאך ניט געטראכט. זיא איז געווען האלב איינגעשלאפען מיט אפענע אויגען.

דער-מאן און ווייב זיינען אזוי אבגעזעסען ביז עס האט אנגעהויבען צו טאָגען. זיי האבען ניט ארויסגערעדט קיין איינציג וואָרט, דיא פענסטער האבען זיך בעגאָסען מיט א בלויע גראָהקייט און דאס צימער האט זיך אנגעהויבען אָנצופילען מיט א געלבען ליכט.

וויליאם איז צוגעגאנגען צום פענסטער. דער רעגען און ווינד האבען אויפגעהערט, דיא לאָנקעס זיינען געווען פערשוואומען מיט וואסער און דער הימעל האט געהאט א כמארען, בלאטיגען קאָליר.

דיזע שטונדע איז אימער זעהר אומעדיג און איצט האט ער זיך געפיהלט נאך מעהר טרויעריג. ער איז געווען צובראָכען קערפּערליך און גייסטיג און א שוידער איז איהם איבערגעגאנגען איבער'ן לייב פון קעלט. מאגדאלען האט אויך געציטערט אזוי וויא ער און זיא איז אויך צוגעגאנגען צום פענסטער און האט געזאגט אין דער שטיל:

— וויא שמוציג עס זעהט איצט אויס!

— יא, דיא גאנצע נאכט האט געגאסען, האט וויליאם געענטפערט, אליין ניט וויסענדיג, וואס ער זאגט.

נאך א קורצען שטילשווייגען האט זיא ווידער געזאגט:

— דוא זעהסט, דער ווינד האט צובראָכען דארטען דעם בוים און האט געמאכט א חורבן צווישען דיא שעהנע בלומען. עס זעהט אויס וויא א בית עולם.

— דאס האט דער רעגען געמאכט, האט ער געענטפערט.

זיי האבען אבגעלאזט דיא פארהאנגען, ווייל זיי האבען ניט געקענט אריבערטראגען דעם טרויעריגען אויסזעהן און זיינען צוריקגעגאנגען צום קאמין. קיין מאל האט דאס צימער ניט אויסגעזעהן אזוי אומעדיג וויא איצט. זיי האט פערכאפּט ביים הארצען, ווייל זיי האבען אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דיא אומעדיגקייט קומט ניט פון דעם בלייכען שיין פון דעם פריהמארגען. דיא מעלאנכאָלישע

צוקונפט האט ביטער געמאכט דיא גענעגוואַרט און פערגיפטעט דיא גאנצע זיס־
קייט פון זייער פערגאנגענהייט. יעדער פון זיי האט געזאגט צו זיך:

„מיר האבען געטהאן ניט גוט, וואס מיר זיינען געקומען אהער; מיר האבען
געדארפט זוכען א בעהעלטניס עפעס אין א נייען פּלאץ, וואו דער גייסט פון אונ־
זער פריהערדיגער ליעבע זאל אונז ניט פערפאלגען אויף שריט און טריט. אויב
דיזע שטוהלען, וואו מיר זיצען איצט, זיינען ניט אזוי בעקוועם, וויא א מאל, איז
דאס אונזער איינענער שולד, ווייל מיר אליין זיינען געווארען פערפראַרענע און יעדע
זאך אין אונז איז קאלט און טוידט".

איצט אבער איז דער נעבעל פערשוואונדען פון וויליאם'ס אויגען און ער
האט אנגעהויבען צו זעהן דיא זאכען ארום זיך, וויא זיי זיינען געווען אין דער
ווירקליכקייט. דיא שלעכטע געדאנקען און קראנקע עדשיינונגען פון דער נאכט
זיינען פערשוואונדען. מאגדאלען איז ווידער געווארען זיין ווייב, זיא האט איהם
ליעב און ער איז געווען פערטיג צו קעמפּפען מיט יעדען איינעם, וואס וועט איהר
וועלען רויבען פון איהם, אום זיא זאל ניט בעלאנגען צו קיינעם אויסער צו איהם
אליין.

עס איז קיין שום פראגע ניט, אז ער האט נאך געליטען, נאר דער ערסטער
קלאפּ איז שוין געווען פאראיבער, און מיט זיין לייכטען כאראקטער האט ער שוין
אנגעהויבען צו דענקען, אז דאס איז גאר ניט אזוי שרעקליך, וויא איהם האט עס
אויסגעוויזען.

נאר וואס אנבעלאנגט מאגדאלען, איז מיט איהר געווען אנדערש. זיא האט
געפּרובט נאך א מאל ארויסרופען איהרע האפנונגען, נאר איהר אנשטרענגונג איז
געווען אומזיסט. דער שוואכער שמייכעל איהרער האט דערמאנט אן דעם שמיי־
כעל פון א שטערבענדער פרוי, וואס פיהלט שוין דעם קאלטען אטהעם פון דעם
טוידט אויף איהר געזיכט.

זיי האבען פערבראכט א טהייל פון דעם פריהמארגען ביים קאמין און גע־
רעדט פון פערשיעדענע זאכען, אבער זיי האבען אויסגעמיידעט צו בעריהרען זייערע
וואונדען, איבערלאזענדיג דאס אויף אן אנדער צייט. פּלוצים איז וויליאמען אריין
א געדאנק אין קאפּ. לעצטען אבענד איז לוסי'ס אמע געקומען אין שלאָס און האט
געבעטען, מען זאל איהר לאזען נעהמען דאס קינד צו זיך אויף דער פארם, ווייל
היינט וועט זיא באקען ברויט און דאס קינד האט זעהר ליעב צו צוקוקען זיך, וויא
מען מאכט אויס דאס ברויט. וויליאם איז געווען זיכער, אז זיא איז נאך דארטען
און איהם האט זיך שטארק פערגלוסט צו זעהן איהר און האלטען איהר נעבען זיך

און געבען מאנדראלען. אין זיין פערצווייפלונג האט ער פערגעסען אן זיין קינד, און איצט האט ער זיך דערפרייט, דערמאנענדיג זיך אן דיזען לעבעדיגען בונד צווישען זיי ביידען. איז דאס נים א בעשטעטיגונג, אז זייער בונד איז אן אייביגער? דעם קינד'ס שמייכעלע וועט פערטרייבען דעם וויהטאג פון זייערע הערצער און וועט זיי איבערצייגען, אז קיין אירדישע מאכט קען זיי נים שיידען.

— מאנדראלען, האט וויליאם געזאגט, דוא קענסט געהן אין דער פארם נאך כוסי'ן. זיא וואלט געקענט פערברענגען דעם טאג מיט אונז.

מאנדראלען האט פערשטאנען, וואס ער מיינט מיט דעם, זיא האט אויך פערגעסען אן דעם קינד און דער גאמען פון איהר מאכטער האט ביי איהר ער־וועקט א פרייד אין הארצען.

— דוא ביזט גערעכט האט זיא געענטפערט. אויסער דעם קענען מיר דאך נים זיצען א גאנצען טאג אהן עסען. מיר וועלען פריהשטאקען מילך און אייער.

זיא האט זיך צולאכט, אזוי וויא עס־צער וואלט איהר פארגעי־לאגגען צו געהן אויף א פיקניק.

„איך בין גערעטעט!“ האט זיא געטראכט.

מיט צוויי מינוט שפעטער איז זיא שוין געווען איינגעוויקעלט אין א שאל און איז געשווינד געגאנגען צו דער פארם. וועהרענד איהר אבוועזנהייט, האט וויליאם צוגערוקט א קליין טישעל צום קאמין און האט עס פערשפרייט מיט א ווייסע טישטוך. דיזע פארבערייטונגען צו א פריהשטאק פאר צווייען, האט איהם דערמאנט אן יענע גליקליכע טעג, ווען זיא האט דא געוואוינט און ער פלעגט קומען צו איהר צו גאסט. דאס צימער האט מיט א מאל בעקומען זיין אמאליגען אויסזעהן; דא איז געווען ווארעם און בעקוועם און ער האט פערגעסען דיא בלאטע אין דרויסען און האט צו זיך געזאגט, אז זיי וועלען פערברענגען אן אנגענעהמען טאג. דיא גרויע וואלקען האבען געהאט אין זיינע אויגען א בעזאנדערען רייץ.

מאנדראלען האט זיך געזאמט א היבשע צייט און ווען זיא האט זיך צוריקגע־קעהרט, איז איהר וויליאם געגאנגען אנטקעגנע און האט איהר געהאלפען ארויפט־ראגען דאס קערבעלע מיט עסענוואורג, וואס זיא האט געבראכט. דיא קליינע לוסי האט מיט זיך געטראגען א לעפעשקע (קארזש, קוכען), האלטענדיג שטייף מיט ביידע הענטלאך ביי דער ברוסט. לוסי איז אלט געווען דריי און האלב יאהר און איז געווען גרויס פאר איהרע יאהרען. איהרע שטייפע, פולע גלידער האבען גע־וויזען אז זיא האט געגאסען פיעל פרייע לופט און איז פאלקאם געזונד. זיא איז געווען שעהן וויא איהר מוטער, איהר שמייכעל איז אויך געווען דער מוטער'ס און

האט אביסעל ווייבער געמאכט איהר געזיכט, וואס האט אויסגעזעהן צו שטרענג פאר איהרע יאָהרען. זיא איז געווען זעהר קלוג און האט ניט אויפגעהערט צו רעדען, שטעלענדיג אזעלכע פראגען, וואס האבען זעהר אמוזירט דיא עלטערן.

ווען זיא האט דערזעהן דעם פאָטער, האט זיא צו איהם אויסגערופען:

— נעהם מיך אויף דיא הענד!

זיא האט קיין לוסט נעהאט צו פערלירען איהר קובען און האט ניט געוואנט ארויפצושטייגען אויף דיא טרעפ אהן דיא הילף פון דיא פארענצען. ווילי האט איהר אויפגעהויבען אויפ'ן אקסעל און דיא בעריהרונג פון איהרע קליינע הענטלאך אן זיינע האר האט געווארעמט זיין הארצען.

— שטעל זיך פאר, ווילי, האט מאגדאלען געזאגט, ווען איך בין אנגעקומען אין פארק, איז נאך דיא קליינע פויגעלע געלעגען אין בעט. זיא האט זיך דארטען געזעלבען בראָטען עפעל און זיא האט מיך געצוואונגען, איך זאל מיט זיך נעהמען צוויי עפעל און פערזיכערען איהר, אז דיא עפעל וועט מען קענען דא בראָטען.

— נאר בראָטען וועל איך זיי אליין, האט זיך לוסי ארייגעמישט. איך ווייס וויא צו טהאן.

וויא נאר ווילי האט איהר אראבגעלאזט אויפ'ן באָדען, איז לוסי גלייך צוגע אָפען צו איהר מוטער'ס קעשענע, פון וואנען זיא האט ארויסגעשעפט דיא צוויי עפעל דאן האט זיא זיי אנגעשטאכען מיט'ן שפיץ פון א מעסער און איז צו געגאנגען צום קאמין, האט זיך געשטעלט אויף דיא קניע אנטקעגען פייער מיט זעהר אן ערנסטען געזיכט. זיא האט אבגעשארט דיא אש און אנידערגעלעגט דיא עפעל אויף דיא ציגעל. האבענדיג געפטר'ט אזא וויכטיגע ארבייט, איז זיא אבגעטראטען אביסעל ווייטער פון אייוועז און האט ניט אראבגעלאזט דיא אויגען פון דעם עפעל, האלטענדיג איהר קובען אויף דיא קניע.

ווילי און מאגדאלען האבען איהר נאכגעקוקט מיט א שמייכעל. דיא וויכטיגע מינע פון א שטארק בעשעפטיגטע בעל הבית'טע, וואס זיא האט געמאכט, האט זיי שטארק אמוזירט. קוקענדיג אויף איהר, האבע, זיי ווידער געגומען האפען, אז זייער צוקונפט קען נאך זיין אונשולדיג און ריין. אין קינד איז געלעגען זייער גאנצע צוקונפטיגע גליק.

זיי האבען זיך געזעצט צום טיש און געגעסען מיט א גוטען אפעטיט. זיי האבען איצט געקריגען מוטה צו רעדען אפילו פון מאָרגען, פון זייער צוקונפט, פון דער צייט ווען זייער טאכטער וועט חתונה האבען און דיא עראינערונגען וועגען

זשאק'ן זיינען פערטריבען געווארען ביים ערשיינען פון דיזען קינד.

— דיינע עפעל ווערען פערברענט, האט מאנדאלען געזאגט מיט א געלעכטער.

— ניין, זיי וועלען ניט פערברענט ווערען, האט לוסי געענטפערט רוהיג. איך וועל איצט אנווארעמען מיין קוכען.

ביי דיזע ווערטער האט זיא געווענדעט איהר געזיכט צו דער מוטער. איהר געזיכט האט אנגענומען אן ערנסטע און וויכטיגע מינע, און זיא האט אויסגעזעהן דערפון פיעל עלטער. ווען זיא האט ניט געשמייכעלט, האט זיא געהאלטען איהרע ליפען צוזאמענגעפרעסט, מיט אנגערוקטע ברעמען.

וויליאם האט פון איהר ניט אראבגעלאזט קיין אויג. פלוצים האט ער זיך א צאפעל געטאן און האט איהר אנגעהויבען צו בעטראכטען מיט א וואקסענדען שרעק.

— וואס איז דער מעהר? האט מאנדאלען געפרעגט אונרוהיג.

— גאר ניט, האט ער געענטפערט און האט ניט אראבגעלאזט דיא אויגען פון לוסין; אין דער זעלבער צייט האט ער א רוק געטהאן דעם שטוהל אהינטער אזוי וויא ער וואלט וועלען אנטלויפען פון א בייזע ערשיינונג.

זיין געזיכט האט אויסגעדרוקט א טיעפעם ליידען. ער האט געמאכט א קליי־נע מעכאנישע בעוועגונג מיט דער האנד, אזוי וויא ער וואלט וועלען אוועק טרייבען דאס קינד.

מאנדאלען איז א דערשראקענע געווארען פון זיין בלייכקייט און האט ניט, פערשטאנען, וואס אזוינס אין איהם פלוצים געשעהן. זיא איז צו איהם צוגענאנגען און אנידערגעזעצט זיך אויפ'ן הענטעל פון זיין פאטעל.

— זאג מיר, האט זיא געפרעגט אונרוהיג, וואס איז דיר פלוצים געווארען? ערסט מיט א מינוט פריהער האבען מיר ביידע געלאכט און איך האב שוין אנגע־הויבען צו גלויבען, אז פאר אינז הויבט זיך אן א ניי לעבען. זאג מיר איך בעט דיך, וואס פאר א שלעכטער געדאנק איז דיר אריין אין קאפ. זאג, איך וועל דיך אויס־היילען, דוא מוזט זיין גליקליך.

ער האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און האט געציטערט מיט אלע גלידער.

— גיב א קוק אויף לוסין, האט ער געזאגט מיט א שטיקען און הייזעריגען מורמעל, וויא מורא האבענדיג, אז עמיצער זאל איהם ניט הערען.

דאס קינד איז נאך אלץ געזעסען אויף דער ערד און האט געהאלטען, דעם טובען אויף א גאפעל אנטקעגען פייער אזוי נאהענט, וויא דיא היץ און איהר קורצע

הענטיל האט ערלויבט. איהרע ליפען זיינען געווען צוזאמענגעפרעסט און איהרע ברעמען צוזאמענגעצויגען.

— אלזא? האט געזאגט מאנדאלען.

— זעהסטו דען ניט? האט וויליאם געענטפערט מיט א מאן, וואס איז אלץ געווארען אונרוהיגער.

— איך זעה גאר ניט.

וויליאם האט בעהאלטען זיין געזיכט אין דיא הענד און האט ארויסגעשריען מיט פערצוויפעלטען ווייהטאג:

— קענסטו דען ניט זעהן איהר עהנליכקייט אויף זשאק'ן?

מאנדאלען האט זיך א צאפעל געטהאן. איהרע אויפגעריסענע אויגען זיינען צונעשמידט צו לוסי'ס געזיכט און האבען געבליצט מיט א ווילדע אונרוהיגקייט.

וויליאם איז געווען געערגערט. לוסי איז געווען עהנליך צו זשאק'ן, דיא עהנליכקייט האט זיך שרעקליך געווארפען אין דיא אויגען, איבערהויפט דאמאלס, ווען זיא האט צונעצויגען איהרע ברעמען. דאך האט מאגדאלען ניט געוואלט עס צוגעבען וויליאמען.

— דוא האסט א טעות, האט זיא געענטפערט. לוסי איז זעהר עהנליך צו מיר. וויא וואלטען מיר דאס פריהער ניט בעמערקט, ווען אזא עהנליכקייט וואלט עקזיסטירט?

זיא האט ניט אנגערופען זשאק'ן מיט'ן נאמען, זיא האט עס ניט געקענט ברענגען פאר איהרע ליפען, נאר זיא האט געציטערט פון קאפ ביז דיא פיס.

— ניין, איך האב קיין טעות ניט, האט וויליאם זיך אנגערופען, און דוא זעהסט עס אזוי גוט, וויא איך. און ווען זיא וועט עלטער ווערען וועט זיא זיין א לעבעדיגער בילד פון איהם. איך האב קיין מאל ניט געזעהן, אז זיא זאל אזוי צו־זאמענדריקען דיא ברעמען. נאט אין הימעל! וועה איך ניט פעררירט?

ער האט זיך אנגעכאפט מיט ביידע הענד פאר'ן קאפ. גרויסע טראפען שוויס זיינען ארויסגעטראטען אויפ'ן שטערן. מאגדאלען האט ניט געוואגט ארויס־רעדען א ווארט. זיא איז נאך אלץ געזעסען אנגעשפארט אויף זיין אקסעל און האט דיא אויגען ניט אראבגענומען פון לוסין. דאס קינד איז נאך אלץ געווען פערנומען מיט איהר ארבייט ביים פייער, דיא עפעל האבען זיך פיין געבראטען און דער קוכען האט בעקומען א פיינעם ברוינעם קאליר.

— דוא האסט געליעבט יענעם מאן דיא גאנצע צייט, האט וויליאם געזאגט.

— ניין, ניין ? האט מאנדעלען אויסגעשריען. מאך מיך ניט ערגער, ווי איך בין.

— לוסי איז עהנליך צו איהם, האט ער געענטפערט אהן רחמנות.

— ווייה איז מיר ! האט מאנדאלען אויסגעשריען, פערברעכענדיג מיט די הענד. וואס פאר א ביטערער מזל מיינער איז ! יעדע זאך האט זיך ווי אנגערעדט צו רואינירען מיך.

נאר אומזיסט איז געווען איהר שווערען. זי האט געזעהן מיט פערצווייפלונג, אז זי וועט איהם קיין מאל ניט קענען איבערצייגען אין דער ווארהייט פון איהרע ווערטער. ער האט בעשולדיגט אפילו איהרע געדאנקען, און איהר איינציגע פערטהיידיגונג געגען דיזע אלע בעשולדיגונגען האבען נאר געקענט זיין שבועות און ווערטער.

א פאר מינוט זיינען זייביידע געזעסען שטיל.

— מיינע עפעל זיינען פערטיג ! מיינע עפעל זיינען פערטיג ! האט לוסי אויסגעשריען אויסער זיך פאר פרייד.

זי איז געזעסען א פאר מינוט און האט בעטראכט איהרע עפעל און איהר קוכען. דאן איז זי אויפגעשפרונגען און האט אנגעהויבען צו פאטשען מיט די הענטלאך פאר פרייד. זי האט ארונטערגענומען א טעלער פון טיש און האט געוואלט ארויפלייגען אויף איהם די עפעל, נאר זיי זיינען געווען צו הייס, און זי זיך צוריק געמוזט זעצען אויפ'ן טעפיך און עסען זיי מיט די אויגען, בעריהרענדיג זיי פון צייט צו צייט מיט'ן שפיץ פון איהר פינגער. ווען די עפעל האבען זיך ענדליך אביסעל אבגעקיהלט, איז ביי איהר געווארען א קאכפף צווישען דעם לוסט צו נאשען און ליעבע צו די עלטערן. ענדליך האט דאס לעצטע געפיהל גאזיעגט און זי איז צוגעלאפען מיט'ן טעלער צום פאטער.

— ווילסטו אן עפעל, פאפא ? האט זי געפרעגט מיט א ניט שטייפען קול, און וועלכען עס האט זיך ווי געהערט א געבעט, אז ער זאל זיך אבזאגען פון דעם כבוד.

די גאנצע צייט וואס זי איז געווען בעשעפטיגט ביים פייער מיט א מינע פון א פערשמאיעטע בעל הבית'טע, האט זי איין מאל ניט א קוק געטהאן אין איהר פאטער'ס זייט. נאר ווען זי האט איהם איצט דערזעהן, ווי ער שאקעלט זיך אין זיין פאטעל, מיט די הענד פערשטעלט איבער'ן געזיכט, האט זי די עפעל אנידערגעשטעלט אויפ'ן באדען און האט אנגעשפארט ביידע הענד אן זיינע קניע.

— וואס וויינסטו? האט זיא געזאגט. ביזטו געוועזען שלעכט?

זיא האט זיך געשטעלט אויף דיא שפיץ פינגער, מאטערענדיג זיך צודערגרייכען דעם פאטער'ס געזיכט. דיא פערזארגטקייט פון איהר פאטער און מוטער האט איהר האלב דערשראקען און זיא האט ניט געוואוסט, וואס זיא זאל טהאן, צו זאל זיא לאכען, צו זאל זיא וויינען.

א מינוט איז זיא געשטאנען שטיל, איהר קינדערש פנימעל האט אויסגעדריקט מיטלייד אין אלע איהרע ציגען. ענדליך האט זיא אויסגעשטרעקט ביידע הענטלאך און האט געזאגט:

— נעהם מיך, טהייערער.

מיט'ן ווארט „טהייערער" האט זיא שטענדיג אדרעסירט דעם פאטער, און ביי דיזען ווארט האט ער איצט אויפגעהויבען דעם קאפ.

„וויא עהנליך זיא איז צו זשאק'ן!"

ער האט געפיהלט, וויא איהרע הענטלאך ברענען זיינע קניע; ער האט געוואלט, אז זיא זאל אוועקגעהן, ווייל ער האט לענגער ניט געקענט אריבערטראגען איהר אנוועזענהייט. נאר דיא קליינע לוסי האט געהאט איהר אייגענעם פראיעקט זיא האט געוואלט ארומנעהמען איהם ארום האלז און טרייסטען איהם. אויסער דעם, איז זיא שוין איצט געוועזען צושראקען אין דער ווירקליכקייט, און האט געוואלט, אז ער זאל איהר נעהמען אויף דיא הענד.

— נעהם מיך, טהייערער! נעהם מיך, טהייערער! האט זיא געבעטען.

נאר זעהענדיג, אז ער ריהרט זיך ניט, האט זיא עס אליין געוואלט טהאן און האט זיך אנגעשפארט מיט ביידע עלענבויגענס אן איהם, אום ארויפצוקריכען צו איהם אויף דיא קניע. נאר וויליאם האט לענגער ניט געקענט אויסהאלטען און האט איהר א שטופ געטהאן פון זיך אזוי שטארק, אז זיא האט א פאל געטהאן אן דער ערד און אבגעקלאפט זיך מיט'ן רוקען אן באדען.

אנפאנגס האט זיא ניט געוויינט: זיא איז געוועזען צו פערוואונדערט, און איז געבליבען ליגען אויפ'ן באדען מיט'ן געזיכט ארויף, דיא ליפען צוזאמענגעפרעסט און דיא ברעמען אנגערוקט, וואס האט איהר געמאכט אזוי עהנליך צו זשאק'ן.

מאנדאלען איז צו איהר צוגעלאפען און האט דערזעהן, אז נאך איין האר האט זיא געקענט אבשלאגען זיך אן טיש און צושפאלטען דעם קאפ.

— אה, וויליאם! דוא ביזט גרויזאם! שלאג מיך, אויב דוא ווילסט, נאר זיי גוט צו דיזער קליינער בעשעפעניס.

זיא האט אויפגעהויבען לוסי'ן, האט איהר צוגעדריקט צום הארצען, און דאס

קינד האט זיך שטארק צואוויינט. זיא איז ניט געוועזן בעשעדיגט, נאָר עס איז געוועזן גענוג ארויסצואווייזען איהר מיטלייד, אז זיא זאל קענען פערגיסען טייכען טרערען.

מאַנדאַלען האט איהר געקוסט און געהאלזט און האט איהר געט־ייסט, אז זיא איז ניט בעשעדיגט און האט איהר גערוכט איינצונעהמען מיט אלערליי צערטליכקייט.

וויליאם איז געוועזן דערשראָקען פון שאַנדע פאר זיין ברוטאַליטעט.

„איז דאס מעגליך, אז ער איז אזוי נידריג געפאלען! ער איז גרויזאם צו קינדער, ער איז ברוטאל צו זיין איינען פלייש און בלוט" האט ער געטראכט. ער האט א ציטער געטהאן, דערזעהענדיג, וויא נאהענט לוסי'ס קעפעל איז געוועזן צום טיש און האט זיך גערופען „מערדער". דאָך האט איהם שטארק אויפגעבראכט ווען ער האט געזעהן, וויא מאַנדאַלען גלעט און קוסט דאס קינד. ער האט זיך געפרענט, צו מאַנדאַלען דענקט פון דער עהנליכקייט ווערהרענד זיא קוסט דאס קינד. אין גאנצען צובראָכען פון דיזען לעצטען געדאנק, איז ער שאָקלענדיג זיך צו־געגאנגען צום בעט, האט זיך א וואָרף געטהאָן אין בעט און איז ענדליך איינגעשלאָפען.

ווען ער האט זיך אויפגעכאפט איז שוין געוועזן נאכט. דיא ערסטע פאר סע־קונדען האט ער ניט פערשטאנען דיא בעדייטונג פון דער שוואכקייט, וואס ער האט געפיהלט אין קאָפּ און אין אלע גליעדער, נאר באלד האט ער זיך דערמאנט און זיינע ליידען האבען זיך איהם צוריקגעקעהרט אין אַן אנדער פאָרם. דער שאַר־פער וויהטאָג איז אריבער און איצט האט ער געפיהלט א טעמפע פערצווייפלונג. אין צימער איז קיין ליכט ניט געוועזן אנגעצונדען, נאר דער פייער פון אייוועז האט געוואָרפען א ליכט אויפ'ן צימער. ער האט געזעהן, וויא מאַנדאַלען זיצט אנגעבוי־גן אין א גרויסען שטוהל און קוקט מיט גרויסע, אויסגעשטעלטע אויגען אויפ'ן פ'ער. לוסי האט זיך אין צימער ניט געזעהן, דיא מוטער האט איהר צוריק אבגע־פיהרט אין פארם, נאר וויליאם האט ניט געפרענט, וואו זיא איז, ער האט גע־שיינט צו פערגעסען אין גאנצען אן זיין עקזיסטענץ.

— וויא שפעט איז עס?

— אכט א זייגער, האט מאַנדאַלען געענטפערט מיט א רוהיגען קול.

א ווייליע איז געוועזן שטיל.

— ביזטו געשלאָפען, האט וויליאם ווידער געפרענט.

— א ווייליע.

מאנדאלען האט געשלאפען פיליייכט א מינוט פינף. זיא האט אין נאכטען פערלארען דעם מוטה. זיא האט איינגעזעהן, אז עס איז אומזיסט צו פיהרען א קאמפף געגען דעם שיקזאל.

— איך קען זיך נאר נעהמען דאס לעבען, האט זיא ווידער און אבער געזאגט צו זיך און האט געפונען א טרייסט אין דעם.

וויליאם איז צוגעגאנגען צום פענסטער. דער שטורם איז אריבער. זשאק איז שוין וואהרשיינליך אוועקגעפאהרען, ווייל דער אונטערסטער שטאק איז געוועזען בעלויכטען.

ער האט זיך אבגעקעהרט פון פענסטער און איז צוגעגאנגען צו זיין ווייב, וועלכע איז נאך אלץ געזעסען אנטקעגען דעם פייער פון קאמין, א ווילע האט ער זיך געשלאגען מיט דער דעה און דאן האט ער געזאגט קורץ:

— מיר פאהרען אב נאך פאריז אויף א מאנאט.

איהר האט דאס גאר ניט געוואונדערט, זיא האט אפילו קיין קוק ניט געטהאן אויף איהם.

— אין א שטונדע ארום פאהרען מיר ארויס, האט ער ווידער געזאגט.

— גוט, האט זיא געענטפערט.

וואס מאכט איהר אויס, צו זיי וועלען פאהרען אין פאריז אדער צו זיי וועלען פערבלייבען אין וועסטייל? וועט איהר וואונד דען ניט בלוטען, וואו זיי וועלען זיין? זיא האט פערשטאנען, אז וויליאם זוכט אויסצומיידען א בעגעגניס מיט לוסי'ן פאר א געוויסע צייט, און זיא האט געטראכט, אז ער איז גערעכט.

ווען דער מאן און ווייב האבען פערמאכט דיא טהיר פון זייער קליין הייזעל, האבען זיי דאס געטהאן ניט אהן א וועהטאג אין הארצען. זיי זיינען נאך דעם ערסטען קראפ געלאפען אהער צו זוכען דיא רוה פון אמאליגע טעג און זיינען איצט פון דאנען ארויסגעגאנגען נאך מעהר דערשלאגען און מיט א גרעסערע פערצווייפלונג וויא פריהער. אלע עראינערונגען פון דיא גליקליכע טעג זיינען איצט פערפלעקט געווארען און זיי וועלען שוין מעהר דא ניט פערברענגען קיין גליקליכען טאג. און זיי האבען זיך ווידער געפרעגט פון וואנען האט זיך דאס גענומען דאס אונגליק אויף זייער קאפ?

אין שלאס האבען זיי אויסגעפונען, אז זשאק איז אבגעפאהרען ערסט מיט א האלבע שטונדע צוריק. זיי האבען צוגעביסען אין גרויס אייליגקייט. דיא געריכטען, וואס מען האט זיי דערלאנגט זיינען צוריק אראבגענומען געווארען פון טיש ניט געריהרט. זשענעוויוו האט נאר ניט גערעדט, זיא האט נאר געקוקט אויף מאנדאלען

מיט א שטרענגען בליק. ארום ניין אזיינער האט ווליאם נעהייסען שפאנען א קא־רעטע. מיט'ן אייזענבאהן האבען זיי שוין ניט געקענט פאהרען, ווייל עס איז שוין געווען צו שפעט און אין קאפ איז איהם איינגעפאלען צו פאהרען אין פאריז א א קארעטע, דענקענדיג, אז דער איינזאמער וועג וועט אביסעל אפקיהלען זייערע געפיהלען. אין א פאר מינוט ארום זיינען זיי שוין געווען אין וועג, וואס האט גע־פיהרט נאך נאנטעס.

## XI.

עס איז געווען זעהר קאלט. דער ווינד האט פערטריבען דיא וואלקענס און עס האט אנגעהויבען צו פרירען. דיא לבנה איז געווען א קיילעכדיגע און האט בע־לויכטען דעם הימעל מיט א בלוילכע שאטירונג, וויא פון פאלירטען שטאהל. דיא פעלדער האבען זיך נעצויגען ווייט, ווייט צום האריזאנט און יעדע זאך האט זיך קלאר ארויסגעזעהן.

דיא קארעטע האט געהאט פלאץ פאר צוויי מענשען, זיא איז געווען מיט א לעדערנע ביידעל; וואס מען האט געקענט אויפשטעלען. ער האט איהר געקויפט ספעציעל פאר מאנדאלען, אום צו פאהרען איבערן לאנד, און פיעל גליקליכע שפא־צירס האבען זיי געמאכט אין דיזער קארעטע! איצט אבער האבען זיך דיא רעדער געקייקעלט מיט א מאנאטאנע, אונפארעמדינע בעוועגונג און דאס פאר פאלק אין קארעטע האבען געהערט, וויא דאס פערד האט געקלאפט מיט דיא אייזערנע פאד־ן קאוועס (הופאייזענס) איבער דער איינגעפרארענער ערד. דיא לאנטערנעס פון ביידע זייטען קארעטע האבען געווארפען א געלבע ליכט.

ווילאם און מאנדאלען האבען פערדעקט דיא פיס ביז איבער דיא קניע מיט א גרויער דעקע. פון צייט צו צייט האט ער ארויסגערעדט א ווארט צום פערד, וועהרענד מאנדאלען איז געזעסען איינגעוויקעלט אין פעלץ, מיט דיא הענד אונטער דער דעק און האט געשיינט צו שלאפען. נאר זיא איז ניט געשלאפען און האט איבערגעטראכט אלץ, וואס האט פאסירט מיט זיי דעם לעצטען טאג און נאכט. פון וואנען האט זיך דאס צו איהר גענומען אזא שוואכקייט! ווען זיא וואלט נור בעדענקט, וואס זיא טהוט, וואלט אלץ געווארען רעכט, נאר זיא האט פערלארען דעם קאפ.

געווים איז זשאק געווען דיא אורזאכע, פאר וואס זיא האט זיך אזוי פערלא־רען, נאר זיא האט זשאק'ן ניט ליעב און זיא האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס דאס זיין ערשיינען געמאכט אויף איהר אזא איינדרוק.

פיצענדיג אנגעשפארט מיט'ן רוקען אין דער קארעטע, האט זיא לאנג ניט געקענט טראכטען איבער דיא פראגען. זיא איז געוועזען צו אויסגעמאטערט. אויב אין קאפ ביי איהר האבען זיך געדרעהט דיא פראגען, איז דאס געוועזען ווייל זיא האט זיך ניט געקענט העלפען, און זיי זיינען אליין געקראכען אין מארך. זיא וואלט פיליינכט איינגעשלאפען ווען דיא קעלט וואלט איהר ניט געביסען אין געזיכט. זיא האט זיך איצט געפיהלט אביסעל רוהיגער.

וויליאם האט געדענקט, אז זיא שלאפט. ער איז געוועזען צופריעדען, וואס דיא קאלטע לופט פערטרייבט אביסעל זיין פיבערישע היץ. ער האט געטראכט פון דעם, וואס זשאק האט איהם געזאגט, אז זיין חתונה איז געווען א פעהלער. נאר אין דער ווירקליכקייט האט איהם זיין חתונה ניט באנג געטהאן, אפילו איצט ניט. דיא איינציגע זאך, וואס ער האט בערייעט, איז געוועזען, פאר וואס האט ער זיך ניט ארויסגעוויזען מעהר צערטליך, מעהר פריינדליך צו זיין ווייב אין דיא לעצטע ביטערע שטונדען. ביסלאכווייז האט זיך זיין צואוייהטאגטע הארץ בערוהיגט. נייע האפנונגען האבען זיך דארטען גענומען שטויסען. ער וועט אבזוכען ערגעץ א שטילען איינזאמען ארט און וועט דארטען לעבען מיט זיין ווייב אין רוה.

זיין דורשט נאך רוה איז שארפער געווארען און זיין ענטשלאסענהייט איינצוהאלטען מאגדאלען פאר זיך, איז געווארען אזוי גרויס, אז ער איז געוועזען פעהיג צו בעגעהן יעדע נארעשקייט.

דיא רייזענדער זיינען שוין געוועזען ניט ווייט פון נאנטעס. ווען זיי זיינען פערביינעפאהרען א הויז, וואס איז געשטאנען כמעט אויפ'ן וועג, האט א הונד א ביל געטהאן זעהר מעלאנכאליש. מאגדאלען האט זיך א צאפעל געטהאן.

— דוא ביזט געשלאפען? האט וויליאם געפרעגט.

—יא, האט זיא געענטפערט, ווייל זיא האט געזעהן, אז איהר לאנגער שטילשוויינען איז געווארען אויפפאלענד אין וויליאמס אויגען. איך האב געדרעמעלט און דער הונד האט מיך אויפגעוועקט. וויא זיינען מיר איצט?

ער האט אנגעציינט אויף דיא דעבער, וואס זיינען געוועזען בעלויכטען פון דעם שיין פון דער לבנה און האט געזאגט:

— דאס איז נאנטעס.

ער האט א טרייב געטהאן דאס פערד. אין דיזען מאמענט איז א פרוי ארויפגעלאפען אויפ'ן וועג און האט זיך גענומען יאגען נאך דער קארעטע. ווען זיא האט דיא קארעטע אנגעיאגט, האט זיא זיך אנגעכאפט אן א לאנטערנע און אי־

עכאפען פאזע וואָגען. זיא האט עפּעס געזאגט, נאר דער געריש פון דיא רעדער האט פערטויבט איהרע ווערטער.

— דאס מוז זיין א בעטלערין, האט מאַגדאלען געזאגט, ארויסקוקענדיג פון דער קאַרעטע, וועהרענד וויליאם האט איהר א ווארף געטהאן א פינף פראנק שטיק. דיא פרוי האט דאס געלד א כאפּ געטהאָן, אבער זיא האט ניט אויפגעהערט נאכצולויפען נאך דער קאַרעטע.

ווען מאַגדאלען האט זיך ארויסגעבויגען פון דער קאַרעטע האט דיא פרוי געזעהן איהר געזיכט און האט ארויסגעלאזט א פערשטיקטען געשריי. זיא האט אויף איהר נאך אלץ געקוקט מיט זעלטזאמע דורכדרינגליכקייט.

— אוועק פון דאנען! האט וויליאם ארויסגעשריען זעהענדיג, וויא מאַגדאלען שוידערט אונטער דיא שארפע בליקע! פון דער בעטלערין.

— ווען דיא בעטלערין האט אבגעלאזט דיא קאַרעטע, האט ער זיך געווענדט צו מאַגדאלען און האט איהר געזוכט בערוהיגען.

— אה, איך בין ניט צושראָקען, האט מאַגדאלען געזאגט, ציטערנדיג פון קאָפּ ביז דיא פיס. נאר פאר וואס האט זיא אזוי געקוקט אויף מיך? דאס מיבעל האט אוהר פערדעקט א האלבע געזיכט און איך האב איהר גוט ניט געקענט זעהן. זיא איז געוועזן אן אלטע, ניט אמת?

—יא, האט וויליאם געענטפערט. זיא איז געוועזן אן אלטע און איז ווארשיינליך דיא זעלבע פרוי, פון וועלכע איך האב שוין געהערט. זיא איז אוועק אין פאריז זייענדיג נאך א יונג מיידעל און איז אראָבגעקומען צוריק אהער האלב משוגע.

— וויא אלט האט זיא געקענט זיין?

— איך קען דיר ריכטיג ניט זאָגען. דוא דענקסט, אז זיא האט אונז דערקענט? זיא האט נאר געוואלט א נדבה.

מאַגדאלען האט ניט געענטפערט. זיא האט געפיהלט אן אונרוהינקייט פון דער בעטלערקעס זעלטזאמען בליק און האט זיך ניט געקענט בעפרייען פון דעם איינדרוק. זיא האט ארויסגעקוקט פון דער קאַרעטע און האט געזעהן, אז דיא בעטלערין לויפט זיי נאך. דאס האט אויף איהר אנגעווארפען א שרעק, נאר זיא האט מורא געהאט צו זאָגען עפּעס וועגען דעם צו איהר מאן. דיא קאַרעטע איז איצט געפלויגען איבער דיא גאסען פון נאנטעס, וויליאמען איז איצט איינגעפאלען אין קאָפּ, אז עס וועט זיין בעסער איבערצונעכטיגען דיא נאכט אין נאַנטעס, ווייל דער זייגער איז נאך ערסט עלף און אין פאריז וועלען זיי ניט אנקומען ביז אין דער פריה. דיא לאנגע רייזע האט איהם אביסעל אבגעמאטערט. אויסער דעם, האט

ער נוואלט אבשטעלען זיך מיט מאנדאלען אין א פלאץ, וואו זיי דינען נאך קיין מאל ניט געוועזען, אום קיינע בעקאנטע עראינערונגען פון דער פערגאנגענהייט זאלען ניט שטערן זייער רוה. זיי וועלען זיך אבשטעלען ביי דער ערסטער איינפאהר הויז און נעהמען א צימער, וואס זיי האבען נאך קיין מאל ניט געזעהן. פילייכט וועלען דיא טרוימען פון דער פערגאנגענהייט אויפהערען נאכצויאגען זיי.

— וואלט ניט געווען בעסער אפצושטעלען זיך דא און איבערנעכטיגען דיא נאכט, האט וויליאם געפרעגט. דוא מוזט זיין זעהר מיעד, און אין דער פריה וועלען מיר ארויספאהרען אין פאריז.

זיא האט זיך צוגעהערט מיט אן איינגעהאלטענעם אטהעם צו דער בעטלער'ס לויפען און איז גערן איינגענאנגען אויף וויליאם'ס פארשלאג.

— יא, האט זיא געענטפערט, לאמיר בלייבען נעכטיגען דא, איך בין זעהר שלעפעריג.

וויליאם האט א ווײלע נעטראכט און האט זיך דערמאנט, אז אין עק שטאדט געפינט זיך א גרויסער איינפאהר־הויז, וואו זיי וועלען זיכער געפינען א צימער. דיזע איינפאהר־הויז האט געהאט א מאל א גרויסען נאמען ביי דיא רייזענדער, איידער דער אייזענבאהן איז געבויט געווארען און איז אין דיא גוטע יאהרען געווען געפאקט מיט אורחים. איצט אבער איז זיא דאס רוב געווען לעדיג, ווייל דיא רייזענדער, דיא שטענדיגע אורחים פון דער איינפאהר־הויז, זיינען איצט פערפאהרען אין א האטעל, וואס איז אויסגעבויט געווארען נעבען וואקזאל אויף א פאריזער אופן מיט גרויסע שפיגלען און צימערס. וויליאמען אבער איז מעהר געפעלען געווען דיא אלטע איינפאהר־הויז און ער איז פערפאהרען אהין. א גארסאן, א משרת, האט פאר איהם געעפענט דעם טהויער און וויליאם איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט אליין ארייננעפיהרט דיא פערד אין הויף. דער גארסאן איז אוועק נאך א ליכט און נאך א שליסעל פון א צימער, און מאגדאלען איז ארויס פון דער קארעטע, זיינענדיג שוין אין הויף. זיא האט א קוק נעטהאן ארום זיך און איהר האט אויסגעוויזען; אז זיא האט שוין געזעהן דעם פלאץ פריהער. יא, דער פלאץ קומט איהר אויס וויא בעקאנט. דיא שטיינ פאר טייבעלאך, געפארבט אין רויטען, נעבען וועלכע זיא איז איצט געשטאנען, האט זיא שוין א מאל געזעהן. נאר איהר מיעדינקייט און איהר צושראקענהייט האבען פערטומעלט איהר געדעכטניס. דיזע שווארצע וועגד פון דער הויז, וואס זיינען איצט געווען בעלויכטען פון דער לבנה, האבען איהר געשיינט פרעמד :און זעלטזאם טרויעריג. נאך אלעמען האט איהר אויסגעוויזען בעקאנט בלויז דיא טהירעל פון דער טויבען־שטיינ און דיא האט

וועגען דעם געקענט טראכטען בלויז איין מינוט, ביז דער דיענער האט זיך צוריק־געקעהרט מיט א ליכט, און דאן האט זיא וועגען דעם מעהר ניט געדענקט.

דער דיענער האט זיי גענומען פיהרען צו זייער צימער דורך געדרייטע גיינג, ענטשולדיגענדיג זיך, אז ווען זיי וואלטען אריינגעקומען דורך דער אנדער זייט, וואלטען זיי אריין אין זייער צימער לייכט דורך דעם הויפט גאנג.

ענדליך האט ער געעפענט א טהיר און האט געפונען פאר נעטהיג ווייטער זיך צו ענטשולדיגען.

דיא פענסטער פון דיזען צימער קומען ארויס אין הויף אריין, האט דער דיענער זיך פערענטפערט, נאר דיזעס צימער איז געווען גרויס און דער הערר האט אויסגעזעהן אזוי מ׳עד אלענפאלס איז דאס בעט זעהר א גוטע.

— דאס צימער איז גאנץ בעקוועם, האט וויליאם געזאגט, נאר הייצט איין אין אייווען עס איז זעהר קאלט.

דער דיענער האט זיך געשטעלט אויף דיא קניע צו מאכען א פייער, און מאגדאלען האט דערווייל אראבגעצויגען איהר מאנטעל און הוט. ווען דער דיענער האט זיך אויפגעהויבען, האט ער ערסט בעמערקט מאגדאלענ׳ס געזיכט און זיינע אויגען האבען אויסגעדריקט א פערוואונדערונג. נאר באלד האט ער פון איהר ארונטערגענומען דיא אויגען און האט א קוק געטהאן אויף וויליאמען.

— גיב אכטונג אויף מיין פערד, האט וויליאם צו איהם געזאגט. איך וועל באלד ארונטערגעהן צו איהם געוואהר ווערן.

דאס צימער, אין וועלכען זיי האבען זיך איצט געפונען, איז געווען גרויס און פ׳ערעקיג, און וויא אלע צימערן פון דיזען סארט איז דיא אויסשטאטונג געווען ארים און אלט. דיא טאפעטען אבגעריסען, דער סופיט אין שפאלטען און יעדע זאך איז דא געווען אבגעקראכען, אבגעבלאקירט. וויליאמען איז דאס צימער, ניט געפעלען געווען, ער האט געהאפט צו קריגען א בעקוועמערען, נאר עס איז געווען צו שפעט איבערצובייטען דיזעס צימער און ווידער האבען זיי דא נאר געדארפט פערבלייבען עטליכע שטונדען. אויסער דעם, וועט זיי קיינער ניט בעאונרוהיגען.

טרייסטענדיג זיך מיט דיזען געדאנק, איז ער צוגעגאנגען צו מאגדאלען און האט זיך איבער איהר אנגעבויגען.

— ביזטו נאך אלץ אזוי מיעד, טהייערע? האט ער געפרעגט, זעהענדיג, וויא זיא קוקט אזוי שטאר אויף דיא פלאמען.

— ניין, האט זיא געענטפערט, מיר איז זעהר קאלט, איבערהויפט אין דיא פיס.

זיא האט נאך אלץ געציטערט, זיא האט ניט געקענט פערטרייבען דעם גע־דאנק וועגען דער פרוי, וואס זיי האבען בעגעגענט אויפ׳ן וועג.

— איך האב מורא, אז דוא וועסט מיך ניט דאנקען, פאר וואס איך האב דיך געבראכט אהער, האט וויליאם געזאגט, נאר מיר וועלען מארגען אין דער פריה אבפאהרען פון דאנען. נאך אלעמען איז דאס ציטער ניט זעהר שלעכט און איך ליעב דיא איינזאמקייט.

זיא האט געשיינט ניט צו הערען וואס ער זאגט און האט געמורמעלט:

— דיא פרוי ווארפט אן אויף מיך א שרעק, זיא קוקט אויף מיך אזוי זעלטזאם.

— וואס פאר א קינד דוא ביזט! האט ער אויסגעשריען. פריהער האסטו מורא געהאט פאר זשענעוויוו און איצט שרעקסטו זיך פאר א בעטלערין. דוא ביזט פריהער ניט געווען אזא פייגלינג. דיא פרוי שלאפט שוין ווארשיינליך ערגעץ אין א ווינקעל געבען וועג.

— דוא האסט א טעות, וויליאם; זיא איז אונז נאכגעלאפען און איך דיינק, אז זיא איז אריין אין איינפאהר-הויז אין דער זעלבער צייט, וואס מיר.

— עס קען זיין, אז זיא האט געבעטען, מען זאל איהר לאזען שלאפען אין שטאל. א, מאגדאלען שלאג ארויס פון קאפ דיא נארעשקייטען און האב נאר אין זינען, אז מיר זיינען איצט וויים פון אלץ, וואס האט אונז בעאונרוהיגט.

ביי דיא ווערטער האט ער איהר אויפגעהויבען פון שטוהל און האט איהר ארומגענומען. נאר זיא איז געבליבען לעבלאז און טרויעריג אין זיינע ארמען און האט ניט אראבגעלאזט איהרע אונרוהיגע אויגען פון דיא ברענענדע שטיקער האלץ.

— איך פיהל זיך דא זעהר גוט, האט וויליאם פארטגעזעצט. דא איז שטיל און רוהיג, וויא אין א קלויסטער. פיהלסטו זיך ניט גרינגער, צייט דוא ביזט אריין אין דעם ציטער?

— מיר שיינט, האט מאגדאלען א מורמעל געטהאן, אז איך האב שוין ער־געץ געזעהן אזא הויף און אזא טויבען־שטיינ, נאר איך קען זיך ניט דערמאנען ווען, ווייל דאס האט געדארפט זיין זעהר לאנג צוריק.

— דוא ביזט פערשלאפען, מאגדאלען, האט וויליאם געזאגט מיט א שמייכעל. דאס ציטער איז זעהר אן אומעטיגעס, נאר פאר אונז איז דאס זעהר גוט, וויל עס האט ניט פאר אונז קיינע ערינערונגען. מיין געדאנק צו פערפאהרען

אבער איז געווען זעהר א גוטער, און איך האָף, אז מאָרגען וועלען מיר זיך פיהלען ווידער גליקליך.

זיא האט טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— איך ווייס ניט, וואס דאס איז, האט זיא געזאגט, נאר איך פיהל עפּעס א זעלטזאמע אונרוהיגקייט, אזוי וויא אונז וואלט געדראָהעט א שרעקליכע אונגליק.

— וואס שרעקסטו זיך? האט ער געזאגט און געקוסט איהר צערטליך. ביזטו דען ניט איצט אין מיינע ארמען? קיינער קען איצט ניט קומען צו בעאונרוהיגען דיך. איך בין גליקליך שוין פון דעם איין געדאנקען, וואס קיינער ווייס ניט, אז מיר זיינען דא, וואס ניט קיין פיינד און ניט קיין פריינד קען אנקלאפּען צו אונז אין טהיר. איך דענק, אז איך וואלט זיך געפיהלט גליקליך אין א וויסטעניס. איך האב דערפון געטרוימט אלס קינד און ווען איך פלעג אוועק ווייט, ווייט אין דיא פעלדער, וואו קיין מענשליך אויג האט מיך ניט געזעהן, האט זיך מיין הארץ אנגעפיהלט מיט טרויער און פרייד. איצט בין איך דא מיט דיר, מיין טהייערע, אליין אזוי וויא איך פלעג אמאל זיין מיט דיא פעלדער. ווילסטו ניט א שמייכעל טהאָן צו מיר נאך א מאָל, מאגדאלען?

זיא האט טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און האט מיט דער האנד א פיהר געטהאָן איבער'ן שטערן, וויא זיא וואלט מיט דעם וועלען פערטרייבען איהר אונרוהיגקייט.

ווילאם האט ווייטער גערעדט.

— איך האב געדענקט, אז אין פּאריז וועט אונז זיין גרינגער אריבערצוטראָגען אונזערע צרות, נאר דיזע איינזאמקייט האט מיך בערוהיגט און איך קען אַלץ פערגעסען און פערגעבען. קיינער קוקט ניט איצט אויף מיך, קיינער וועט ניט לאַבען און ניט שפּעטען, וואס דוא רעגיערסט איבער מיך. וואס ארט אונז דיא פערגאנגענהייט? לאמיר פערגעסען דיא גאנצע וועלט, לאמיר דענקען, אז מיר האבען ניט קיין פריינד און קיין קינד. איך בין דיינער, מאגדאלען און דוא ביזט מיינע.

ער איז געוואָרען אַלץ לעבעדיגער וואס מעהר ער האט גערעדט, און זיין שטימע האט אנגענומען א בעטענדען טאָן. ער האט איצט איבערגעלעבט איינע פון יענע מאָמענטען, וואס קומען אויף א מענשען נאר א פּאָר מאָל אין לעבען; דאס איז א מאָמענט, ווען מען גיסט אויס דאס גאנצע הארץ, נאכדעם וויא מען איז געווען א לאנגע צייט פערשלאָסען אין זיך.

מאגדאלען איז אונבעמערקט פאר זיך אליין בערוהיגט געוואָרען פון איהר

פאל׳ס שטילען קול און פון זיין צערטליכע אומארמונג. איהרע נרויע אויגען האבען פערלארען זייער אונרוהיגען בליק און איהרע ליפען האבען זיך נעעפענט און בעקר מען מעהר פארב. זיא האט ניט געשמייכעלט, נאר דיא ערנסטקייט פון זיין ליעבע האט איהר געטרייסט. זיא האט אויפגעהערט צו קוקען אויפ׳ן פייער און האט זיך אביסעל א קעהר געטהאן צו איהר מאן.

ער האט ווייטער גערעדט:

— אויב דיא ווילסט, מאנדאלען, וועלען מיר זיך אוועקלאזען אין א רייזע אין פרעמדע לענדער. איך דענק, אז אונזער ליעבע וועט דערפון פערשטארקט ווערען. ווען מיר וועלען זיך געפינען צווישען פרעמדע מענשען, וועלען מיר זיך נאך מעהר צובינדען איינער צום צווייטען. איך טרוים וועגען אזא גלות, מיין טהייערע, א גלות מיט דיר צוזאמען.

מאנדאלען האט א שוואכען שמייכעל געטהאן, האט איהם ארומגענומען מיט איין האנד און געקוקט אויף איהם מיט ליעבע.

— דוא ביזט א קינד, האט זיא געזאגט, דיין רייזע וואלט זיך געענדיגט אין איין וואך. פאר וואס דענקסטו ניט צו מאכען אזא וואגען, וויא דיא ציגיינער האבען פאר זייערע רייזעס?

זיא האט זיך צולאכט מיט א צערטליכען געלעכטער; ער וואלט פיליכט אין בעס געווארען, ווען זיא זאל איהם דערביי ניט א קוש טהאן. ער האט א שאקעל געטהאן מיטן קאפ.

— יא, איך בין א קינד, האט ער געזאגט. נאר דיא ציגיינערשע (וועגען זיינען נאר ניט אזוי שלעכט. דיא ציגיינער זיינען א גליקליך פאלק און פערברענגען זייער לעבען אונטער דיא העלע שטראהלען פון דער זון און אין ריינער לופט. ווען איך בין געגאנגען אין שולע, האב איך זיי זעהר אפט בעאבאכטעט, וויא זיי קאכען זייער עסען און וויא זיי לעבען. זיי האבען מיר אויסגעוויזען זעהר זאנדערבאר״, דאך ווען מען האט מיך בעהאנדעלט שלעכט אין שולע, פלעג איך זאגען צו זיך אליין: „נאך א מאל אז מען וועט מיך אזוי בעהאנדלען, וועל איך געהן צו די ציגיינער און בע־טען זיי, אז זיי זאלען מיך נעהמען מיט זיך.״ נאר איך האב קיין מאל ניט גע׳האט דערצו דעם מוטה.

מאנדאלען האט ווידער א שמייכעל געטהאן.

יא, מאנדאלען, איך בין געווען א זעלטזאמעס קינד און האב געהאט זעהר טרויריגע קינדהייט.

מאגדאלען האט איהם דערביי א קוש געטהאן און האט צו זיך אליין געזאגט, אז זי וועט איהם ליעב האבען אזוי ווי ער פערדיענט עס.

וויליאם האט ווייטער גערעדט:

— איך האב געלעבט א דאפעלטען לעבען; ביים טאג צווישען מיינע חברים, די פערפאלגער, און ביי נאכט אין מיין בעט, ווען איך בין געוועזען פריי צו טרוימען פון בערג, פון טאהלען, פון אן אינזעל אין מיטען טייך, און גלויב מיך, מאגדאלען, אז דיא פלעצער עקזיסטירען און איך וועל זוכען מיט דיר יענע גליקליכע געגענדען. לאך ניט, מאגדאלען.

נאר מאגדאלען האט אפילו ניט געדענקט צו לאכען, זי האט איהם ווידער ארומגענומען און א קוש געטאהן. טרעהרען זיינען געשטאנען אין איהרע אויגען. „אך, ווי ער ליבט איהר און וואס פאר אצערטליכע הערץ ער בעזיצט?"

— קינד, קינד! האט זיא נאך א מאהל געזאגט. מיר קענען ניט פערווירקליכען אונזערע טרוימען, נאר מיר קענען ליעבען איינער דעם צווייטען.

— און פאר וואס קענען מיר ניט טאהן וויא איך וויל? האט וויליאם געפרעגט.

זי האט א שמייכעל געטאהן.

— ווייל מיר קענען ניט לעבען אין לופט-שלעסער, מיין געליבטער פאעט. דאס גליק מוז זיך געפינען אין אונז אליין און עס איז גאנץ אומזיסט צו געהן זוכען. איך זעה, אז דו האסט אנגעהויבען צו פערגעסען, וואס אונז איז געשען אין דיא לעצטע שטונדען און איך וועל עס אויך פערגעסען, און מיר וועלען נאך האבען פיל גליקליכע טעג. דיינע ווערטער האבען מיר גרינגער געמאכט דאס הארץ; די מורא פאר'ן קומענדען אונגליק איז פערשוואונדען. איך האב זיך דערוואָרעמט און מיר האבען זיך צוזאמענגערעדט, און אין מיר האט אויפגעלעבט א האפנונג.

— יא, מאגדאלען, דוא מוזט האפען, האט וויליאם געזאגט, דערפרייט פון איהרע ווערטער. דוא זעהסט, מיר האבען זיך זעהר ליעב, און קיין זאך קען אונז איצט ניט שיידען.

— קיין זאך, האט מאגדאלען געענטפערט ווייך. מיר קענען צוריקקעהרען נאך וועטייל אָדער פאהרען נאך פאריז: אונזער ליעבע וועט מיט אונז מיטגעהן. ליעב מיך אזוי וויא איצט, און מיר וועלען אומעדום האבען רוה. איך בין דיינע, אין גאנצען דיינע.

ביים איהרע לעצטע ווערטער האט דער זייגער אנגעהויבען צו שלאגען.

— עס איז שוין האלבע נאכט, האט זיא גע׳זאגט, אויב מיר ווילען ארויס־פאהרען פריה, מוזען מיר שוין געהן שלאפען.

— איך וויל אויף א רגע אראבגעהן אין שטאל זעהן צום פערד. דוא האסט דאך קיין מורא ניט אליין צו בלייבען אין צימער.

מורא! פאר וואס? איך בין ניט קיין שרעקעגדיגע, האט זיא געענטפערט. עס קען זיין, אז איך וועל שוין שלאפען, ווען דוא וועסט צוריקקומען. נאר מאך דאס גיכער.

זיא האט איהם א קוש געטהאן און ער איז אוועקגעגאנגען, לאזענדיג דעם שליסעל אין טהיר.

מאגדאלען איז געבליבען שטעהן אליין. זיא האט געקוקט אויפ׳ן פייער מיט א שוואכען שמייכעל. איהר הארץ איז פול געווען מיט דיא נייע האפנונגען, וואס איהר מאן האט אין איהר אויפגעוועקט. זיא האט נאך דאס צימער נאר ניט גע־זעהן, וויל ביים אריינגעהן איז זיא גלייך צוגעגאנגען צום פייער. איצט האט זיא זיך ארומגעקוקט און געזוכט מיט דיא אויגען דאס געפעק, וואס דער דיענער האט אריינגעטראגען. פלוצים האט זיך אומגעקעהרט איהר אונרוהיגקייט, זיא האט אליין ניט געוואוסט, פון וואנען דער שרעק איז צו איהר געקומען. זיא האט א ציטער געטהאן פון קאפ ביז אין דיא פיס און האט געפיהלט דעם זעלבען עקעל, וואס זיא האט געהאט ביים אריינפאהרען אין הויף פון איינפאהר־הויז. דאס צימער איז איהר פלוצים פארגעקומען בעקאנט. זיא האט זיך געוואלט איינרעדען, אז דאס איז ניט וואהר. ענדליך האט זיא דערזעהן איהר האנד־בייטעל, וואס איז געלעגען נעבען גלעזערנעם זיינער אויפ׳ן קאמין. דערזעהענדיג דעם זייגער, איז זיא געווארען בלייך, וויא דער טויט און איז געבליבען שטעהן צוגעשמידט צו דעם באדען.

איהר פערדאכט איז געווען א ריכטיגער און דאס הארץ האט איהר געשראַ־קען ניט אומזיסט. דיא איינפאהר־הויז איז איהר געווען בעקאנט, אויך דאס צימער. פיעל מאל האט זיא זיך געשיפט אין א שיפעל מיט זשאק׳ן און א מאל האבען זיי פערבראכט א נאכט אין דיזען צימער, ווען זיא האט זיך געפיהלט ניט גוט פון שי־פען זיך.

דער זייגער האט ביי איהר אוועקגערויבט יעדער צווייפעל. אזעלכע זייגערס בעגעגענט מען זעלטען און זיא געדענקט, וויא זיא האט געלאכט מיט זשאק׳ן, ווען זיי האבען איהם דערזעהן. מאגדאלען האט איצט געקוקט אויפ׳ן זייגער, וויא אויף א פיינד, וואס האלט א שרעקליכען וואפען געגען איהר.

זיא האט א באפ געטהאן דאס ליכט און האט גענומען געהן איבערן צימער

און ארומקוקען עס. יעדע שטיק מעבעל, יעדער פאַרטרעט, ביז דעם קלענסטען גע־נענשטאנד האט איהר דערמאנט אן דער פערגאנגענהייט. איהרע קרעפטען האבען איהר פלוצים פערלאזען און האט ביידע הענד צוגעדריקט צום שטערן.

„וועט זיא אין ערגעץ ניט געפינען קיין רוה?" האט זיא זיך געפרעגט.

איהר מאן האט איהר צופעליג געבראכט אהער און אויך דא פערפאלגט איהר זשאק. און זיא איז געוועזען אזוי נארעש צו גלויבען און האפען, אז זיא קען נאך האבען גליקליכע טעג!

זיא האט עס געדארפט פריהער פערשטעהן, ווען זיי זיינען אריינגעפאהרען אין הויף. וואס קען זיא איצט זאגען וויליאמען, ווען ער וועט אריינקומען, דיזען גוטען מאן, וועמעס צערטליכע ווערטער האבען איהר איצט אזוי גערירט? וועט זיא האבען דעם קוראזש אויסצושרייען: „פיהר מיך אוועק פון דאנען! איך קען דא ניט בלייבען! איך בין שוין דא א מאל געוועזען מיט מיין ערסטען געליעבטען!"

זיא האט אויסגעשטרעקט דיא אויערען צו האָרכען אויב ער קומט ניט. און האט געציטערט פון דעם געדאנקען, וויא אזוי וועט זיא איהם בעגעגענען.

איהר האט אויסגעוויזען, אז עמיצער איז אונטער דער טהיר. א שוואכער קלאפ האט זיך דערהערט.

— הערייז! האט זיא געזאגט מעכאניש, ניט וויסענדיג אפילו וואס זיא זאגט.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און פאר איהר איז געשטאנען זשאק.

## XII.

ווען זשאק איז אויפגעשטאנען אין דער פריה אין שלאָס, איז ער געוועזען זעהר פערוואונדערט, ווען ער האט זיך דערוואוסט פון זשענעוויוו, אז וויליאם און זיין ווייב האבען געמוזט פלוצים אבפאהרען אין מיטען נאכט. איהם איז קיין פערדאכט ג טא[illegible] אז זיין ערש[illegible]ען ה[illegible]ט דאס ארויסגערופען אזא [illegible].

— זעהר גוט, האט ער געזאגט, איך וועל זעהן מיינע טייבעלאך, ווען איך וועל פאהרען צוריק.

דעם טאג האט ער פערבראכט זעהר אומעדיג און האט ניט בעגעגענט קיין בעקאנטען אין וועטייל. ערסט פארנאכט גראדע א פאר מינוט איידער דער דיליזשאנס האט געדארפט דורכפאהרען, האט ער בעגעגענט אן אלטען בעקאנטען, וועלכער האט זיך גענומען דערצעהלען איהם דיא איינצעלהייטען פון זיין אנקעל'ס

טוידט. דערוויל איז דער דיליזשאנס דורכגעפאהרען און זשאק האט פערבראכט א גאנצע שטונדע אין זוכען א קארעטע. און ווען ער איז ענדליך אנגעקומען אין נאנטעס, האט ער אויסגעפונען, אז זיין צוג איז מיט א מינוט פריהער אבגענאנגען פון דארטען.

ער איז געוועזען שרעקליך אויפגעבראכט, גאר ער האט זיך ווידער אביסעל בערוהיגט, ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז ער קען נאך כאפען זיין צוג אין פאריז, ווען ער זאל ארויספאהרען פון נאנטעס גאנץ פריה.

ער איז פערפאהרען אויף איבער נאכט אין דער אלטער איינפאהר־הויז, וואו ער איז שוין איינינע מאל געשטאנען און דיא דיענער האבען איהם דערקענט. דער דיענער וואס האט איהם געוויזען זיין צימער, האט איהם דערמאנט אן דער צייט ווען ער איז איינגעשטאנען דא מיט מאגדאלען און האט איהם געזאגט מיט'ן הויי־מישען טאן פון א הויז־משרת, אז זיא איז געווען אזא גוטע, וויא א שעהנע, ווייל זיא פלעגט איהם איבער לאזען א גוטע מתנה.

עס איז געווען א זיינער צעהן ביי נאכט, ווען זשאק איז אנגעקומען אין איינ־פאהר הויז. ער איז געזעסען ביז א זייגער עלף ביים פייער און האט געראוכערט. פלוצים האט ער דערהערט א שטיקען קלאפ אין טהיר. דאס איז געווען דער דיע־נער. ער האט עפעס געשטאמעלט, אז דערר הער זאל איהם פערצייהען פאר זיין אריינקומען, אז ער מיינט מיט דעם קיין שלעכטס ניט, און ער דענקט, אז דער הערר וועט וועלען עפעס הערען וועגען א געוויסע פערזאן.

זשאק האט איהם אונגעדולדיג געהייסען, ער זאל רעדען דייטליכער. דאן האט איהם דער דיענער דערצעהלט, אז מאגדאלען איז איצט אנגעקומען מיט א יונגען מאן און ער האט זיי אבגעפיהרט אין נומער זיבען, וואס דער הערר גע־דענקט וואהרשיינליך.

זשאק'ס איידעלקייט איז ניט געווען צארט גענוג, אז ער זאל זיך נעפינען בעליידיגט פון אזא אונגעבעטענעם פערטרויען, און ער האט זיך אפילו ניט גע־שעמט צו פרעגען, אויב מאגדאלען איז נאך אזוי שעהן, וויא זיא איז געוועזען, און האט בנ׳אמ׳ת, אז איהר נאהענטקייט וועט איהם ניט שטערן צו שלאפען רוהיג.

נאר דאס איז ניט געווען אמת. נאכ'ן דיענער'ס אוועקגעהן האט ער אנגע־הויבען צו טראכטען פון זיין אלטער ליעבע. זיא איז געווען דיא איינציגע פרוי, וועלכער ער איז געבליעבען טריי א גאנץ יאהר. אמת, ער האט נאך איהר ניט געבענקט שטארק, נאר ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז זיא איז אזוי נאהענט פון איהם, האט זיך איהם פערגלוסט צו זעהן איהר. נאר ער האט איהר געוואלט זעהן

אזוי, אז דאס זאל איהר ניט ערנידריגען אין דיא אויגען פון דעם יונגען מאן, מיט וועלכען זיא איז אהער פערפאהרען. אז זיא קען זיין פערהייראט, איז איהם אפילו אין קאפ ניט אריין. ווען אזא געדאנק זאל איהם אריין אין קאפ, וואלט ער זיך צולאכט, דערמאנענדיג זיך, וויא זיא פלעגט זיצען צווישען זיינע חברים, וועלכע האבען געדרייכערט פיפקעס (לולקעס).

זיין צימער האט זיך געפונען אין עק קאָרידאָר, דריי טהירען פון נומער זיבען ער האט אויפגעעפענט אביסעל דיא טהיר און האט זיך גענומען צוהערען. אין נומער זיבען איז געווען שטיל, און זשאק האט פערלארען דיא האפנונג צו זעהן איהר פאר זיין אבפאהרען. פלוצים האט ער דערהערט, וויא איהר טהיר האט זיך געעפענט; ער האט עטוואס ארויסגעשטעקט דעם קאפ און האט דערזעהן, וויא א יונגער מאן איז פון דארטען ארויס און האט זיך געלאזט געהן ארונטער דיא טרעפ.

„אזוי וויא דער הערר איז ניטא אין דער היים, קען מען דער מאדאם מאכען א בעזוך," האט זשאק צו זיך געזאגט מיט א געלעכטער.

און ער איז צוגעגאנגען צו מאגדאלענ'ס טהיר און האט אנגעקלאפט.

ביי זיין ערשיינען איז מאגדאלען אויפגעשפרונגען. זיא איז ניט געווען פער־וואונדערט, ווייל זיא האט איהם כמעט ערווארטעט צייט זיא האט דערקענט דאס צימער, האבען איהר דיא עראינערונגען אזוי איבערוועלטיגט, אזוי ארומגענומען איהר מיט אזא מעכטיגע האנד, אז איהר האט אויסגעוויזען גאנץ נאטירליך, אז ער זאל דא ערשיינען. זיא האט זיך ניט געפרעגט, וויא אזוי האט ער געוואוסט, אז זיא איז דא; זיא האט נור געפיהלט, אז זיא ווערט פערגליווערט, פערוואנדעלט אין א שטיק אייז, און איז געבליבען שטעהן שטייף וויא א דערפראָרענע, מיט איהרע אויגען געריכטעט אויף איהם און האט געווארט, אז ער זאל רעדען פריהער.

— יא, דאס איז קיין אנדערע, וויא מאגדאלען, האט ער געזאגט מיט א שמיכען קול.

ער האט א שמייכעל געטהאן און ווייטער געזאגט:

— דער דיענער האט א גוטען זכרון. דוא געדענקסט איהם נאך, ניט וואהר? ער האט אונז בעדיענט, ווען מיר זיינען דא געווען צוזאמען. איצט האט ער דיך דערקענט און איז מיר געקומען זאגען. און איך בין איצט אריין צו דריקען דיר נאך א מאל דיא האנד.

ער איז צו איהר צוגעגאנגען מיט אן אויסגעשטרעקטער האנד און מיט א פריינדליכען שמייכעל אויף דיא ליפען.

— ניין, ניין, האט זיא געמורמעלט.

איהר ענטפער האט איהם געשיינט צו וואונדערן, נאר ער האט פארטגע־זעצט מיט א שמייכעל.

— דוא ווילסט מיר ניט געבען דיא האנד — פאר וואס ? איך בין צו דיר געקומען וויא אן אלטער פריינד און וויטער גאר ניט. ווער איז דיין קאמפאניאן ? ניט ראאול ?

דאס איז געוועזען דער נאמען פון דעם סטודענט, וואס איז מיט איהר א היים געגאנגען, נאכדעם וויא זיא האט בעגלייט זשאק'ן.

דאס האט איהר שטארק בעליידיגט.

„זאל איך איהם זאגען אלץ ?" האט זיא זיך געפרעגט. איהר כאראקטער איז געוועזען אן אפענער, ניט קיין בעהאלטענער און זיא האט איהם געוואלט דער־צעהלען אלץ, נאר זשאק האט ווידער אנגעהויבען פריילי:

— דוא ענטפערסט מיר ניט ? דאס גיט דיר קרעדיט. ווער האט אויסגעק־ליבען דיזעס צימער ? דוא ? דוא האסט נאך ניט פערגעסען דיזעס צימער ? אה, מיין קינד ! יענע פרייע, פרייליכע טעג זיינען שוין פאראיבער. דוא ווייסט, אז עס איז ניט געוועזען פריינדליך פון צו ברענגען דיין פריינד אין דיזען צימער !

ער האט זיך צולאכט, און מאגדאלען האט אויף איהם געקוקט מיט נארעשע אויגען.

— איך בין ניט זעהר אייטעל, האט ער פארטגעזעצט און איך דענק ניט אפילו איין מינוט, אז דוא האסט מיך ליעב. דאך וואלט איך ניט וועלען זיין אויף דיין פריינד'ס פלאץ. פאר וואס רעדסטו ניט ? ביזטו בייז אויף מיר.

— ניין, האט זיא געמורמעלט שוואך און האט זיך געהאלטען ביים קאמין, אז זיא זאל ניט פאלען.

זיא האט געפיהלט, אז איצט ווען זיא ניט האבען דעם קוראזש צו זאגען, ווער איהר קאמפאניאן איז, נאכהער וויא זשאק האט פון איהם געלאכט, און ער איז געוועזען ברוטאל גענוג צו דענקען, אז זיא האט אבזיכטליך, אומיסטען אויסגעק־ליבען דיזעס צימער ! איהר האט געדוכט, אז מיט דעם פערדאכט האט ער איהר צוריק אריינגעווארפען אין דער בלאטע פון וועלכער זיא וועט קיין מאל ניט קענען ריין וואשען זיך. זיא האט איהם ניט געקענט ערקלערן, אז זיא איז דא אריינגעפא־לען בלויז דורך א צופאל. זיין אנוועזענהייט האט ביי איהר אוועקגערויבט איהר גאנצע קראפט.

זשאק האט געקענט בעגרייפען דיא געדאנקען, וואס האבען איהר געטאכט בלייך און שווידערן. אוהם האט אויסגעוויזען, אז זיא האט מורא, אז ער זאל דא

נים ווארטען, ביז איהר קאמפאניאן וועט קימען און זאל נים מאכען מים איהם עפעס א סצענע.

— וואס שוידערסטו אזוי? האט ער געזאגט. איך האב דיר געזאגט, אז איך בין נאר אריין געקומען אלס גוטער פריינד. ווי נאר איך וועל דערהערען טריט, וועל איך אוועקגעהן.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און דאן צוריקגעקעהרט. נאר מאגדאלען איז געבליבען, וויא פריהער. ער האט נים איינגעזעהן קיין ברוטאליטעט אין זיין זעהן זיך מים איהר.

— דוא ווייסט, האט ער געזאגט, אז שיער, שיער האבען מיך אויפגעפרעסען דיא פיש פון ים? נאר איך בין צוריקגעקומען אין פאריז א לעבעדיגער און איצט דערצעהל מיר, וויא האסטו דורכגעלעבט דיא צייט?

אזוי, האט זיא געענטפערט שוואך.

איהרע קרעפטען האבען איהר פערלאזען; זיא האט אויסגעהערט וואס ער רעדט און געענטפערט מעכאניש, אהנע צו וויסען, וואס זיא טהוט. דער געדאנק, אז דער מאן קען אנקומען יעדע מינוט, איז איהר נאר אין קאפ נים אריין.

— האסטו מיר גאר נים צו דערצעהלען? האט ער ווידער געפרעגט פערוואונדערט. נאט גערעכטער! וויא קאלט דוא בעגעגענסט מיך! האסטו „איהם" דען ליעב?

- יא.

— דאס איז זעהר גוט. איך האס דיא מענשען, וואס האבען לעדיגע הערצער. וויא לאנג ביסטו מים איהם צוזאמען?

— פינף יאהר.

— צום שווארצען יאהר! דא איז א פיינע געשיכטע. קען איך איהם?

זיא איז געווארען בלייבער, וויא פריהער. אויף איהר געזיכט האט זיך בעוויזען אן אויסדרוק פון שרעקליכע ליידען. זשאק'ן האט אויסגעוויזען, אז ער הערט דעם ליעבהאבערס טרים.

— שוידער נים אזוי, קינד! האט ער געזאגט. איך וועל פערשוואונדען ווערען, איידער ער וועט ארויף קומען. איז ער דען א פרעמדער? דיא חברה, וואס מיר האבען געקענט אין יענע יאהרען זיינען געוועזען פיינע יונגען. געדענקסטו נאך דיא פרעהליכע טעג, וואס מיר האבען אלע פערבראכט צוזאמען. מיר ליגען נאך ביז איצט אין מאגען דיא גרויסע טעלער ערדבעערען, וואס מיר האבען געגעסען אין

**אונזערע שפאצירס אויפ'ן לאנד! נאר איידער איך געה אוועק, וואלט איך וועלען וויסען דעם נאמען פון דיין פריינד.**

מאגדאלען האט געמאכט א בעטענדען בעוועגונג, אז ער זאל צו איהר ניט צושטעהן מיט דער פראגע, נאר ער האט פארטגעזעצט:

— פאר וואס זאלסטו מיר ניט דערצעהלען דעם אמת? פאר וואס זאלסטו דענקען, אז דאס וועט מיך ערגערן? אין לעבען קען אלץ פאסירען. נאר דא האסט געמאכט א פעהלער צו נעהמען דאס אזוי טראגיש און רעכענען מיך פאר דיין פריינד. דוא ביזט דאך א מאל געוועזען אזא פרייליכע און גרינג-הערציגע!

ער האט זיך בעסער צוגעקוקט צו איהר און איז געוועזען ערשטוינט פון איהר צייטיגע שעהנהייט.

— דא ביזט פיעל שעהנער איצט, אלס איך האב דיך איבערגעלאזט, האט ער געזאגט. דיינע האר זיינען קיין מאל אזוי שעהן ניט געוועזען און דער קאליר פון דיין געזיכט איז הימליש. קום, גיב מיר איין קוש, איידער איך פערלאז דאס צימער.

מאגדאלען האט אבגעשטופט זיינע הענד.

— איך בעט דיך, ריהר מיך ניט אן, האט זיא געזאגט מיט א שוואכער קריינקליכער שטימע.

זשאק איז געווארען געריהרט פון דער פערצווייפלונג, וואס האט זיך געהערט אין איהר טאן. ער איז געווארען ערנסט. ער האט געפיהלט, אז ער איז ניט ווייסענדיג געוועזען ברוטאל צו איהר. ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר אהן ווערטער און דארט געבליבען שטעהן.

— דוא ביזט גערעכט, מאגדאלען, האט ער געזאגט. איך בין א נאר און האב געטהאן ניט גוט, וואס איך בין אהער אריינגעקומען. דוא דארפסט מיך פערצייהען פאר מיין שמייכלען און איך פערצייהע דיך פאר דיין קאלטקייט. נאר איך האב מורא, אז דוא האסט ניט קיין הערץ און ניט קיין זכרון. אויב דוא האסט ליעב דיזען מאן, האסטו ניט בעדארפט בלייבען אין דיזען צימער מיט איהם.

ער האט גערעדט אין א שטילען ערנסטען טאן, וועהרענד זיא האט זיך קוים איינגעהאלטען פון וויינען.

— איך בין א פראקטישער מענש, האט ער ווידער געזאגט, נאר צו דער זעלבער צייט האב איך ליעב, אז מען איז איידעל, דעליקאט, און יעדע זאך אין דיזען צימער רעדט צו מיר וועגען דיר, מאגדאלען.

ער האט זיך ארומגעקוקט איבערן צימער און איז ווידער צוגעגאנגען מיט אן אויסגעשטרעקטע האנד.

— איך געה, האט ער געזאגט.

מאגדאלען האט א ציטער געטהאן. ער האט א ציה געטהאן מיט דיא אקסלען, האט זיך א דריי געטהאן אויפ'ן אבזאץ און איז ארויסגעגאנגען מיט'ן גע־דאנק, אז זיא איז א גרויסער נאר. דאס געפיהל פון חרטה, וואס האט זיך פריהער אויפגעהויבען ביי איהם אין הארצען, איז יעצט פערשלאגען געווארען פון כעס, פאר וואס זיא האט איהם אפילו ניט געוואלט א דריק טהאן דיא האנד.

ווען מאגדאלען איז געבליבען אליין האט זיא זיך גענומען ארומדרייען ארום צימער, וויא א צומישטע. זיא האט איהם געוואלט רופען צוריק און זאגען, אז זיא האט חתונה געהאט מיט וויליאמען. איצט ווען ער איז שוין ניט געשטאנען פאר איהרע אויגען, האט זיא פלוצים געקריגען מוטה. זיא האט ניט געדענקט צו העלפען דערמיט איהר מאן און מאכען זיכער פאר איהם א רוהיגע צוקונפט. איצט האט זיא נאר געטראכט פון זיך. איהר אלטען געליעבטען'ס שפעטישע האלטונג און זיין פעראכטונג האט איהר אין גאנצען ארויסגעבראכט פון זיך און האט איהם געוואלט ווייזען, אז זיא איז א ריינע און ארענטליכע פרוי, און ער דארף איהר רעספעקטירען. איהר פערוואונדעטער שטאלץ האט איהר געוויזען, יעדע זאך איז א פאלשען ליכט, און זיא האט זיך שוין מעהר ניט געפרעגט, וואס וועט זיא זאגען וויליאמען, ווען ער וועט אריינקומען.

פלוצים האט דיא טהיר, וואס זשאק האט געלאזען האלב אפען, געגעבען א קנאק. מאגדאלען האט זיך אומגעקוקט, דענקענדיג, אז דאס איז איהר מאן, און אנשטאט איהם האט זיא דערזעהן דיא בעטלערין, וואס איז נאכגעלאפען נאך זייער קארעטע ביז דער איינפאהר־הויז. דיא בעטלערין איז צוגעגאנגען צו איהר און האט איהר גענומען בעקוקען מיט אן ערנסטע מינע.

— איך האב קיין טעות ניט געהאט, האט זיא געזאגט לאנגזאם. איך האב דיך דערקענט, מאגדאלען, צוואר דיין געזיכט איז געווען אין שאטען, געדענקסטו מיך.

מאגדאלען האט זיך א צאפעל געטהאן, ערבליקענדיג דאס געזיכט.

— יא, איך געדענק דיך, לואיזע, האט מאגדאלען געענטפערט מיט א קאל־טער שטימע, וואס האט געוויזען, אז זיא האלט קוים איין איהר צארן.

דיא ערשיינונג פון דיזער פרוי איז געווען דער לעצטער קלאפ, אום איהר ארויסצוברענגען אין גאנצען פון זיך. לואיזע איז געווען דיא פערזאן, וואס האט איהר מיטגענומען צו בעזוכען איהר קינד אין דעם טאג ווען זשאק איז אבגעפאה־רען פון פאריז. צווישען דיא בעקאנטע האט מען איהר גערופען „גרין און געל"‚

דאס האט זיא געהאט צו פערדאנקען דעם קאליר פון איהר געזיכט, וואס איז איהר געקומען פון שארפע געטרענק. זשאק האט דאמאלס נאר ניט געהאט געגען איהר ארומגעהן מיט „גרין און געל", ווייל גראדע דאמאלס האט זיא אנגעהויבען צו בעסערען זיך און פיהרען א שטאט. דיא געבורט פון איהר קינד האט איהר ווייטער געמאכט, נאר דאס האט ניט אנגעהאלטען לאנג; מאגדאלען האט איהר געזעהן איין מאל שכור, און זיא האט עס קיין מאל ניט פערגעסען.

„גרין און געל" איז, וויא עס שיינט, געזונקען אלץ נידריגער און נידריגער. זיא איז ניט געווען עלטער וויא דרייסיג יאהר, נאר אויסגעזעהן האט זיא איבער פופציג. שכרות האט פערקריממט יעדען צוג אין איהר געזיכט. דיא אויגען זיינען געווען פערלאפען מיט בלוט און וואסעריג. זיא האט געציטערט פון קאפ ביז דיא פיס: דער בראנפען האט אויפגעגעסען איהר גאנצע איינגעווייט. איהר געזיכט, איינגעוויקעלט אין אן אלטע טוך, האט אויסגעזעהן נארעש און שטומפ.

— יא, איך קען אייך, האט זיא געזאגט צו דיא אבגעריסענע בעטלערין. וואס ווילט איהר?

לואיזע האט אויף איהר א קוק געטהאן מיט אונרוהיגע אויגען און האט זיך אידיאָטיש צולאכט.

— יא, איהר קענט מיך, אבער איהר פערגייסט אביסעל דיא נאז, ווייל איהר טראגט א זיידען קלייד און איך ניט. נאר דיא וועלט איז א רעדיל, וואס דרייט זיך: מארגען קענט איהר זיין אין דער זעלבער לאגע, אין וועלבער איך געפין זיך היינט.

יעדע זילבע האט געשניטען מאגדאלען וויא מיט א מעסער. זיא האט גע־טראכט, אז דיא פרוי איז גערעכט און זיא קען נאך פאלען אזוי נידריג, וויא זיא.

— איהר האט א טעות, האט מאגדאלען אויסגעשריען מיט צאָרן. איך בין פערהייראטעט, געהט אייך אוועק און לאזט מיך אליין.

— איהר האט מזל, האט דיא פרוי געענטפערט. ווען איך האב אייך דער־זעהן אין קארעטע, האב איך געטראכט, אז איהר האט מסתמא פערדרייט דעם קאפ עפעס א מיליאָנער. איז דער הערר וואס האט מיר א ווארף געטהאן דיא פינף־פראנק שטיק, אייער מאן?

מאגדאלען האט געליטען אונבעשרייבליך. „געל און גרין" האט אנגעהויבען צו זוכען ביי זיך אין קעשענע.

— אך, האט זיא געזאגט, איך עראינער זיך איצט, מיין קאפ איז ניט זעהר שטארק און דוא צומישט מיר מיט דיין שטאָלצע מינע. איך האב געוואלט

האבען מיט דיר א שטיקעל שטועס און דערמאנען די אלטע צייטען. איך בין צופריעדען, וואס דוא ביזט גליקליך.

זיא האט זיך אנידערגעזעצט מיט אזא היימישקייט, וואס איז שטארק ניט געפעלען געווארען מאנדאלען.

— דוא זעהסט, האט זיא פארטגעזעצט, איך בין שטענדיג געוועזען א שלים-מזל. איך בין געוועזען זעהר קראנק אין פאריז. זיי האבען געזאגט אז איך האב צו-פיעל געטרונקען שארפע געטרענקע. מיין קאפ איז געוועזען לעדיג, און מיין קערפער האט געציטערט וויא א בלאט. קוק אויף מיינע הענד, זעהסט, וויא זיי ציטערן. איך האב געהערט אין האספיטאל, וויא דיא דאקטוירים האבען געזאגט אז איך וועל לאנג ניט לעבען און איך האב דאריבער געבעטען, אז זיי זאלען מיך ארויס-לאזען פון דארטען. איך האב געוואלט צוריקקעהרען זיך צום דארף, וואו איך בין געבוירען געווארען, עס איז ניט ווייט פון דאנען.

זיא האט זיך אבגעשטעלט, אום אבצוכאפען דעם אטהעם. זיא האט נאר געקענט אויסרעדען א פאר ווערטער מיט א מאל.

— איך בין געגאנגען זעהן מיין פאטער, נאר מען האט מיר געזאגט, אז ער איז שוין געשטארבען. דאן האב איך געדענקט, אז איך וועל געהן צוריק אין פאריז נאר דיא דארפס לייט זיינען גוטע מענשען, זיי גיבען מיר עסען און איך האב זיך בעטראכט, אז דא איז ניט ערגער וויא אין פאריז, טראץ דעם וואס דיא קינדער ווארפען אויף מיר צייטענוויין מיט שטיינער.

איהר שטימע איז געווארען שוואכער. מאנדאלען האט זיך ניט געקענט בעשליסען צו הייסען איהר ארויסגעהן.

— נאך אלעמען, האב איך געלעבט א גוטען טאג, האט געזאגט „גרין און געל". דוא ביזט מיר געפעלען, ווייל דוא ביזט געוועזען א גוטע. נאר איין מאל בין איך שטארק אין כעס געווארען אויף דיר, ווען איך האב געדענקט, אז דוא גע-פעלסט מעהר וויא איך.

מאנדאלען איז שטארק בלייך געווארען. דיא ערשינערונגען, וואס דיזע בעט-לערין האט ביי איהר ארויסגערופען, האבען איהר געשטיקט.

— וואס איז געווארען מיט דיין געליבטען? האט „גרין און געל" פארטגע-זעצט. דער הויכער יונג, פיער.... נייו, דוכט זיך, ער האט געהייסען זשאק. נאר איך מוז דיר זאגען איין זאך: ווייסטו, אז ער האט זיך א מאל צו מיר צוגעפאסט? דיך ארט עס ניט, ניט וואהר?

מאנדעלען האט לעננער נים נעקענט אויסהאלטען. איהר שטימע האט געציטערט פון כעס, ווען זיא האט געענטפערט:

— איך האב דיר געזאגט, אז איך בין פערהייראטעט. געה אוועק, זאג איך דיר, געה אוועק!

לאיזע האט זיך דערשראקען. זיא איז אויפגעשפרונגען, שארענדיג מיט דיא פיס, וויא זיא פלעגט עס טהאן, ווען דיא קינדער פלעגען אויף איהר ווארפען מיט שטיינער אין דיא פעלדער.

— פאר וואס טרייבסטו מיך? האט זיא געשטאמעלט.

— געה אוועק! — האט מאנדעלען ווידערהאלט. איך בין פערהייראטעט און האב א מאכטער.

— איך האב אויך א טאכטער; אדער איך האב געהאט; איך האב פערפעהלט צו בעצאהלען דער אמע און מען האט איהר פון מיר צוגענומען.

מאנדעלען איז צוגעגאנגען צו איהר און גענומען איהר טרייבען צו דער טהיר.

— איך זעה נים איין, האט „נרין און געל" אויסגעשריען מיט כעס, פאר וואס דוא דארפסט פערמאכטען דיא יעניגע, וואס האבען אענינער מזל וויא דוא! דוא ביזט אזא פרינצעסען וויא איך, און ווען דיין מאן זאל מיך בעגעגענען פריהער, וואלט איך פיליינט געטראגען זיידענע קליידער, און דוא וואלסט געלאפען בארוועס אין דיא גאסען.

אין דיזען מאמענט האט מאנדעלען דערהערט וויליאמ׳ס טרים. זיא האט אנגעכאפט לאיזען פאר דער האנד און אריינגעשלעפט איהר אין מיטען צימער.

— איהר זיים גערעכט, אט קומט מיין מאן און זאגט איהם דאס אלץ!

ווען וויליאם איז אריינגעקומען האט ער זיך שטארק פערוואונדערט צו טרעפען אין צימער דיא בעטלערין און א ווארף געטהאן א פראגענדען בליק אויף זיין פרוי. מאנדעלען איז געשטאנען קאלט און ענטשלאסען, אהן א רוישונג אין געזיכט און אהן א צומישטקיים אויפ׳ן שטערן. זיא איז געוועזען פערטיג צום קאמפף.

— דאס איז איינע פון מיינע אלטע הברת׳עס, האט זיא געזאגט מיט א קודצען און שארפען קול. זיא איז געקומען אונטערהאלטען זיך מיט מיר. ווילסטו איהר נים איינלאדען צו אונז אין שלאס?

דיזע ווערטער האבען שטארק וויה געטהאן דעם יונגען מאן. ער האט געוואוסט פון איהר מאן, אז זייער רוה איז ווידער אין געפאהר. א מיעפער שמערץ האט זיך אבגעטונקט אויף זיין צערטליבען געזיכט. ער איז צוגעגאנגען צו לאיזע און האט צו איהר געזאגט מיט א ערדענטער שטימע:

— האט איהר געקענט מאנדאלען?

— יא, מיין הערר, נאר איך האב ניט בעדארפט קומען אהער היינט ביינאכט און וואלט ניט געקומען, ווען איך וואלט פערשטאנען פריהער.

— ווילט איהר געלד?

— ניין מיין הער, איך דאנק אייך, האט זיא געזאגט, מאכענדיג א מעלא־דראמאטישע מינע ביים אבזאגען זיך.

ווען זיא האט פערמאכט דיא טהיר, זיינען מאן און ווייב געבליבען שטעהן שטום. יעדער האט מורא געהאט ארויסצורעדען א ווארט דער ערסטער, אום ניט צו פערוואונדען דעם צווייטען. ווילִיאם האט געווארט מיט פערצווייפלונג. ער האט איהר איבערגעלאזט א רוהיגע און צופרידענע אין דער האפנונג פון א גליקליכע צוקונפט און איצט, ווען ער איז צוריקגעקומען, האט ער איהר געטראפען עררעגט און אונרוהיג. ער איז געווארען נאך מעהר אונרוהיג, וויל ער האט ניט געוואוסט דיא אורזאכע דערפון. נאר זיא איז געוועזן צו אויפגעבראכט פון דיא לעצטע צוויי סצענעס, אז איהר מאנ׳ס צערטליכער בליק זאל איהר בערוהיגען. זיא האט זיך איצט ניט געקימערט אום זיינע ליידען. זיא האט איהם געוואלט ארויסזאגען אלץ, וואס ביי איהר האט זיך אנגעקליבען אויפ׳ן הארצען. איהר האט זיך געגלוסט צו זאגען צו איהם: „אויב איך בין אזא אויסווארף, אויב פאר מיר איז ניטא קיין פער־געבונג און מען דארף מיך טרעטען מיט דיא פיס, וועל איך זיין אזוי שלעכט, וויא מען וויל מיך מאכען.“

זיא האט דיא ערסטע אנגעהויבען צו רעדען.

— מיר זיינען צוויי פייגלינגע, האט זיא פלוצים געזאגט.

— איך פערשטעה דיך ניט, האט ווילִיאם געענטפערט.

זיא האט א שאָקעל געטהאן מיט׳ן קאָפּ מיט פערראכטונג.

— מיר האבען ניט בעדארפט אנטלויפען, וויא צוויי פערברעכער. מיר האַבען זיך געדארפט פיהלען שטארק אין אונזער פינף יאָהריגער ליעבע. נאר איצט איז צו שפּעט. מיר זיינען בעזיעגט; אונזער רוה איז טויט.

ווילִיאם איז געוועזן ענטשלאסען אויסצוגעפינען, וואס איז געשעהן אין זיין אבוועזענהייט. ער האט איהר געשטעלט דיא פראגע, אויף וועלכער זיא האט געענטפערט:

— קענסטו ניט פערשטעהן, אז דיזע ארימע געפאלענע האט צו מיר צוריק־געבראכט דיא גאנצע פערגאנגענהייט, וועלכע איך האב זיך געמאטערט מיט אלע קרעפטען צו פערגעסען.

— נאר זיא איז דאך שוין אױעקנענאנגען; בערוהיג זיך. צווישען דיר און יענע בעשעפענים ליגט א טיעפער אבגרונד און איהר האט ניט איינע מיט דער אנדערער וואס צו טהאן, צווישען אייך איז ניטא קיין געמיינזאמעס.

— קיין געמיינזאמעס? האט מאגדאלען געזאגט, ציהענדיג מיט דיא אקסלען זיא האט מיר ערסט געזאגט, אז ביי היינטיגען טאג האב איך געקענט ארומגעהן א בארפוסע איבער דיא פאריזער גאסען, ווען דוא וואלסט מיך ניט ארויסגעצויגען פון דעם זומפ.

— ש ש! רעד ניט אזעלכע ווערטער, מיין טהייערע, דאס טהוט אונז ביי־דען וויה.

נאר מאגדאלען איז ערגעטס געווארען פון דער ביטערקייט פון איהרע איי־גענע ווערטער.

— איך האב געזעהן זשאקין, האט זיא געזאגט.

וויליאם האט אויף איהר א קוק געטהאן צומישט.

— ער איז געוועזען דא אין צימער, האט זיא ווייטער גערעדט.

וויליאם האט זיך אנגעכאפט אן טיש, אום ניט צו פאלען.

— זשאק איז ניטא, האט ער געזאגט.

— ער געפינט זיך אין דער איינפאהר־הויז, אין שכנות מיט אונז, האט זיא געזאגט. איך האב איהם געזעהן, זאג איך דיר.

— איז דיזער מאן אומעדום? האט וויליאם אויסגעשריען מיט בעס און מורא.

— וואס דען האסטו געוואלט — טוידטען דיא פערגאנגענהייט? האט מאג־דאלען געזאגט מיט פערצווייפלונג. דיזעס צימער האט דיר געשיינט צו זיין א גוטער בעהעלטניס־פלאץ, וואו קיינער קען זיך ניט שטעלען צווישען אונז ביידען. דוא האסט מיר געזאגט, אז מיר זיינען דא אליין. נאר, אך! דיא שאטענס און דיא שטילקייט פון דיזען צימער זיינען געוועזען ליגנער, און אין דיזען פלאץ, וואו מיר האבען נאר געדענקט צו פערבלייבען א פאר שטונדען, האט אויף אונז גע־ווארט שמערץ און ערנידערונג.

וויליאם האט זיך צוגעהערט צו איהרע ווערטער, ניט דענקענדיג צו איבער־רייסען איהר.

— און איך, האט זיא פארטגעזעצט, בין געוועזען נארעש גענוג צו גלויבען אז עס זיינען פאראן אין דער וועלט פלעצער, וואו מען קען געפינען פערגעסענהייט וואוהין מיר זאלען ניט קומען, וועט מיך מיין שאנדע בעגעגנען און בעגריסען.

דער קלענסטער אטהעם איז געגוג צו עפענען אויף דאס ניי מיינע וואונדען. מיר זיינען פערפאלגט איבעראל אזוי וויא פערוואונדעטע חיות און וועלקען, וויא זיי, ער-נעץ אוועקשטארבען אין א גראבען.

— דאס איז אונזער איינענע שולד, האט זיא פארטגעזעצט נאך הייסער. מיר האבען קיין מאל ניט נעדארפט אנטלויפען פון דער היים. דוא געדענקסט, אז איך האב דיר געזאגט דיא זעלבע נאכט, ווען יענער מאן איז צו אונז געקומען, אז דיא ערינערונגען וועלען אונז קיין רוה ניט געבען, און דיזע ערינערונגען זיינען נאכגעלאפען נאך אונזער שפור, אזוי וויא בלוט-הינד. איך האב געהערט זייער וויטהענדען בילען הינטער זיך און איך פיהל אין דיזען מאמענט, וויא זיי רייסען מיין לייב אין שטיקער.

ארויסלאזענדיג א שארפען געשריי, האט זיא צונעפרעסט ביידע הענד צו איהר ברוסט, אזוי וויא זיא וואלט ווירקליך געפיהלט זייערע שארפע צייהנער.

וויליאם איז געוועזען ערמידעט פון ליידען. זיין ווייב'ס גרויזאמע ווערטער האבען אין איהם דערוועקט א שטוינענדע אונגעדולד. ער האט זיך געוואונשען, אז ער זאל געפינען מוטה צו הייסען איהר שווייגען, נאר אנשטאט צו בעפעהלען איהר האט ער איהר געבעטען.

— קום, מיין געליעבטע. מיר קענען אוועקפאהרען ווייטער.

מאנדאלען האט זיך אין דער הויך צולאכט. זיא האט פערבראכען מיט דיא הענד, טרערען זיינען גערונען איבער איהרע בלייכע באקען.

— דענקסטו, אז איך האב אזוי פיעל קרעפטען צו קענען יעדע מינוט פאַ-לען און אויפהויבען זיך. און בלייבען ביים פערשטאנד? ניין! איך מוז האבען רוה, אז נים נעה איך אראב פון זינען.

וויליאם האט איהר אנגענומען פאר ביידע הענד און געהאלטען זיי צוואר פעסט אבער צערטליך.

— האב מיטלייד מיט מיר, האט ער געזאגט. זעהסטו דען ניט, אז דוא טוידטעסט מיך? זאל זיך שוין ענדיגען דיא גרויזאמע סצענע. מארגען וועלען מיר בעסער קענען רעדען וועגען דעם. דוא ביזט זעהר מיעד, טהייערע. לעג זיך אנידער און פרוב אנשלאַפען צו ווערען.

זיין האפנונג האט איהם פערלאזען, נאר ער האט געוואונשען צו האבען פינסטערקייט און שטילקייט.

— איך קען ניט פערבלייבען אין דיזען צימער! האט מאנדאלען פלוצים

אויסגעשריען. קענסטו דען ניט פערשטעהן, אז איך בין שוין דא אמאל געוועזען מיט זשאק'ן!

דער נאָמען זשאק האט איהר דערמאנט אז זיין בעזוך אין דיזען צימער.

— מיט א פאר מינוט צוריק איז ער דא געוועזען און האט פון מיר געלאכט און האט מיך בעליידיגט. אין זיינע אויגען בין איך ניט מעהר, ווי א דירנע. איך האב איהם געוואלט זאָגען די ווארהייט, נאר איך האב ניט געקענט. און ווייסטו ווארום? ווייל דיזער מאן האט געדענקט, אז איך בין געווען אים שטאנדע דיך צו ברענגען אין דיזען צימער, ווייל איך בין שוין דא א מאָל געווען מיט איהם.

וויליאם האט זיך ניט געריהרט.

— יא, איך קען און ווייס זעהר גוט דיזעס צימער, האט מאנדאלען געזאגט נאך א קורצער פויזע. זי איז לאנגזאם צוגעגאנגען ביז'ן מיטען צימער און האט גענומען קוקען אויף די וואנד מיט שרעקליכע אויסגעגלאָצטע אויגען.

וויליאם האט איהר נאכגעקוקט און דאס בלוט האט איהם גענומען קיהלען אין די אדערן פון איהר אויסדרוק.

— דוא שרעקסט מיך, מאנדאלען! האט ער אויסגערופען. קוק ניט אזוי אויף די וואנד.

— די וואנד זיינען מיר גוט בעקאנט, צו גוט, האט זי געמורמעלט. אח, ווי מיר קלאפט אין קאָפּ. דוא מוזט מיך פערצייהען, איך ווייס ניט, וואס איך רעד נאך די פערגאנגענהייט קוועלט מיך. אה, ערינערונגען איז א שרעקליכע זאך! אה, העלף מיר פערגעסען די פערגאנגענהייט אויב דוא ליעבסט מיך.

א ים מיט שמערצען איז געלעגען אין איהר טאָן.

— איך וועל שטארבען, האט זי געזאגט, און אויב איך מוז לעבען, וועל איך פערלירען מיין זכרון, מיין קאָפּ; זאל זיין וואס עס וויל, נאר איך וויל, אז מיין מארך זאל זיך אויסרייניגען פון אלע ערינערונגען. פערצייהע, וויליאם, איך קען ניט שווייגען.

זי האט זיך צו איהם געווענדעט מיט אזא פערצווייפלונג אין איהר פערק־רימטען געזיכט, אז ער האט ווירקליך געמיינט, אז זי געהט אראב פון זינען.

— מאנדאלען, האט ער געזאגט צערטליך, מאנדאלען! און ער האט צו איהר אויסגעשטרעקט זיינע ארמען.

נאר זי האט איהם ניט געהערט, זי איז געשטאנען נעבען דער וואנד אנטקעגען קאמין.

— איך מאר מעהר נים טראכטען, האט זיא געמורמעלט, וויל דענקען איז שרעקליך און דערצו דענס איך אויפ'ן קול. איך קען דא יעדע זאך אין דיזען צימער.

דאס פלעצליכע ערשיינען פון זשאק און דיא פיבערישע עררעגונג פון דיא לעצטע עטליכע שטונדען האבען ארויסגערופען אין איהר מארך א זאנדערבארע ווירקונג, האבען געמאכט איהרע חושים צו ארבייטען אין א זאנדערבארען וועג.

זיא האט פערגעסען דיא אנוועזענהייט פון איהר מאן און ווייטער געלעבט אין דער פערגאנגענהייט. איהר פולס, וואס האט שטענדיג געקלאפט אזוי רוהיג, האט איצט געהיצט, וויא אין פיעבער. יעדע קלייניגקייט, וואס איהרע אויגען האבען בענענעט האט איהר פערארזאכט א שרעקליכען פיין און אבגעשוואכט איהרע גייסטיגע קרעפטען. זיא האט ארויסגערעדט אלע איהרע איינדריקע אין דער הויך, אויפ'ן קול, גראדע וויא זיא וואלט זיך געפונען אליין אין צימער.

דאס פייער האט געווארפען א רויטע ליכט אויף דיא וואנד. וויליאם'ס שאָטען אויפ'ן סופיט איז געווען שווארץ און גרויס. מאגדאלען אין איהר ברוינע קלייד און איהרע גאלדענע האר איז ארומגעגאנגען איבערן צימער און האט בעקוקט דיא בילדער, וואס זיינען געהאנגען אויף דיא וואנד און האבען פארגעשטעלט אן אונ-אונגליקליכע מיפאלאָגישע ליעבע.

— דא דארף זיין אכט בילדער, האט זיא טרוימעריש געזאגט. איך האב זיי געצעהלט מיט זשאק'ן. איך בין געשטאנען אויף א שטוהל און האב געלייענט דיא אויפשריפטען אויף יעדען בילד. ער האט געלאכט פון דיא גרייזען, וואס האבען זיך געפונען אין דיא אויפשריפטען און פון דער גאנצער לעגענדע. אט איז דער שפאלט אין וואנד און דאָרטען איז דאס בילד, וואס שטעלט פאָר דיא שרעקליכע ענדע. דער געליעבטער געפינט דיא געליעבטע באָדען זיך אין בלוט. ער דענקט אז א לויב האט איהר פערצוקט און ער ערמאָרדעט זיך אליין. איך האב געזאגט, אז איך וואלט וועלען שטארבען גראדע אויף אזא אופן. „וואס וואלסטו געטהאן, ווען דוא זאלסט מיך געפינען א טוידטע?" האב איך געפרעגט זשאק'ן. ער איז צו מיר צוגעגאנגען לאכענדיג און האט מיך א קוש געטהאן אין דיא ליפען. „איך וואלט דיך א קוש געטהאן און דוא וואלסט ווידער לעבעדיג געווארען."

וויליאם איז צו איהר צוגעשפרונגען מיט א שרעקליכע צארן, האט איהר אנגעכאפט פאר ביידע הענד און אוועקגעשלעפט איהר אין מיטן צימער.

— זיי שטיל! האט ער אויסגעשריען, זיי שטיל! האסטו פערגעסען אז איך געפין זיך אין דיזען צימער! אה, מאגדאלען, וויא קענסטו זיין אזוי גרויזאם?

נאר זיא האט זיך אויסגעריסען פון זיינע הענד און איז צוגעלאפען צום פענ־סטער און אבגעשארט דעם פאַרהאנג.

— יא, פון דעם פענסטער קען מען ארויסקוקען אויפ׳ן הויף. איך בין גע־געשמאנען מיט זשאק׳ן און געקוקט אויף דיא טייבעלאך, וויא זייא האבען געפיקט זייערע פעדערלאך, ביז זיי זיינען פערשוואונדען געווארען איינער נאכ׳ן צווייטען. זייער וואָרקען (גיררען) האט געקלונגען זיס און צערטליך. פון דעם שטאל האט זיך געהערט דאס הירזשען פון דיא פערד. זשאק איז געגאנגען הין און צוריק איבער׳ן צימער, רויכענדיג. איך האב איהם גערופען, ער זאל צוגעהן צו מיר און זעהן דיא היהנער, וואס זיינען געווען פול אין הויף און וואס זיינען נאכגעלאָפען נאך איין הוהן, וואס האט געטראגען א וואָרם מיט׳ן שנאָבעל. ער האט זיך איבער מיר אנגעבויגען, האט מיך גערופען נארעלע און געקוסט אין באַק.

— שווייג, מאנדאלען! שווייג! זאל איך ניט הערן נאך א וואָרט פון דיר!

— וואָרט א ווײלע, האט זיא געזאגט. איך האב דא עפעס אָנגעשריבען.

זיא איז צוגעגאנגען צום טיש און האט אויפמערקזאם גענומען קוקען אויף איהם.

— אט איז עס טאקע: „איך האב ליעב זשאק׳ן."

— זיא געהט אראָב פון זינען! האט וויליאם א מורמעל געטהאן. זיין ליעבע און שטאלץ זיינען געווען שרעקליך בעליידיגט, און ניט קוקענדיג אויף זיין גוטע נאטור, האט ער געקריגען א לוסט אנצוכאפען איהר ביים האלז און צווינגען איהר צו שווייגען.

זיינע פויסטען זיינען געווען צחאמענגעדריקט, און אויב ער האט זיי ניט בע־נוצט, איז נאר געווען דארום, וואס ער האט זיך נאך געקענט בעהערשען אויף אזוי פיעל. נאר ווען זיא האט איבערגעלייענט אויפ׳ן טיש איהר אמאליגע אויפשריפט „איך ליעב זשאק׳ן" איז ער געווען פערטיג נידערצושליידערן איהר אויפ׳ן באָדען.

מאנדאלען, ניט האבענדיג פערלארען אין גאנצען איהרע נעפיהלען, האט זיך געשווינד א קעהר געטהאן צו איהם.

— יא, שלאג מיך! האט זיא אויסגעשריען. איך וויל דוא זאלסט מיך שלאגען!

עס איז זעהר מעגליך, אז ווען זיא זאל זיך ניט אומווענדען צו איהם, וואלט איהר וויליאם א שליידער געטהאן צום באָדען. נאר ווען מאנדאלען׳ס אויגען האָ־בען זיך בעגעגענט מיט זיינע, און ער האט דערזעהן איהר שעהנע און איידעלע גע־זיכט, האט ער זיך א ציה געטהאן צוריק אין שרעקליכער פערצווייפלונג.

דיא האט אויסגעבראכען אין א געוויין, און דיא טרעהרען האבען אביסעל אב־געקיהלט איהר צוהיצטע מארך. ווען זיא זאל קענען אויסוויינען זיך פריהער, וואלט דיא נאר ניט געווען געשטערט, איצט, ווען דיא הייסע טרערען האבען זיך געקייקעלט פון איהרע אויגען, האט זיא בעגריפען, וואס זיא האט געטהאן און וויא גרויזאם זיא איז געוועזען צו וויליאמען. איהר האט אויסגעוויזען, אזוי וויא זיא וואלט ערוואכט פון א שרעקליכען חלום, און וועלכען זיא האט אויסדערצעהלט אלץ, וואס עס האט זיך געמאלט אין איהר צומישטער מארך. זיא האט זיך געוואונדערט אויף זיך אליין. זיא האט קיין מאל ניט געקענט צוריקציהען איהרע אייגענע ווערטער; איהר מאן וועט דיא ווערטער קיין מאל ניט פערגעסען און זיי וועלען אימער שטעהן צווי־שען איהם און איהר. דערשראקען פון דעם געדאנק, אז זיא האט אהן א שום אור־זאכע אויסערצעהלט, וואס עס איז געוועזען פערבארגען ביי איהר טיעף אין הארצען, איז זיא צוגעגאנגען צו איהר מאן מיט אויסגעשטרעקטע, פערבראכענע הענד. ער האט זיך אראבגעלאזען אויף א שטוהל און בעהאלטען זיין געזיכט אין זיינע ביידע הענד.

— דוא ליידסט, האט זיא געשטאמעלט. איך האב געזאגט אזעלכע זאכען, וואס האבען דורכגעשטאכען דיין הארץ! איך ווייס ניט פאר וואס איך האב דיר דאס אלץ געזאגט. איך בין ניט גרויזאם. א מאל בין איך ווערט געווען צו זיין דיינע און מיר זיינען געווען גליקליך... איך האב דיך געליעבט... איך האב דיך נאך ליעב. איך דארף ניט זאגען צו זאגען עס דיר, ווייל איך ווייס, אז דוא וועסט מיר ניט גלויבען. דיא פערגאנגענהייט האט מיך בעטויבט און איך וואלט געפלאצט, ווען איך זאל ניט רעדען.

ער האט ניט געענטפערט; ער איז געווען אין גאנצען צערשמעטערט.

– איך זעה, אז אלץ איז געענדיגט צווישען אונז. מיר פערבלייבט נאר צו שטארבען.

וויליאם האט אויפגעהויבען דעם קאפ.

— דער טוידט איז זיס, האט ער געמורמעלט, נאר נאך ניט איצט.

ער האט א קוק געטהאן אויף זיין ווייב און האט דערפיהלט א נייען וויי־טאג ביים געדאנק פון שיידען זיך מיט איהר.

— זיי עהרליך! האט זיא אויסגעשריען. האב קיין מורא ניט צו פערוואונדען מיך. איך האב דיך געשטאכען מיט דער וואהרהייט אהן מיטלייד. זאג מיר, ווען דוא זאלסט מיך איצט א קוס טהאן, וועט דיר ניט אויסדרוכטען, אז עמיצער שטעהט צווישען אונז ביידען?

ער האט געשווידינען.

— דוא זעהסט, האט זיא פארטגעזעצט, אז איך בין געווען געדעכט. מען קען ניט אנטלויפען. איך וויל ניט בעגעגענען אויסגעלאסענע, אבגעריסענע בעטשע־פעניסען, וואס זאלען צו מיר רעדען, וויא צו א בעקאנטער. איך וויל ניט איינ־שטערען זיך. איך וויל ניט ריזיקירען צו בעגעגענען אלטע ערינערונגען אין דער ערסטער איינפאהר־הויז, וואו איך וועל פערפאהרען. ניין, איך וויל עס ניט.

זיא האט זיך ווילד ארומגעקוקט, וויא זיא וואלט געזוכט מיט דיא אויגען עפעס א זאך, מיט וועלכער זיא זאר קענען נעהמען זיך דאס לעבען. ווילאם האט איהר נאכגעקוקט. ווען זיא זאל פרובען נעהמען זיך דאס לעבען אין דיזען מאמענט, וואלט ער אפילו ניט אויפגעהויבען א פינגער, אום אבצוהאלטען איהר.

זיא האט זיך פ...וצים דערמאנט אן איהר קינד און זיא האט זיך א קעהר צו איהר מאן.

— הער מיך אויס, האט זיא געזאגט אין דער גיך. דוא ווענסט מיר שווערען, אז דוא ווענסט מיר קיין מאל ניט שטערען צו שטארבען, ווען אונזער לעבען וועט ווערען אונערטרעגליך.

ער האט צוגעשטימט און באפעהליג זיין הוט. האט ער צו איהר געזאגט:

— קום!

— וויקסטו ניט פערבלייבען דא ביז מארגען? האט זיא געפרעגט.

— ניין, האט ער געענטפערט מיט א ציטער.

זיי האבען צוזאמענגענומען זייערע זאכען און האבען זיך צום לעצטען מאל ארומגעקוקט איבערן צימער. דאס פייער אין אויווען איז אויסגעגאנגען; דער זייגער האט שוואך אבגעשיינט אין שאטען. דיא בילדער אויף דיא וואנד האבען אויסגע־זעהן וויא שווארצע פלעקען. און דאס פאר פאלק האט צו זיך אליין געזאגט, אז אין ציטער זיינען זיי אריינגעטראטען פול מיט האפנונג און געהען ארויס פון דאנען פול מיט פערצווייפלונג.

אין קארידאר ...זיינען זיי פערביינגעגאנגען זשאק'ס טהיר מיט שיואכע טריט, אום זיי זאלען איהם ניט אויפוועקען. ווען זיי זיינען אריין אין הויף, האבען זיי גע־מוזט אויפוועקען דעם דיענער. עס איז שוין געווען צוויי א זייגער, און ער איז גע־ווען בייז פאר וואס מען האט איהם אויפגעוועקט. באלד אבער איז איהם ארויף א געדאנק, אז ביים פאר פאלק האט געמוזט פארקומען א סקאנדאל און דאס האט איהם פרייליך געמאכט. און ווען זיי האבען זיך אריינגעזעצט אין קארעטע, האט ער זיי נאכגעשריען:

— א גליקליכע רייזע, מאדאם מאנדאלע!

מאנדאלען האט אנגעהויבען צו וויינען אין דער שטיל. ווילאם האט אבגע־לאזט דיא לייטשעס און דאס פערד האט זיי אליין אוועקגעפיהרט אין וועטייל. זיי האבען שוין נים געדענקט פון פאריז און האבען צוריקגעקעהרט א היים, וויא טוידטליך פערוואונדעטע חיות שלעפען זיך אין זייערע לעגער אום ארויסצולאזען דארטען זייער לעצטען אטהעם.

## XIII.

אין שלאס וויא עס האט געשיינט איז דאס לעבען געגאנגען וויא פריהער. מאן און ווייב האבען זיך ווידער איינגעשלאסען אין דער ווארעמקייט און שטילקייט פון זייער גרויסען סאלאן, נאר זייער איינזאמקייט האט פערלארען דיא זיסקייט און רוהינקייט פון א מאל. צווישען זיך האבען זיי נאר גערעדט פון געוואוינליכע זאכען דעם קריזיס, וואס זיי דינען אויסגעשטאנען אין דער איינפאהר־הויז, האט זיי אב־געשוואכט גייסטיג און פהיזיש. ווען א שמערצליכע עראינערונג איז זיי ארויפגעקו־מען אויפ'ן געדאנקען, פלעגען זיי זאגען צו זיך אליין, אז זיי האבען נאך צייט און זשאק וועט ערסט קומען אין א מאנאט ארום. און זיי האבען געזוכט צו דענקע נאר וועגען קלייניגקייטען, וויא צום ביישפיעל וועגען וועטער, וואס פאר א מיטאג וועלען זיי האבען און וויא דאס פייער ברענט אין אייווען. זיי וואלטען גערן פערב־ראכט אזוי דאס גאנצע לעבען, נאר זייער בעטריבונג האט לאנג נים אנגעהאלטען, דיא מינדסטע זאך האט זיי פערארזאכט גרויסע שמערצען.

זשענעוויוו האט געטהאן אלץ וואס זיא האט געקענט צו פייניגען זיי, און דאס איז געווען זיא, וואס האט ביי זיי ווידער ארויסגערופען דעם שמערץ. דיא אלטע פאנאטישע פרוי איז געווען אונערבארעמליך צו דער זינדיגער.

זיא האט מאנדאלען קיין מאל נים ליעב געהאט און איצט האט זיא איהר געהאסט, נאר איהר האס איז געווען אויסגעמישט מיט מורא, זיא האט שטענדיג אנגענומען אזא פאזיציאן, וויא זיא האלט זיך אין איין פערטהיידיגען אנטקעגען דעם שליח פון דעם טייפעל. זיא איז געבליבען וואוינען מיט זיי אזוי וויא פריהער און האט געגעסען מיט זיי און פערבראכט דיא אבענדען אין סאלאן. נאר איהר האל־טונג איז געווען א שטענדיגער פראטעסט.

זיא האט נעטהאן איהר בעסטעס ארויסצואווייזען מאנדאלען, וויא זיא פער־אכטעט איהר. ווען מאנדאלען פלעגט עפעס אנריהרען, פלעגט זיא זיך אבקעהרען פון דעם מיט עקעל, ארויסווייזענדיג דערמיט, אז מאנדאלען האט עס פעראונריי־ניגט מיט איהר בעריהרען. זיא פלעגט יעדען אבענד לייענען פון דער ביבעל דיא שרעקליכסטע פלעצער און פון צייט צו צייט פלעגט זיא זיך ארייגשטעלען איהרע

איינענע בעטראכטונגען און דראָהען מיט דיא שרעקליכסטע פּײניגונגען דער זינ־דינע, וועלכע זיא האט ניט אנגערופען מיט'ן נאמען, אבער זיא האט דאבײ [illegible] אראבגענומען איהרע אויגען פון מאנדאלען און האט דערמיט געגעבען קלאר [illegible] פערשטעהן, וועמען זיא מיינט. זיא האט בעשריבען דעם גהנם מיט דיא שרעק־ליכסטע פארבען, קעסלען מיט קאָכענדיגען בוימאויל, טייוואלים וואס האלטען דיא זינדיגע איבערן פייער און בראָטען זיי, א פייערדיגער רעגען וואס הערט ניט אויף צו גיסען אויף דיא קעפּ פון דיא רשעים. זיא פלעגט ענדיגען איהר לייענען מיט א תפלה צו גאָט, אז ער זאל ניט איבערלאזען אויף דער ערד ניט איין זינדיגען און זאל זיך גיך אברעכענען מיט דיא רשעים.

מאנדאלען האט געזוכט ניט צו הערען נאר דיא שטענדיגע ווערטער זיינען נעקראכען אין איהרע אויערען געגען איהר ווילען. מאנדאלען האט א מאל גאר קיין גלויבען ניט געהאט, נאר איצט איז זיא געווארען אבערגלויביש. אין געוויסע שווערע מאמענטען האט זיא מיט'ן גאנצען הארצען געגלויבט, אז דער גהנם מיט אלע זיינע שרעקען עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט. עס פלעגט איהר צייטענווייז דוכטען, אז אויב זיא וועט שטארבען ביי נאכט, וועט זיא זיך אין דער פריה אויפ־כאפּען אין ברענענדע קאלדראָנען. דיא פאנאטישע פרוי האט געריהרט איהר מארך.

נאר ניט אלע מאל האט מאנדאלען אזוי געדולדיג אריבערגעטראגען זשענע־וויווי'ס בעליידיגונגען, און צייטענווייז ווען דיא אלטע פרוי האט אבגעשטופּט און א זייט דאָס ברויט, וואס איהר ווירטהין האט אנגעריהרט, האט מאנדאלען געזאגט צו זיך, אז זיא וועט עס לענגער ניט דולדען; זיא איז דא דיא ווירטהין און וועט זיך ניט אונטערוואַרפען צו דיא קאפּריזען פון א פערריקטע פרוי.

— פערלאזט דיא הויז! האט זיא געשריען, געהט גלייך אוועק!

און אזוי ווי זיא ווילט'ס האט זיך ניט אריינגעמישט, האט זיא זיך געווענדעט צו איהם.

— פאר וואס זאלסטו ניט זעהן, אז מען זאל פאר דיין ווייב האבען רעס־פּעקט? שיק אוועק דיזע פרוי, אויב ביי דיר איז נאר פערבליבען עפּעס ליעבע צו מיר.

זשענעוויוו האט א זעלטזאמען שמייכעל געטהאן און אוועקשטעלענדיג זיך גלייך אויסגעצייגענע, קוקענדיג גלייך מאנדאלען אין דיא אויגען, האט זיא געזאגט מיט איהר לעבערדיגען קול:

— ער ווייס, אז איך בעליידיג קיינעם ניט. פאר וואס צינדסט דוא זיך אזוי אן? דאס איז גאָט וואס רעדט דורך מיר.

זיא האט געהאלטען דיא ביבעל, ועהרענד זיא האט גערעדט און איהר גע־דכט האט געשטראהלט פון א העלישען פערגניגען.

— דאס איז שטענדיג אזוי, האט זיא פארטגעזעצט. דער שולדיגער טרעט מיט דיא פיס דעם אונשולדיגען. עס וואלט געווים געוועזען א פיינע זאך פאר דיר ארויסצוזיאָגען מיך פון דער הויז, וואו איך האב אבגעלעבט דרייסיג יאָהר, ארויס־געיאָגט ווערען פון דיר, וואס איז אריינגעקומען אהער און מיטגעבראכט נאר טרע־רען און זינד. קוק אויף מיך! איך בין שוין כמעט אלט הונדערט יאהר, איך האב אלע מיינע יאהרען פערבראכט אין ארבייט און אין תפילות. ווען איך קוק זיך אום אויף מיין פעקיל יאהרען, נעפין איך ניט איין זאך, פאר וואס איך זאל זיך קענען מאכען פארווירפע. און פון וואנען ביזטו אראבגעקומען? ווער ביזטו, אז איך זאל פאר דיר בויגען מיין קאָפּ? דוא ביזט יונג, נאר דוא ביזט פערדארבען. איך קען דיך ריכטען אבער ניט פאלגען.

זיא האט ארויסגערעדט דיא ווערטער מיט א פאַלשטענדיגער איבערצייגונג, און יעדעס ווארט האט געשמאכען מאנדאלען אין צעהנטען ריפ.

— דוא זאלסט דיא הויז פערלאזען, האט מאנדאלען געזאגט. בין איך דען ניט דא דיא הערין אין הויז?

— ניין, איך וועל דיא הויז ניט פערלאזען, האט זשענעוויוו געענטפערט. נאָט האט מיר אנגעוויזען דעם פּלאַץ, אז איך זאל אכטונג געבען אויף מיין זוהן וויליאמען. איך וועל בלייבען דא, ביז איך וועל איהם רעטען פון דיינע צויבערייען, און וועל זעהן, וויא דוא ווערסט צערשמעטערט פון גאָט'ס צאָרן.

דיזער שטעכעדיגער קול, דיזע שרעקליכע ווערטער זיינען געוועזען מעהר וויא זיא האט געקענט פערטראגען און האט זיך א וואַרף געטהאָן אין איהר פאָטעל און האט אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין.

— זעהט איהר דען ניט, אז איהר מוטשעט מיך מיט אייערע שטענדיגע פערפאלגונגען? האט זיא געיאָמערט. ווילט איהר אז איך זאל בערייהען מיינע זינד?

— תשובה איז אומזיסט, גאָט איז קיין מאל ניט מוחל, האט זשענעוויוו געענטפערט.

— אויב אזוי, לאזט מיך אין רוה, איך וויל מעהר ניט הערען און וויסען פון אייער גאָט און אייער מיוועל איהר קענט בלייבען אונטער דעם דאך, אבער קומט ניט אין דיזען צימער. איך האב נעכטען פון אייער לייענען ניט געקענט איינשלאפען.

זשענעוויוו האט א שמייכעל געטהאָן מיט א מינע פון גרויסע צופרידענהייט.

— נים איך האב דיר נים געלאזם שלאפען, נאר דאס איז געווען דער מי־וועל, וואס זיצט אין דיר און וואס הויבט דיך אן צו מאטערען אזוי גיך, וויא דוא קעשסט אוים דאס ליכט.

— איהר זיים פעררימט! האט מאגדאלען אויסגעשריען. צום גליק בין איך נים קיין שרעקעדיגע.

— נאר אין דיר זיצט א נים-גוטער, האט געענטפערט דיא פאנאטישע פרוי מיט אן איבערצייגטען טאן. קוק אויף דיינע הענד אין דיזען מאמענט! דוא זעהסט נים, וויא זיי ציטערן? דער שטן זיצט אין זיי, דער שטן!

זיא האט ארויסגעלאזט א געשריי און האט זיך א ציה געטהאן א הינטער, אזוי וויא זיא וואלט דערזעהן א ווילדע חיה. מאגדאלען האט א קוק געטהאן אויף איהרע הענד, וואס האבען אין דער ווירקליכקייט קראמפהאפט געציטערט. זיא האט נים געענטפערט, נאר זיא האט געטראכט מיט זיך אליין:

„זשענעוויוו איז גערעכט, נים זיא שרעקט דאס מיך, דאס איז מיין איינע־נער שולד."

נאכדעם האט מאגדאלען אויפגעגעבען דעם קאמפף און האט געמיזט נאכ־געבען, אז זשענעוויוו זאל בלייבען. און ענדליך האט מאגדאלען אנגעהויבען צו זעהן אין זשאק'ן דעם דעמאן, וואס זשענעוויוו האט געזאגט, אז ער זיצט אין איהר.

„איך מוז זיין נידערטרעכטיג, פלעגט זיא צו זיך זאגען, ווען דיזע פרוי בעט־ראכט מיך וויא אן אונריינע חיה, וועמעס קאפ זיא וואלט גערן צערשמעטערט מיט'ן אבסאץ פון איהר שוך."

און מאגדאלען האט אנגעהויבען צו קוקען אויף זיך אליין מיט האס. איהר האט אויסגעוויזען, אז איהר פערלדינע הויט פערדעקט עפעס א שרעקליכע בעסטיע דער רעליגיעזער וואהנזין פון דער פאנאטישע פרוי האט אויף איהר געמאכט אזא שרעקליכען איינפלוס, אז זיא פלעגט זיצען שטונדען לאנג און צוהערען זיך צום טייוועל אין איהר ברוסט.

וויליאם האט איהר נים געקענט פערטהיידיגען פון דער פאנאטישער פרוי, ווייל ער האט געקוקט אויף זשענעוויוו וויא אויף א בעגייסטערטע פראפעטין (נביאה). דאך האט ער פון גאנצען הארצען געוואונשען, אז זיא זאל זיך אריבער־ציהען אין איהר שטיבעל ביים ענדע פארק, נאר ער האט דאס נים געוואגט צו זאגען איהר, ווייל זיא האט געווינט דאס ווינקעל פון זיין פאטער און זיין אייגענע. און ווען זיא פלעגט זיך קריעגען מיט מאגדאלען, פלעגט ער אנטלויפען; נאר זיי פלעגען איהם שטענדיג כאפען, און מאגדאלען האט איהם אויפגעווארפען פאר

וואס ער ערלויבט זאנגעוויזען צו זידלען איהר, און זשענעוויוו האט איהם מעזאגט, אז ער נעהט מיט אפענע אויגען אין גהנם אריין דערמיט, וואס ער לעבט מיט אזא זינדיגע, וויא זיין ווייב איז. ער פלעגט נאר קענען בעטען זיי ביידען, אז זיי זאלען שווייגען און ניט מאכען זיין לעבען אזוי ביטער.

ווען ער פלעגט זיי זעהן צוזאמען, האט ער שטענדיג ערוואַרט א סצענע און ער איז דיא גאנצע צייט געווען אין איין מורא און ציטערניש. זשענעוויוו האט זיך אריינגענומען אין קאפּ, אז אויף איהר ליגט דיא פליכט ארויסצורייסען איהם פון מאנדאלען'ס הענד און זיא האט מיט אלע קרעפטען געשטרעבט צו דעם ציעל.

— הער, מיין זוהן, פלעגט זיא זאגען צו איהם. פאר וואס קומסטו ניט אריין אין מיין צימער צו בעטען גאָט, וויא דוא פלעגסט עס טהאן, ווען דוא ביזט געווען א קליין קינד. דוא וועסט מיר נאכזאגען דיא תפילות, וויא דוא פלעגסט עס טהאן דאמאלס און גאָט וועט דיך בעהיטען פון דיא שרעקען פון דער נאכט.

וויליאם האט זיך געמאכט, ניט הערענדיג, און דאן האט זיא איהם דייטליכער ערקלערט, וואס זיא וויל.

— דוא קענסט נאך ראטעווען זיך פון דעם שטן'ס הענד, האט זיא געזאגט צו איהם, אויב דוא וועסט ווידערהאלען דריי מאל דיא ווערטער, וואס איך וועל דיר אויסלערנען דיא ווערטער זאלסטו זאגען, ליגענדיג אנגעשפּארט אויפ'ן אקסעל פון יענער בעשעפעניס.

מאנדאלען איז געווען אנוועזענד, ווען זשענעוויוו האט דאס גערעדט, און זיא האט זיך צוגעהערט צו דיא ווערטער פון דער וואהנזיניגער פרוי, מיט א טעמפּען ווייהטאָג אין הארצען.

דאן האט זשענעוויוו געזאגט דיא ווערטער, וועלכע האבען געדארפט פערוואנדלען מאנדאלען אין א בארג אש און שטויב.

— „ארויסגעלאָסענע מאכטער פון גהנם. קעהר זיך צוריק צו דיא פלאמען, פון וועלכע דוא ביזט געקומען מיט דער אבזיכט צו פערנארען מענער אין דיין נעץ אום זיי זאלען געהן כף־הקלע. זאל דיין הויט ווערען שווארץ און פערוואקסען זאלסטו ווערען מיט דיינע רויטע האר איבערן גאנצען לייב וויא א ווילדע בעסטיע. קעהר זיך אום צוריק, פון וואנען דוא ביזט געקומען. אין דעם נאמען פון גאָט הייס איך דיר, אז דוא זאלסט אוועק פון דאנען!“

דיזען שפרוך האט זיא ווארשיינליך געמאכט אליין: מען האט עס געדארפט זאגען דריי מאל מיט געוויסע קאבאליסטישע צייכענס. און נאָכ'ן דריטען מאל האט דיא שעהנע בעשעפעניס געדארפט פערוואנדעלט ווערען אין א בארג אש.

דיזער זעלטזאמער צוזאמענמיש פון רעליגיאָן און צויבערייי האבען געמאכט אין גאנצען פערגעסען דעם מאן און ווייב אויף וואס פאר א וועלט זיי זיינען. מאג־דאלענ'ס פערשטאנד איז צייטענווייז אין גאנצען פערדונקעלט געווארען אונטער דיא שרעקליכע גייסטיגע קלעפ, וואס זיא האט געקריגען פון דער אלטער פרוי. דער שלאס איז אנגעפילט געווארען מיט איהרע שפרוכען, און גאנץ אָפט פלעגט זיא דורך דיא גאנצע נעכט זאָגען תהלים.

אויסער זשענעוויוו איז געווען נאך א געגענשטאנד, וואס האט זיי פערביטערט דאס לעבען. דיא קליינע לוסי איז מיט יערען טאג געווארען עהנליכער צו זשאק'ן. איהר אָטע האט איצט געקריגען א פלאץ אין ווערטייל, און לוסי איז דיא גאנצע צייט געבליבען אין דער היים. וויליאם האט ניט געוואגט צו זאגען, אז ער האט פאר איהר מורא, נאר ער פלעגט אויסמיידען צו דענקען וועגען איהר. לוסי פלעגט זיך ניט שפיעלען וויא אנדערע קינדער; זיא פלעגט זיצען שטונדען־לאנג שטיל און פערטראכט. זיא האט מיט'ן שארפען אינסטינקט פון א קינד דערפיהלט, אז מען ליעבט איהר ניט, וויא פריהער און דאס האט איהר געמאכט טרויעריג. מאגדאלען האט בעמערקט, אז וויליאם האט פיינד געריש און האט אזוי אָפט געהייסען לוסי'ן צו זיין שטיל, אז דאס קינד איז געווארען שרעקעדיג און האט אנגעהויבען ארומצו־געהן מיט שטילע און פאָרזיכטיגע טריט. איהר ליעבלינגס פלאץ איז געווען נעבען פייער, וואו זיא פלעגט זיך צוזאמענדרייען און האלטען איהרע פיסלאך אין דיא הענד. צייטענווייז האט זיא געקוקט אויף איהר פאטער מיט אזעלכע אויגען, וויא זיא וואלט איהם וועלען פרעגען, פאר וואס ער האט איהר מעהר ניט ליעב. אין דיזע מאָמענטען איז זיא געווען אזוי עהנליך צו זשאק'ן, אז וויליאם האט אויף איהר ניט געקענט א קוק טהאן.

זיא האט דאן אויסגעזעהן אזוי אלט, אזוי קלוג, אז וויליאם האט פערגעסען איהרע יאהרען, און איהם האט געדאכט, אז זיא פערשטעהט דיא גאנצע מעלאנ־כאָלישע געשיכטע און האט כמעט ערוואַרטעט, אז זיא וועט מיט איהם פערציהען א רייד וועגען איהר עהנליכקייט צו זשאק'ן.

צייטענווייז פלעגט לוסי מעהר וויא קוקען אויף איהר פאטער. זיא פלעגט צו איהם צוגעהן און אויסשטרעקען איהרע הענטלאך מיט דיא ווערטער:

— נעהם מיך! נעהם מיך!

זיא האט ניט געקענט איבערטראגען איהר אבגעזונדערטקייט און האט זיך געגעטהינט אין ליעבע, אין קוסען און גלעטען. ווען וויליאם האט זיך ניט אונ־טערגעגעבען צו איהר בעטען, פלעגט זיא זיך איינשפארען מיט ליידענשאפטליכען

כעס, און ווען דער פאטער האט זיך ארויסגעריסען פון איהרע קליינע הענטלאך, איז זיא געלאפען מיט א געוויין צו דער מוטער. מאגדאלען האט געליטען פאר איהר קינד, נאר זיא האט ניט געוואגט צו נעהמען איהר אויף דיא הענד און גלעטען איהר, אום ניט צו ערגערען דעם מאן. נאר ווען דאס קינד איז צו איהר צוגעלאפען מיט א געוויין, האט זיא זיך ניט געקענט העלפען און האט גענומען דאס קינד אויף דיא הענד און האט מיט קושען אבגעווישט דעם קינדס טרערען.

א מאל ווען דער פאטער האט לוסי'ן גראב אבגעשטופט, איז זיא צוגעלאפען מיט א געוויין צו דער מוטער.

— דער פאפא האט מיך א זעץ געטהאן! האט זיא געיאמערט. איך האב איהם ניט ליעב!

וויליאם איז איהר נאכגעגאנגען, בערייהענדיג זיין ברוטאליטעט.

— זעה, טהייערע, אט איז דער פאטער, האט מאגדאלען געזאגט צו איהר. ער וועט דיך א קוס טהאן, אויב דוא וועסט זיין גוט.

נאר לוסי האט מיט שרעק איינגעגראבען איהר געזיכט אין דער מוטערס אקסעל.

דיא אנוועזענהייט פון דעם קינד איז געווען פאר'ן פאטער און מוטער א שטענדיגע, אונאויפהערליכע אבקומענים. עס האט זיי אויסגעוויזען, אזוי וויא זשאק אליין וואלט מיט זיי דא געווען. וויליאם האט נאך אלץ ליעב געהאט זיין קינד און פלעגט זיך אפט ווענדען צו איהר, אום צו נעהמען איהר אויף דיא הענד, נאר דערזעהענדיג אויף איהר געזיכט דעם אויסדרוק, וואס איז געווען אזוי עהנליך צו זשאק'ס, פלעגט ער זיך פון איהר אבווענדען,

— „איך האב ניט קיין וויב און איך האב ניט קיין קינד, פלעגט ער זאגען צו זיך אליין. וויא עס שיינט האט זשאק זייביידען."

איין אבענד איז לוסי אנשלאפען געווארען אויפ'ן טעפיך נעבען פייער. איהר שלאף איז געווען אן אונרוהיגער און מאגדאלען האט איהר גענומען אויף דיא הענד, אום צו לעגען איהר אין בעט. ביים אויפהויבען איהר, האט זיא בעמערקט, אז דאס קינד האט היץ און זיא האט זיך ענטשלאסען ניט אבצוטרעטען פון איהר דיא גאנצע נאכט. זיא האט געהייסען ארייינטראגען דאס קינדערשע בעטעל אין איהר צימער און איז געזעסען נעבען איהר דיא גאנצע נאכט און אבגעהיט איהר. וויליאם האט בעאבאכטעט זיין וויב, ווען זיא איז געזעסען אנגעבויגען איבערן קינד און איהם האט געדוכט, אז דאס איז א חלום.

אין דער פריה האט דער דאקטאר געמעלדעט, אז דאס קינד האט א שאר־לאך פיעבער. זיא האט אין גאנצען פערגעסען אן וויליאמ'ס עקזיסטענץ, אזוי פער־זארגט איז זיא געוועזן פון דעם קינד'ס קראנקהייט, וועהרענד וויליאם האט זיך דיא גאנצע צייט געפלאגט מיט'ן פינסטערן געדאנקען: צו זיא זארגט ניט אזוי שטארק וועגען קינד, ווייל עס איז עהנליך צו זשאק'ן?

אמאל ווען ער איז געבליבען אין סאלאן אליין, האט ער זיך געפרעגט, וויא וואלט ער זיך געפיהלט, ווען זיין ווייב זאל איצט אריינקומען און זאגען איהם, אז זייער קינד איז טוידט? און זיין גאנצעס וועזען האט אויסגעשריען, אז ער וואלט בעגעגענט דיזע נאכריכט וויא א גרויסע ערלייכטערונג. ער האט א שוידער גע־טהאן און געפרעגט זיך אליין, אויב ער איז ניט קיין מערדער? היינט ווינשט ער אז זיין קינד זאל שטארבען און מארגען וועט ער עס פיליכט אליין ערמארדען.

זשענעוויוו האט נאך פערגרעסערט זיינע שמערצען. דעם ערסטען טאג, וואס לוסי איז קראנק געווארען, איז זיא אריין אין צימער פון דער קראנקער און האט נביאות געזאגט, אז זיא וועט שטארבען און גאט וועט איהר צונעהמען פאר דיא זינד פון דיא עלטערן. זיא האט געוואלט העלפען מאגדאלען, נאר זיא האט ניט אויפגעהערט איהרע דראהונגען. ענדליך האט איהר מאגדאלען געהייסען פערלאזען דאס צימער. איצט האט זיך זשענעוויוו גענומען צו וויליאמען און האט איהם פערפאלגט אויף שריט און טריט מיט גאט'ס צארן און מיט'ן גהנם. ער פלעגט פון איהר אנטלויפען אזוי גיך וויא ער האט געקענט, נאר ער האט זיך ניט געהאט וואו הינצוטהאן. ער איז אריין אין צימער פון דער קראנקער און באלד ארויס און ווידער אריין און האט געוואנדערט איבער דיא קארידארען, פון וואנען ער האט געקענט הערען, וויא דאס קינד רופט איהם.

— פאפא! פאפא!

דריי וואכען לאנג האט זיך ביי זיי יעדע מינוט געביטען פערצווייפלונג און האפנונג. ענדליך האט דער דאקטאר געזאגט צו דער מוטער, אז זיא קען האפען.

דיא קראנקהייט האט געדויערט לאנג און וויליאם האט איצט געהאט א נייע בעאונרוהיגונג. ער האט בעמערקט אין מאגדאלען א מינע, וואס האט איהם דער־מאנט אן זשאק'ן, און ער האט איצט אנגעהויבען צו שטודירען זיין ווייב. איהר יעדען קעהר און ריהר און יעדען אויסדרוק, און ער איז באלד געקומען צום שלום, אז אן איהר האט זיך אנגעקלעבט פיעל פון זיין „איך", פון זיין פערזענליכקייט, פון זיין אינדיווידואליטעט. דיזע ענטדעקונג איז פאר איהם געווען א גרויסער קלאפ.

דיא ענטדעקונג איז געווען א ריכטיגע, ווייל מאנדאלען איז אין פיעל הינזיב־טען געווען עהנליך צו זשאק. זיא האט געברויכט זיינע פראזען. און איהר נעלעב־טער איז געווען אן אבשפיגלונג פון זיינעם. פאר א געוויסע צייט איז דיא עהנליכ־קייט פערשוואונדען געווארען, נאר צייט ער האט זיך צוריקגעקעהרט, איז ער ניט ארויס פון איהר זינען און דיא עהנליכקייט האט זיך צו איהר צוריקגעקעהרט מיט טעהר שטארקייט.

וויליאם איז אפט א פערציטערטער געווארען פון א געוויסען טאן אין איהר שטימע, און ער האט זיך ארומגעקוקט. וויא ער וואלט ערווארטעט צו בעגעגענען מיט דיא אויגען זיין אלטען פריינד. ער האט געפיהלט אזוי וויא דיא מארך ווערט איהם געריהרט. ניט נאר דאס קינד איז געווען א לעבעדיג בילד פון זיין חבר, זאנדערן זיין ווייב האט צו איהם געגומען רעדען מיט זיין טאן און זיינע תנועות. מאנדאלען האט זיך געענדערט, איהר מוטערליכע רוהיגקייט, זארגלאזיגקייט פון איהר געזיכט איז פערשוואונדען געווארען. זיא האט פערלארען אין גאנצען איהר זיסען און רוהיגען חן, דעם חן פון א ווייב און א מוטער.

א מאל ביי נאכט האט ער דערהערט, וויא זיין ווייב האט ארויסגעלאזט א שטיקען זיפץ און עטליכע ווערטער פון שלאף. ער האט זיך צוגעהערט: „זשאק!“ האט זיא געזאגט: „זשאק!“ ער איז געשווינד אראבגעשפרונגען און האט איהר מיט דער האנד גענומען וועקען פאר'ן אקסעל.

— מאנדאלען! שטעה אויף! שטעה אויף!

גלייך וויא איהרע אויגען זיינען געפאלען אויף וויליאמען, האט זיא פער־שטאנען, וואס דא איז געווען. ער האט אויף איהר געקוקט מיט א טיעפע פער־אכטונג. זיא האט אויסגעבראכען אין א געוויין. אין דיזען מאמענט האבען א פאר פסוקים פון תהלים דערגרויכט צו זיי. דאס האט געזונגען זשענעוויוו איבער זיי און דיא ווערטער האבען זיך אראבגעקייקעלט פון דיא טרעפ ביז צו זייער צימער. דאס איז ניט געווען קיין צופאל, נאר היינטיגע נאכט האט איהר קול געקלונגען אזוי, וויא ער וואלט פערקינדיקט עפעס אן אונגליק. מאנדאלען האט זיך צוגעהערט און האט געציטערט פון קאפ ביז דיא פיס. עס האט איהר געשיינט, וויא א לויה געהט דורך דיא קארידארען פון שלאס. זיא האט אומגעקעהרט דעם קאפ און א קוק געטהאן אויף איהר מאן; ער איז געלעגען מיט ביידע הענד פערבראכען אונטערן קאפ און האט געקוקט אויפ'ן סופיט (צימערדעקע). מאנדאלען האט צו זיך געזאגט, אז זשענעוויוו'ס תהלים זאגען איז נאר צו דערמאנען וויליאמען וועגען דער שפרוך, װאס זיא האט איהם געלערנט, אז ער זאל פערשילטען זיין ווייב. און איהר האט

ארסנעדוכט, אז ער וועט זיך באלד אנשפארען אן איהר אקסעל, וועט מאכען דיא דיא קאבאליסטישע צייכענס און ויעט אנהויבען: „דוא, קינד פין גיהנום....“

ווער וויס! פילייכט וועט זיא פערוואנדעלט ווערען אין א בארג אש און שטויב. א קינדערשער שרעק האט איהר אנגעכאפט און איז צוגעקראכען צום בעט און געלעגט זיך נאר אויפ'ן ראנד. דיא צייהנער האבען ביי איהר געקלאפט און זיא האט זיך יעדע מינוט געשראקען, אז אט געהט וויליאם צו צו איהר און מאכט דיא קאבאליסטישע צייכענס. דאס וואס ער ליגט מיט אפענע אויגען, וויזט, אז ערווארט נאר, ביז זיא וועט איינשלאפען. דיזע ציטערניס האט איהר געהאלטען דיא גאנצע נאכט. אויסער דעם האט זיא מורא געהאט איינצושלאפען, אום זיא זאל ניט ארויסברענגען ווידער א מאל זשאק'ס נאמען אויף איהרע ליפען.

נאך דער נאכט האבען מאן און ווייב ביי א שטומער איינשטימונג. אהנע צו זאגען איינער דעם צווייטען א ווארט. פערנומען בעזונדערע צימערן, וואס איז גע־ווען טהאטזיכליך א מין שיידען זיך. ציט זשאק'ס ערשיינען, האבען זיי ביסלאבוויז, ביסלאבוויז געגומען זיך צו דעם שיידען, נאר זעלטזאמער פון אלץ איז דאס, וואס איצט האבען זיי איינער דעם צווייטען ליעב געהאט מעהר וויא פריהער. צווישען זיי האט זיך געלעגט אן אבגרונד, אבער דאס האט זיי ניט געשטערט צו שטעהן פוןביידע זייטען און בעוואונדערן איינער דעם צווייטען פון דערווייטענס.

זיי האבען געזעהן, אז זיי זיינען שוין ניט לענגער צוויי קערפערס און איין זעעלע, נאר זיי האבען געפיהלט אז אונגעוויינטע און ביטערן פערגניגען, וואס זיי זיינען דאך אינטער איין דאך.

ביז איצט האבען זיי אויסגעמיטען צו רעדען, וואס זאלען זיי טהאן, ווען זשאק וועט קומען צוריק. זיי האבען אבגעלעגט דאס רעדען וועגען דעם פון איין טאג אויפ'ן צווייטען, נאר וואס מעהר טעג זיינען אריבער, האבען זיי זיך אלץ מעהר געשראקען פאר דעם פארשטעהענדען געשפרעך, און ווען עס איז געקומען ענדע מאנאט, זיינען זייערע ליידען געווארען אונערטרעגליך. זיי האבען אזוי ווייט פער־לארען דיא ענערגיע, דעם קוראזש און מוטה, אז זיי האבען מורא געהאט אפילו ארויסצורעדען זייערע שרעקען איינער פארן צווייטען און אויף אזא אופן האבען זיי אפילו ניט געקענט אויסרעדען איינער פאר'ן צווייטען דאס הארץ און פיעל וועניג רוהיגער ווערן. ביי יעדען קלונג פון גלעקי'ל האט זיך ביי זיי געזעגענט דיא נשמה מיט'ן קערפער. ענדליך האבען זיי בעקומען אין דיא לעצטע טעג פון מאנאט פעב־רואר א בריעף פון זשאק'ן, וואו ער האט זיי געשריבען, אז זיין פריינד איז געשטאר־

בען און אז ער האט בעגעגענט א שעהנע ווידווע און איז איהר נאכגעפאהרען אין ניצצע, וואו ער וועט פיךייכט פערבלייבען נאך א מאָנאט.

ווילּיאם האט דעם בריעף דערלאנגט מאנדאלען און האט איהר געהיט, וועהרענד זיא האט איהם געלייענט. דיא איינציגע זאך, וואס ער האט בעמערקט, איז געווען וויא איהרע ליפען האבען געציטערט.

איצט האבען מאן און ווייב ארויסגעלאזט א לאנגען זיפץ פון ערלייכטערונג.

נאר דאס לעבען אין שלאָס איז געוואָרען אונענטרעגליך. איין פריהמארגען, ווען זיי זיינען ארומגעגאנגען אין פארק, האבען זיי דערזעהן דיא בעטלעריג׳ם גע־זיכט. זיא האט זיי נאכגעקוקט דורך דיא שטאנקעטקעס פון דעם פארקאן. ווארשיינליך איז זיא צופעליג געקומען אהער, נאר זיא האט דערקענט מאנדאלען, ווייל זיא האט אנגעהויבען צו זינגען א ליעדעל, וואס זיי פלעגען אמאל זינגעןביידע, וועהרענד זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט פון זייערע פרייליכע שפאצירס א היים:

ער וואר א רייכער, דער פאשא,
זיין נאמען וואר מוסטאפא.
טרא־לא־לא, טרא־לא־לא.

דאס טרא־לא־לא פלעגען זיי ענדיגען מיט א ווילדען געלעכטער. מאנדאלען און ווילּיאם זיינען געשווינד אוועק פון פארק און אריין אין הויז, און פון דאן אן האט מאנדאלען ניט געקענט אריין אין פארק, אז זיא זאל ניט בעגעגענען מיט דיא אויגען דיא בעטלעריז, וועלכע האט געהאלטען אין איין ארומוואנדערן ארום פארק, און זינגען דאס ליעדעל וועגען דעם רייכען פאשא. יעדעס מאל וואס מאנ־דאלען האט איהר דערזעהן פון פענסטער, האט זיא א שווידער געטהאָן. איהר האט אויסגעוויזען, וויא דער גייסט פון איהר פריהערדיגער לעבען וואנדערט דא ארום.

זיא האט געטראכט ווענדען זיך צו דער פאליציי, אז מען זאל פערטרייבען פון דאנען דיא וואהנזיניגע פרוי, נאר זיא האט מורא געהאט, אז דערפון זאל ניט ארויסקומען עפעס א סקאנדאל און האט בעסער בעשלאסען צו ווייבען פון דיא פענסטער.

און איצט האבען מאן און ווייב פערשטאנען, אז אין שלאָס קענען זיי לענ־גער ניט פערבלייבען און עס איז צייט, אז זיי זאלען אוועקפאהרען אין פאריז, וואו זיי וועלען ניט הערען דיא בעטלערינס געזאנג און זשענעוויוו׳ס לייענים און אויך וועלען זיי בעפרייען זיך פון דער אנוועזענהייט פון זייער מאכטער. זיי האבען נאך א וואך צוויי אדער דריי, ביז זשאק וועט צוריקקעהרען פון ניצצע, און גלייך וויא לומי איז פאלקאם געזונד געוואָרען, זיינען זיי אוועקגעפאהרען אין פאריז.

## XIV.

פינף יאהר איז וויליאמס הויז אין פאריז געשטאנען לעדיג; וויליאם האט דיא הויז ניט פערדונגען, ווייל ער האט זיך געריכט צו פאהרען יעדען זומער אין פאריז.

נאך זיין חתונה האט ער די הויז איבערגעגעבען צו א טרייען און אלטען דיע־נער פון דעם שלאס, אז ער זאל אויף איהר אכטונג געבען, און ווען וויליאם און מאגדאלען זיינען איצט אנגעקומען, האבען זיי דיא הויז געפונען אין דער בעסטער ארדנונג. דעם גאנצען וועג האט זיך וויליאם ניט געקענט בעפרייען פון א פייני־גענדען געדאנק, אז ער וועט דארטען געפינען זשאק'ס בילד ביי זיך אין צימער און אזויא איז דאס ווירקליך געוועזן. ער איז אריין אין הויז דער ערסטער און האט נאך צייט געהאט ארונטערציכאפען דאס בילד פון דער וואנד און בעהאלטען עס, איי־דער מאגדאלען איז אריינגעקומען.

וויליאם און מאגדאלען האבען ניט גערעכענט צו פיהרען דא אן איינזאמעס לעבען. נאך דעם גרויסען שלאס, האט זייא דאס הייזעל אין פאריז אויסגעוויעזען זעהר קליין און זייא האבען בעשלאסען צו בעזוכען געזעלשאפט. דעם זעלבען טאג זיינען זיי אוועק צו די דע־ריעס, וועמעס האטעל האט זיך געפונען אין זייער נאכ־בארשאפט, נאר זיי האבען זיי ניט געטראפען אין דער היים. נאר אבענד־צייט זיי־נען דיא ריעס געקימען צו זייא צוזמען מיט טיבורס. דער אלטער האט אויסגעזעהן זעהר שלעכט, דאך האט ער זיך געהאלטען שטאלץ און סארקאסטיש ווי אימער. טיבורס האט אויסגעזעהן בייז אין אין א שלעכטע לוינע.

וואס אנבעלאנגט צו העלען האט זיא זיך אזויא געענדערט אז מאגדאלען האט שיער ניט אויסגעשריען פון פערוואונדערונג, ווען זי האט איהר דערזעהן. ז'א האט אין גאנצען אוועקגעווארפען דיא פארב מיט די פודער און האט אויסגעזעהן וויא א טרויעריגע אלטע פרויא מיט גרויע האר.

דער שטענדיגער געברויך פון קאסמעטיקעס, פון פארב אין פודער, האט עס געמאכט און האט ארויסגערופען רויטע פלעקען אויף איהר געזיכט. איהרע אויגען זיינען געוועזן האלב פערדעקט מיט איהרע שווערע ברעמען און דיא ליפען זיינען געוועזן בלייך און צודארט. עס האט אויסגעזעהען, אזוי ווי זי האט פלוצים ארונטער געריסען דיא מאסקע, וואס האט פריהער פערדעקט איהר געזיכט. העלען איז איצט אלט געוועזן פינף און פיערציג יאהר, נאר זיא האט אויסגעזעהן וויא פון זעכציג. זיא האט אויך אוועקגעווארפען איהרע קאקעטישע גראציעס און איז איצט געוועזן נער־וועז און שרעקעדיג.

ביי זייער אריינקומען האט זיך טיבורס א ווארף געטהאן צו וויליאמען מיט זיין איבערטריבענעם ענטהוזיאזמוס, און אזוי וויא העלען איז ניט געווען פלינק גענוג ארויסצולאזען זיין ארם פון איהרען און ער האט זיך צוקיעט דעם פערפלאנטערט אין איהר שלעפע, האט ער איהר א לייכטען שטופ געטהאן פון זיך און א ווארף געטהאן אויף איהר א בליק, אז זיא האט זיך צוגעקוועטשט צו דער וואנד מיט אן אויסדרוק פון שרעק אויף איהר געזיכט.

איהר מאן האט גאנץ גוט געזעהן דיא קליינע סצענע. נאר פון זיינע ליפען איז ניט פערשוואונדען דער פריינדליכער שמייכעל און ער האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג.

וויליאם האט אוועקגערופען טיבורס'ן אין צווייטען צימער, אום צו רויכען ווייל איהם האט געטהאן לייד צו קוקען אויף העלען.

ווען דיא דאמען זיינען געבליבען אליין מיט'ן הערר דע־ריע, האט העלען גע־זאגט צו מאנדאלען מיט א ביטרען טאן:

— איך האב פאר איהם (טיבורס'ן) געטהאן וואס איך האב געקענט, נאר ער קוקט אויף מיר ניט מעהר, וויא אויף א מיטעל, דורך וועלכען ער קען דער־גרייכען צו זיין ציעל.

אין דער זעלבע צייט האט טיבורס געזאגט צו וויליאמען אין צווייטען צימער:

— איך האב קיין ערפאלג ניט.

טיבורס האט גוט געוואוסט, אז העלען האט געטהאן יעדע זאך, וואס זיא האט געקענט, אום איהם צו העלפען, נאר דאס האט איהם ניט געריהרט, ווייל עס איז נאר ניט ארויסגעקומען פון איהר טהאן. טיבורס אבער האט ניט געוואוסט, אז דער אלטער, דער ריע, צושטערט אין דער שטיל אלע פלענער, איבער וועלכע זיין ווייב ארבייט אזוי שווער. דאס איז געווען דאס בעסטע מיטעל אנצורייצען דיא דיא געליעבטע איינעם קעגען צווייטען, און ער האט געהאט דערפון פיעל פערגניגען. טיבורס האט איצט אנגעהויבען צו גלויבען, אז העלען קען פאר איהם גאר ניט טהאן, און דאס האט איהם געמאכט הארט און גרויזאם צו איהר. ער האט איצט אפען געזאגט וויליאמען, אז ער וויל זיך מיט איהר אין גאנצען צורייסען.

וויליאם האט זיך צוגעהערט מיט עקעל צו זיינע רייד. וויא ווייניג ער האט ניט געקוקט אויף דיא וועלט, האט ער דאך איהם געזעהן דורך און דורך. אויב העלענען וואלט געלונגען ארויפצושלעפען איהם אויפ'ן געזעלשאפטליכען לייטער, וואלט דיא וועלט געקוקט אויף טיבורס'ן מיט אכטונג, אזוי אבער לאכט מען פון איהם און מען קוקט אויף איהם, וויא אויף א ווערקצייג פון אן אלטער פרוי.

וויליאם האט געזאגט אז ער טהוט גאנץ גוט, וואס ער וויל זיך צורייסען מיט העלען און ער, וויליאם, וועט זעהן פאראינטערעסירען זיין פאטערס א פריינד אין טיבורס׳ן.

ווען דיא געסט האבען געדארפט אוועקפאהרען, האט דער אלטער דע־ריע שטארק געלויבט טיבורס׳ן און האט בעמערקט, אז פון טויזענד יונגע לייט איז ער דער איינציגער, וואס האט אזוי רעספעקט צו עלטער און גרויע האר, און האט איהם דארום געבעטען, ער זאל געהן נאך א קארטע, וויל עס האט שטארק גערעגענט

טיבורס איז צוריקגעקומען פון נאס דורכגענעצט און בעשמוצט. דער אלטער האט איהם געבעטען ער זאל איהם העלפען אריינשטייגען אין קארעטע און האט איהם נאכדעם צוריקגעשיקט נאכ׳ן וייב, וואס איז געשטאנען אונטערן באלקאן.

מאנדאלען האט גוט געזעהן, אז אזעלכע געסט, וויא דיא, וועלען ניט פערטרייבען זייערע טרויריגע געדאנקען; זייער הויז איז געווען צו קליין, אום אויפצונעמען געסט ביי זיך, און זיי האבען זיך בעשלאסען צו פערברענגען יעדע נאכט ערגעץ אין א סאלאן, וואו מענשען קומען זיך צוזאמען און שמייכלען איינער צום צווייטען ביז האלבע נאכט.

דע־ריע האט זיי פארגעשטעלט אין א צעהן פארנעהמע הייזער, וואו מען האט מיט פרייד אויפגענומען וויליאמען און זיין פרוי, וואס האבען געטראגען אזא הויכען טיטעל. זיי האבען יעדען אבענד נעהאט וואו צו פערברענגען און האבען זעלטען גע־זעהן איינער דעם צווייטען אונטער פיער אויגען.

דיא לעדיגקייט פון זייער לעבען איז זיי אנפאנגס זעהר געפעלען געווארען. זיי האבען וועניג געזארגט, וואו זיי פערברענגען דעם אבענד, אלע סאלאנען האבען ביי זיי געהאט איין פנים. מאנדאלען פלעגט זיך זיצען אויף א זאפע מיט׳ן שמייכעל פון א פרוי, וואס האט קיין געדאנק ניט אין קאפ. אויב מוזיק האט געשפיעלט, האט זיא דיא אויגען ניט אראבגענומען פון דער פיאנע, נאר זיא האט קיין זאך ניט גע־הערט אויב מען האט געטאנצט, האט זיא געטאנצט מיט יעדען איינעם און האט ניט געוואוסט מיט וועמען זיא טאנצט און וויא זעהט ער אויס. אזוי לאנג וויא זיא האט זיך געפונען צווישען מענשען אין גערויש און ליכט, איז זיא געווען צופריעדען. וויליאם האט פערבראכט גאנצע אבענדען ערגעץ נעבען א פענסטער און האט בע־טראכט דיא ווייסע אקסלען פון דיא פרויען און וויא זיי געהן פערקעכט, אדער ער האט זיך צוגעקוקט, ווען מען שפיעלט אין קארטען. און האט דאביי געמאכט א מינע, אז ער איז פעראינטערעסירט אין דעם, ער האט שטענדיג געהאסט געזעל־

שאפט און האט זיך איצט אריינגעלאזט אין דעם, אום צו פערגעסען אויף א פאר שטונדען זיין ווייב. און יעדען אבענד פלעגען זיי פאהרען א היים פון די בעלער מעהר פרעמד איינער צום צווייטען, וויא זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון דער היים.

מאנדאלען האט פערבראכט דיא טעג אין גערויש פון דעם פאריזער לעבען, האט בעזוכט דיא מאגאזינען, מאדיסטקעס און האט אנגעהויבען צו קליידען זיך נאך דער לעצטער מאדע. זיא איז געוואָרען בעפריינדעט מיט א פריילינבער פרוי פון דער כאדעוועלט. יענע האט ניט לאנג פערלאזט דעם קלויסטער, וואו זיא האט זיך ערצויגען, נאר זיא האט ארויס געוויזען אזוי פיעל לוסט און קענטשאפט אין רואי־נירען דעם מאנ׳ס פערמעגען, אזוי וויא זיא וואלט געווען א קאָקעטקע פון דער העכסטער קלאסע. דיזע פרוי האט מיטגענומען מאנדאלען אין אלע קלויסטערס צו הערען דיא פריסטער, וואס זיינען דאמאלס געווען אין דער מאדע. פון דארטען פלעגען זיי פאהרען אויף דעם בולאָנער וואלד צו בעטראכטען דיא קליידער פון די גרויסארטיגע קאָקעטקעס (דירנען).

וויליאם, פון זיין זייט האט געפיהרט א לעבען פון א רייכען מאן, וואס האט שוין זיינע יאהרען אבגעלעבט. ער האט געפריהשטאקט אין א קאפע־הויז, איז ארויסגעפאהרען נאך האלבען טאג שפאצירען און האט זיך געמאטערט צו געפינען אן אינטערעס אין דיא געשפרעכען פון זיין קלוב.

אזוי איז אריבער א גאנצער מאנאט און זיי איז ביידען שרעקליך נמאס גע־ווארען. זיי זיינען ניט ערצויגען געווארען אין געזעלשאפט און האבען ניט געקענט ערווערבען יענע געשליפענע גלייכגילטיגקייט, וואס ערלויבט א פערהייראטעטע פאר צו לעבען זייט ביי זייט וויא פרעמדע. דיא פינף יאהר וואס זיי האבען פערבראכט אין איינזאמקייט און ליעבע. אפילו דיא שמערצען, וואס זיי האבען פערארזאכט איינער דעם צווייטען, האבען ניט ערלויבט אזא לעבען. אומזיסט האבען זיי געוואלט צו שיידען זייערע פריידען און ליידען—זייער לעבען איז געווען איינס און האט זיך ניט געלאזט צו טהיילען.

זייערע אלטע שמערצען האבען זיך צוריקגעקעהרט מיט מעהר קראפט. דאס נייע לעבען האט זיי נאר צוגעצויגען אויף איין מינוט. נאר אזוי גיך וויא זיי האבען זיך צוגעוואוינט צו דעם, איז דיא וועלט פערשוואונדען פון זיי, און זיי האבען וויד־דער געזעהן איינער דעם צווייטען. דאך האבען זיי פארטגעזעצט זייערע בעזוכען אין דיא סאלאָנען. אכץ, וואס זיי האבען געזעהן, איז געווען פערוויקעלט, וויא אין א נעבעל. דיא מוזיק האט געקלונגען אין זייערע אויערען וויא א יאָמער־געשריי. דיא

נעפורערטע נעזיכטער האבען אויסגעזעהן אין זייערע אויגען וויא פערוויינטע און אין געלעכטער האבען זיי נאר געהערט א שמערץ.

דאס איז געווען א מעלאנכאליע, דאך האבען זיי נים געקענט אורטהיילען ווענען דיא, וואס זיינען געווען ארום זיי.

מיט'ן טהעאטער איז געווען דאס זעלבע; זיי האבען דארטען בלויז געזעהן דיא דעקאראציאנען און געהערט וויא דיא אקטיארען האבען ארויסגערעדט דיא אויסגעלערנטע ווערטער מעכאניש, אזוי וויא זיי וואלטען געווען מאשינען.

אין איין מאנאט האבען זיי אויסגעהערט אלע רכילות פון דער געזעלשאפט, וויא דער אין דער מאן איז דער געליעבטער פון דער און דער פרוי, וויא יענער בענעהמט זיך שלעכט מיט זיין פרוי, און ז. וו. דאס האט זיי שטארק פערוואונדערט. וויא קען מען ליעבען אזוי נידערטרעכטיג? פאר וואס זיינען זיי, וויליאם און מאגדאלען, אזוי אונגליקליך פון דעם איינעם שאטען פון דיא פערגאנגענהייט. זיינען זיי בעסער און געפיהלפאלער פון דער גאנצער וועלט?

זיי האבען דערפיהלט א גרויסע פעראכטונג צו אלע יענע פערזאנען, וואס זיינען געווען פיל שולדינער פון זיי און האבען זיך דאך געפיהלט גליקליך.

אומזיסט האבען זיי געוואלט צו פעראינטערעסירען זיך מיט פרעמדע. מאגדאלען איז דאן געווען בליהענד־שעהן און ארום איהר האבען זיך שטענדיג ארומגעדרעהט פיינע העררן, נאר זיי האבען אלע אויסגעוויזען לעכערליך אין איהרע אויגען, וויליאם, פון זיין זייט, האט אויך געקוקט מיט עקעל אויף דיא פרויען ארום.

אין דיא ווירקליכקייט זייגען וויליאם און מאגדאלען געווען שטארק צוגעבונדען איינער צום צווייטען, האבען זיי דאך געפיהלט דיא צערטליכקייט אין הארצען. זיי האבען געהערט איינער צום צווייטען, און יעדער שרים, וואס זיי האבען געמאכט צו שיידען זיך, האט נאך גרעסער געמאכט זייערע שמערצען.

א מאנאט צייט איז קוים אריבער און זיי האבען זיך אבגעזאגט פון געזעלשאפט און זיי האבען זיך ווידער איינגעשפארט אין זייער קליין הייזעל אין דער בולאנער גאס.

וויליאם האט פריהער פיעל מאל געזאגט, אז מאגדאלען איז דער מאן אין זייער ווירטהשאפט און ער איז דער שוואכערער און פאלגט איהר, וואס זיא זאגט. אין דער ווירקליכקייט האט דאס זעלבע נאטור־געזעץ, וואס האט געצוואונגען מאגדאלען נאכצואהמען זשאק'ן, געצוואונגען וויליאמען נאכצואהמען מאגדאלענ'ס שטימע און איהרע בעווענונגען. ער האט דאס איצט בעמערקט און האט מיט שרעק געזאגט, אז ער איז א שקלאף פון א שקלאף.

— אה! האט מאַנדאַלען געטראַכט, קוקענדיג אויף איהם פון צייט צו צייט מיט א זעלטזאמען אויסדרוק. ווען ער זאל נאך זיין עטוואס מעהר ענערגיש, דאן וואלטען מיר געווען געראטעוועט. ווען ער זאל איבער מיר בעפעהלען און הערשען מיט קלעפ און מיט דראהונגען, וואלט נאך אלץ געווען גוט. מיר דוכט, אז איך וואלט געליטען וועניגער, ווען ער זאל מיך איין מאל איבערראשען מיט זיין שטאר־קייט.

וויליאם האט געלעזען דיזע געדאנקען אין מאנדאלען'ס אויגען און האט אנ־ערקענט, אז ווען ער זאל זיך ווייזען שטארקער וואלט ער זיך געקענט צווינגען צו פערגעסען. אנשטאט צו זיצען און שוידערן מיט איהר, האט ער בעדארפט בלייבען רוהיג און צווינגען איהר, זיא זאל אויך זיין רוהיג.

ווען דיזע נייע געדאנקען זיינען וויליאמען אריין אין קאָפּ, האט ער זיך אנגע־הויבען ארויפצוואוארפען אויף זיך דיא גאנצע שולד פון זייער אונגליק און ער איז נאך מעהר געווארען פערצווייפעלט.

זשאק'ס שווייגען האט זיי געשראקען. זיי האבען מורא געהאט, פיליכט איז ער שוין אין פאריז. דערווייל איז זיי זייער איינענע הויז אזוי נמאס געווארען וויא דיא פרעמדע סאלאָנען און זיי האבען זיך בעשלאסען צו פאהרען צוריק א היים, נים וויל זיי האבען ערווארטעט צו זיין דארטען גליקליכער און נים נראדע דערפאר וואס זיי האבען מורא געהאט פאר זשאק'ן, דען ער האט אין שלאָס אויך געקענט טרעפען, נאר דערפאר וואס זיי האבען געוואלט אומבייטען דיא סצענע און האבען געהאָפט, אז דערפון וועט זיי ווערען אביסעל לייכטער.

דעם אבענד פאר זייער אבפאהרען זיינען זיי געגאנגען צו דיא דע־ריעס, זיי האבען זיי שוין א צייט נים געזעהן. דער דיענער האט זיי געזאגט, אז דער הערר איז געפעהרליך קראנק און דער דאָקטאָר זאָגט, אז עס איז שוין נימא קיין האָפ־נונג, אז ער זאל געזונד ווערען

זיי האבען שוין געוואלט אוועקגעהן, ווען א צווייטער דיענער איז ארונטער־געגאנגען און געמעלדעט, אז מען בעט זיי ארויפצוגעהן אויבען. ווען וויליאם און מאנדאלען זיינען אריין אין דעם צימער פון דעם קראנקען, האבען זיי דערזעהן, וויא טיבורס איז געשטאנען ביים צופוסען פון בעט און העלען איז געזעסען נים ווייט אויף א ביינקעל.ביידע זיינען געווען שטארק עררעגט; דעם שטערבענדעס אויגען האבען געוואנדעלט פון איינעם צום צווייטען מיט זיין געוואוינליכען סארקאסטישען אויסדרוק.

— מיך פרייט זעהר צו זעהן אייך, האט דער שטערבענדער געזאגט, רייבענ־דיג וויליאמען זיין האנד, און זעגענען זיך מיט אייך. איך וועל אייך שוין מעהר ניט קענען בעזוכען אין שלאָס.

אין זיין שטימע האט זיך ניט געהערט, אז דאס זאל איהם זעהר באנג־טהאָן א היבשע צייט איז געווען שטיל, ענדליך האט דע־ריע ווידער געזאגט צו זיינע געסט:

— ווען איהר זייט אריינגעקומען, האב איך געהאלטען אין איינארדענען מיינע געשעפטען. איהר זייט ניט קיין פרעמדער און איך קען רעדען ווייטער אונ־געשטערט. איך האב ערסט געזאגט אונזער גוטען פריינד טיבורס, אז איך האב איהם געמאכט פאר מיין יורש מיט דער בעדינגונג, אז ער זאל חתונה האבען מיט מיין ארימער העלען....

זיין שטימע האט זיך פלוצים איבערגעריסען. ער איז געשטארבען אזוי וויא ער האט געלעבט; כארקאסטיש, מיט א שפעטישען שמייכעל אויפ׳ן געזיכט און אומבארעמהערציג.

זיינע לעצטע שטונדען האט ער פערבראכט אין אויסזוכען א מיטעל, וויא צו פייניגען דיא צוויי זינדיגע נשמות, וואס האבען איהם גענארט אויף דער וועלט־ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז טיבורס איז זעהר גייציג און וועט ניט ארויסלא־זען דאס פערמעגען פון דיא הענד, וואס פאר א פרייז ער זאל דערפאר ניט דאר־פען צאָהלען, און אז העלען איז ניט קלוג גענוג, אז זיא זאל ניט איינוויליגען אויף אזא זאך. זיי וועלען געוויס חתונה האבען און וועלען איינער דעם צווייטען בעקר־מען דאס לעבען.

וויליאם און מאנדאלען האבען זעהר ווייניג פערשטאנען פון דער דראמא, וואס האט זיך דא פאר זיי אָבגעשפיעלט, נאר זיי זיינען אוועקגעגאנגען אזוי גיך, וויא זיי האבען נאר געקענט. טיבורס האט זיי בעגלייט ביז דער דרויסען טהיר, און געדענקענדיג וואס ער האט וויליאמען געזאגט וועגען העלען, האט ער דאס איצט געוואלט ווייבער מאכען.

— איך בין געווען זעהר אונגערעכט נעגען דער ארימער, האט ער געזאגט. זיא האט שטארק געליטען פון איהר מאנ׳ס קראנקהייט, און מיין הייליגע פליכט וועט זיין אָבצוהיטען איהר, וויא דער ווילען איז געווע׳ פון דעם פערשטארבענעם.

דערמאנענדיג זיך, אז ער האט שוין געזאגט צו פיעל, האט ער זיך פלוצים געווענדט צו וויליאמען:

— איך האב היינט בעגעגענט אייערען אַלטען פריינד.

מאנדאלען איז בלייך געווארען.

— ווער איז ער? האט וויליאם געפרעגט אונרוהיג.

— זשאק בערטיע, האט געענטפערט טיבורס. איהר געדענקט איהם, אזא צווייפעל, יענער גרויסער יונג, וואס איז געווען אין שולע אייער פערטהיידינער. ער איז איצט זעהר רייך און איז ערסט מיט צעהן טעג צוריק געקומען פון איטאליען.

וויליאם און מאנדאלען האבען געשוויגען. אין קארידאר איז געווען צו פינס־טער, אז ער זאל קענען זעהן זייערע געזיכטער.

— ער איז א נארעשער יונג, האט ער גערעדט ווייטער, און איך בין זיכער, אז אין דריי יאהר ארום וועט איהם קיין סו נים בלייבען פון זיין אנקעל'ס ירושה. ער האט מיך מיטגענומען אין זיינע צימערן, זיי זיינען אויסגעפוצט מיט'ן גרעסטען לוקסוס.

ער האט זיך צולאכט מיט דער פעראכטונג פון א מענשען, וואס האט נים אבגעטהאן קיין נארעשקייט אין זיין לעבען.

— מיר האבען גערעדט פון אייך, האט טיבורס ווייטער געזאגט, פערהאל־טענדיג וויליאמען, ועלכער האט שוין געוואלט געהן. מיר האבען גערעדט פון אייך און איך האב איהם געגעבען אייער אדרעס. ער וועט מארגען צו אייך קומען מיט א בעזוך.

— אדיע! האט וויליאם אויסגערופען, עפענענדיג דיא טהיר און ארויסלויפענדיג אין גאס.

מאנדאלען וואס איז פערבליבען א מינוט לענגער אין קארידאר האט גענו־מען ביי טיבורס'ן זשאק'ס אדרעס און איז נאכגעגאנגען איהר מאן. אין גאס האט זיא גענומען זיין ארם און זיי זיינען שווייגענד אוועק אהיים.

אין דער היים האבען זיי געפונען א בריעף פון זשענעוויוו. זיא האט זיי גע־מעלדעט, אז לוסי איז פלוצים ווידער קראנק געווארען און זיא בעט זיי אז זיי זא־לען אזוי גיך וויא מעגליך צוריקקומען.

אויף מארגען אין דער פריה ווען זיי זיינען אנגעקומען צום באהנהאף, האט מאנדאלען פלוצים געמאכט, אז זיא האט פערגעסען א פעקיל אין דער היים. זעהענדיג, וויא אונרוהיג זיא איז, האט וויליאם איהר געזאגט, אז מען וועט דאס פעקיל אבשיקען נאר אויב זיא וויל, וועט ער אליין אריבערפאהרען און ברענגען, וויל עס איז נאך פאראן צייט, ביז דער צוג וועט אבגעהן. נאר זיא האט דערפון נים געוואלט הערען.

װען דער לעצטער קלונג האט זיך דערהערט, האט זיא געשווינד ארויסגענר מען איהר האנד פון װיליאמ'ס האנד און האט איהם געהייסען פאהרען אליין און זיא װעט קומען מיט'ן צווייטען צוג.

עס איז געװעזען א פרישער, שעהנער פריה מארגען אין מאנאט אפריל. דיא לופט איז געװעזען פריש און שמעקעדיג. מאנדעלען האט זיך געלאזט געהן אויף דער זייט נאס, װאס איז געװעזען בעלויכטען פון דער זון, זיא האט איצט געװאוסט, װאס זיא האט צו טהאן. נעכטען ביי נאכט װען טיבורס האט זיי געזאגט, אז זשאק װעט קומען בעזוכען זיי, האט זיך צו איהר צוריקגעקעהרט איהר גאנצע ענטרגיע.

זיא האט זיך ענטשלאסען צו געהן צו זשאק'ן און האט צו זיך געזאגט:

„איך װעל איהם זאגען דיא גאנצע װאהרהייט און בעטען איהם, ער זאל אונז לאזען אין רוה; אויב ער װעט מיר שװערען, אז ער װעט קיין מאל מעהר ניט זוכען צו זעהן אונז, װעל איך איהם נאך א מאל בעטראכטען, װיא א טוידטען. מיין מאן װעט דאס מיר קיין מאל ניט ערלויבען צו טהאן, ער איז צו שװאך אום איינצוזעהן, װיא נויטהיג אזא שריט איז. נאר שפעטער װען ער װעט זיך בערוהי־גען, װעל איך איהם דאס זאגען און ער װעט פערשטעהן, אז איך האב געהאנ־דעלט זעהר גוט.“

זיא האט געטראכט איבער דעם פלאן דיא גאנצע פארינע נאכט און האט אויסגערעכענט אלע איינצעלהייטען; זיא האט נאך איצט געהאט גענוג צייט, װייל עס איז געװעזען צו פריה צו געהן צו זשאק'ן. זיא איז שוין יאהרען־לאנג ניט געװעזען אליין אין גאס און צופוס, און זיא איז געגאנגען זעהר לאנגזאם און האט אריינגע־קוקט אין דיא פענסטער. איהר איז אויסגעקומען פערבייצוגעהן א בלומען־מארק, זיא האט געקוקט אויף דיא רייבע, שמעקעדיגע בלומען און האט געטראכט, װיא זיא װעט אנקלאפען אין זשאק'ס טהיר, װיא זיא װעט איהם זאגען, אז זיא א ז װיליאמ'ס װייב און דאן װעט זיא צוריקקעהרען אין װעטייל, װאו זיא װעט װידער א מאל פיהרען א גליקליך לעבען מיט איהר מאן. ביסלעכווייז האט זיא אנגעהויבען צו טרוימען פון איהר צוקונפט. זשאק'ס בילד האט זיך ביסלעכווייז צוזאמענ־געגאסען מיט װיליאמ'ס און זיא האט זיך דערמאנט אן אפריל־טאג, װאס זיא האט פערבראכט מיט זשאק'ן אויפ'ן לאנד און װיא א שטורם האט איהר פער־כאפט מיט װיליאמען אויף דעם זעלבען פלאץ אין א געװיסע צייט ארום. עס האט איהר געפרייט, װאס דיא ערינערונגען פון יענער צייט האבען ביי איהר ניט ארויסגערופען קיין שום שמערצען. פלוצים האט זיא א קוק געטהאן אויפ'ן זייגער

אוּן האָט דערזעהן, אַז עס איז שוין אַ פֿיערטעל צוּ צוועלף אוּן זיא דאַרף זיך אַבּי־סעל צוּאיילען.

אביסעל צוּמישט פוּן איהרע טרוימען אוּן פוּן דעם פּערפֿיוּם פוּן דיא בּלוּמען האָט זיא זיך גיך געלאָזט געהן צוּ זשאַק׳ס וואוינונג, פערגעסענדיג אין גאַנצען דיא ווערטער, וואָס זיא האָט אַזוי זאָרגפעלטיג צוּגעריימט. זיא איז געגאַנגען מיט גיכע טריט, וויא איהר וואָלט נעטריבען עפּעס אַן אוּנבּעוואוּסטע קראַפט.

זיא איז לייכט אַרויפגעלאָפען אוֹיף דיא טרעפּ אוּן האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר.

— דאָס בּיזטוּ, מיין קינד? האָט זשאַק אוֹיסגעשריען מיט פרייד, עפענענדיג דאָס טהיר אוּן דערזעהענדיג איהר. איך האָבּ ווירקליך ניט ערוואַרטעט צוּ זעהן דיך.

ער האָט פערמאַכט דיא טהיר הינטער איהר אוּן האָט איהר דוּרכגעפיהרט דוּרך אַ צוויי דריי רייך־מעבּלירטע צימערן. זיא איז איהם שווייגענד נאָכגעגאַנגען. ענדליך האָט ער זיך צוּ איהר אוּמגעווענדעט אוּן אָנגענוּמען איהר פּאָר בּיידע הענד:

— וויא איך זעה, ווילסטוּ זיך מיט מיר איבּערבּעטען, האָט ער געזאָגט. דוּא בּיזט שוין מעהר ניט אין כּעס אוֹיף מיר, וויא דאַמאָלס אין נאַכטעס. נאָר וויא האָסטוּ אוֹיסגעפונען מיין אַדרעס? נאָר פריהער לאָמיר פערזיגלען אוּנזער פריעדען.

אוּן נאָך איידער זיא האָט פערשטאַנען, וואָס ער וויל טהאָן, האָט ער איהר אַ קוּשׁ געטהאָן מיט אַ געלעכטער אוֹיף דיא ליפּען.

מאַגדאַלען איז געבּליבּען שטעהן וויא אַ פערשטיינערטע. זיא האָט ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, זיא האָט אַפילוּ ניט צוּגענוּמען איהרע הענד, זיא האָט געדענקט, וויא דוּרך אַ חלום, אַז זיא איז געקוּמען אַהער. צוּ זאָגען דיזען מאַן, אַז זיא איז זיין פריינד׳ס ווייבּ.

ער האָט איהר נאָך אַמאָל אַ קוּשׁ געטהאָן. זיא האָט אַ ציטער געטהאָן פוּן קאָפּ בּיז דיא פיס, האָט זיך אוֹיסגעריסען פוּן זיינע הענד אוּן וויא אַן אוּנטערגע־שאָסענע האָט זיא זיך וואַנקענדיג געלאָזט צוּ דער טהיר.

— ווילסטוּ היינט ניט פערבּלייבּען מיט מיר? האָט ער איהר געפרעגט נאָכ־געהענדיג.

— ניין, האָט זיא געענטפערט נערוועז. איך האָבּ קיין צייט ניט; זיי וואַרטען אוֹיף מיר.

זשאַק איז צוּ איהר ניט צוּגעשטאַנען, נאָר ער איז איהר נאָכגעגאַנגען בּיז דיא טרעפּ אוּן האָט איהר געפרעגט:

— קענסטו ניט פאהרען מיט מיר עפעס אויף א טאג אויפ'ן לאנד?

זיא האט איהם א קוק געטהאן גלייך אין דיא אויגען און איז מיט א ווילדען מאך מיט דער האנד ארונטערגעלאפען פון דיא טרעפ און איז פערשוואונדען געווארען. זיא האט ניט פערבראכט קיין פולע פינף מינוט אין זשאק'ס צימער.

ווען זיא איז ארונטער אין גאס, איז זיא געגאנגען אהן אן אטהעם, ניט ווי־סענדיג וואוהין און נאך וואס. זיא האט וויא פריהער געקוקט אין דיא פענסטער פון דיא מאגאזינען, נאר זיא האט קיין זאך ניט בעמערקט. זיא האט געמוזט האבען א זעלטזאמען אויסדרוק אויפ'ן געזיכט, ווייל פערבייגעהער האבען זיך אבגעשטעלט און האבען איהר נאכגעקוקט.

— וואס פאר א מין פרוי בין איך! האט זיא געזאגט צו זיך אליין. איך בין געגאנגען זאגען דיזען מאן דיא ווארהייט, וואס האט מיך געדארפט אויפהויבען אין זיינע אויגען, נאר אזוי גיך וויא איך האב דערהערט זיין שטימע און דערפיהלט דיא בעריהרונג פון זיינע הענד, האט מיך מיין קראפט פערלאזען און האב ניט געקענט רעדען.

— עס איז וואהר, האט זיא פארטגעזעצט מיט א וואקסענדער ערגעגונג; זשענעוויוו איז גערעכט, אין מיר זיצט א ניט גוטער.

זיא האט ארומגעוואנדערט בייא א שטונדע צייט. פלוצים האט זיא זיך אבגעשטעלט. זיא האט זיך דערמאנט אן דער צוקונפט, אן דיא קומענדע טעג, און זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ. איהרע פיס האבען איהר נאך א מאל געבראכט אין בלומען־מארק. זיא האט געזעהן דיא זעלבע בלומען, נאר וויא וואכעדיג האבען זיי איצט אויסגעזעהן אין איהרע אויגען. זיא איז נאך א מאל דורכגעגאנגען דעם מארק און האט געזאגט צו זיך אליין:

— איך קען לענגער ניט לעבען, איך וויל ניט לעבען! דאס מוז נעהמען א ענדע!

זיא האט זיך געלאזט געהן צו זייער הויז אין דער בולאנער גאס. מיט א פאר טעג פריהער האט זיא דערזעהן אין א שופליאד א גרויסען מעסער. איצט האט זיא זיך דערמאנט אן דעם מעסער. דער שארפער קלינגעל איז געשטאנען פאר איהרע אויגען און האט איהר געצויגען צו זייער הייזעל.

נאר פלוצים איז איהר אריין אין קאפ, אז אזא מין טוידט וועט ווילאמען פערשאפען אן אומזיסטען שמערץ; און ווידער האט זיא פריהער געוואלט זעהן ווילאמען און זאגען איהם, פאר וואס זיא וויל בענעהן זעלבסט־מארד.

זיא האט זיך געלאזט געהן צום באהנהאף און האט געדרע נעטראפען צוג נאך נאכטעס.

וועהרענד זיא איז געזעסען אין וואגאן, האט איהר פערפאלגט איין געדאנק

— איך וועל זיך נעהמען דאס לעבען אין שלאס, נאר פריהער מוז איך איבערצייגען וויליאמען, אז איך מוז דאס טהאן.

דיא רעגולארע בעוועגונג פון דעם צוג האט פערשטומפפט איהרע נערווען, און דיא רעדער האבען געשיינט צו זינגען:

— טוידט זיך! טוידט זיך!

אין נאכטעס האט זיא גענומען דעם דיליזשאנס און האט זיצענדיג ארויסגע־קוקט פון פענסטער. דיא פעלדער און דיא הייזער, וואס זיינען איהר געוועזען אזוי בעקאנט, האבען צו איהר געמורמעלט דיא זעלבע שרעקליכע ווערטער:

— טוידט זיך! טוידט זיך!

אין וועטייל איז זיא ארויס פון דעם דיליזשאנס און האט זיך געלאזט געהן איבער דיא פעלדער צום שלאס. דער אבענד איז געוועזען א פיינער. געהענדיג מיט שנעלע טריט איבערן שמאלען וועגיל, האט זיא פּלוצים דערהערט טריט, וואס זיי־נען איהר געקומען אנטקעגען, און א קוויטשערדיג קול האט מיט א מאל אנגעהוי־בען צו זינגען:

עס וואר א רייכער פאשא

זיין נאמען וואר מוסטאפא

טרא־לא־לא—טרא־לא־לא

דאס איז געוועזען איהר אמאליגע חברתע, דיא איצטיגע האלב־פערריקטע בעטלערין. איהר געזאנג האט געקלונגען אומעדיג און שפעטיש אין דיזער רוהיגער שטונדע, וויא דאס געלעכטער פון א וואהנזיניגע פרוי, וואס ברעכט פלוצים אויס אין טרערען.

מאגדאלען איז געבליבען שטעהן, וויא צוגעשמידט צו דער ערד. דיא עראי־נערונגען, וואס דאס ליעד האט ביי איהר ארויסגערופען, האט איהר געשטאכען וויא מיט א טעמפען שפיז. זיא האט געהערט, וויא „גאל און גרין" קומט צו צו איהר אלץ נעהענטער און נעהענטער און זיא וועט ניט קענען אויסמיידען א בעגעג־נעניס מיט איהר. זיא האט נאך א מאל דערהערט דאס ליעדעל, און וויא טויזענד דעמאנען, רוחות, וואלטען איהר געיאגט, האט זיא אריבערגעקלעטערט איבערן פלייט און האט זיך געלאזט לויפען איבער דיא לאנקעס.

ענדליך איז זיא אנגעקומען אין שלאס. צו איהר גרויסער פערוואונדערונג

אין דער פאַרענט פון הויז געווען פינסטער און נאר פון דעם פענסטער פון דער לאַבאַראַטאָריע האט זיך געזעהן א רויטער שיין. דאס איז געווען דאס ערסטע מאָל, וואס זיא האט געזעהן יענע פענסטער בעלויכטען און זיא האט זיך א צאפּעל געטהאן פון דעם אונגעוואוינליכען אנבליק.

## XV.

אין שלאָס האט איהר ערוואַרט א נייער קלאַפּ; לוסי איז דעם טאג גע־שטאַרבען.

זיא האט שוין געהאלטען ביים שטאַרבען. ווען דער פאטער איז אנגעקומען און זיא האט איהם ניט דערקענט. זיא האט געשיינט צו קעמפּפען מיט א זאַך, וואס נאר זיא אליין האט געזעהן. ווילּיאַם האט זיך געשטעלט ביי איהר בעט אויף די קניע אין טיעפען קומער און ער האט ניט אויפגעהערט זיך אליין צו בעשולדי־גען, אז ער איז זיך מיט איהר בענאַנגען זעהר שלעכט. אויף א מינוט איז לוסי גע־קומען צו זיך און זיא האט זיך ארומגעקוקט מיט איהר זיסען קינדערשען שמייכעל, אזוי וויא זיא וואלט זיך איצט אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

נעהם מיך! נעהם מיך! האט זיא געבעטען און אויסגעשטרעקטביידע הענט־לאַך צום פאטער.

ווילּיאַם האט זיך צו איהר אנגעבויגען, אום צו דריקען איהר צו זיין ברוסט, האָפּענדיג, אז ער וועט איהר נאך ניט פערלירען. נאר זיא איז שוין געווען טויט. ער האט איהר צוריקגעלעגט אין איהר קליין בעטעל און שטעלענדיג זיך פאר איהר אויף די קניע, האט ער איהר בעטראַכטעט מיט שטומען שרעק. ניט איין טרער האט זיך בעוויזען אין זיינע אויגען, וואס וואלט איהם ערלייכטערן. די קליינע ציע־נע אויף זיין טאָכטערס געזיכט האבען זיך פערשטייפּט, און האט ווידער בעקומען יענע עהנליכקייט, וואס האט איהם אזוי בעאונרוהיגט די לעצטע צייט און וואס האט איהר געשיידט פון איהר. ער האט געפּרובט בעטען מיט די ליפּען צו גאָט, נאר פיהלענדיג, אז די מארך ריהרט זיך איהם, האט ער איבערגעלאָזט און צימע־ די אלטע זשענעוויוו און איז אליין ארויסגעגאנגען.

וויא מאַנדאַלען איז אריין אין פאַרהויז, האט איהר דאס הארץ גלייך געזאגט, אז עפּעס אן אונגליק איז געשעהן.

די הויז האט אויסגעזעהן וויא לײדיג. פון אויבען האט זיא דערהערט זשענעוויוו׳ס תהלים־זאגען וויא צו א קבורה. זיא איז נאכגעגאנגען נאך דעם קלאַנג און איז אריין אין צימער, וואו לוסי איז געלעגען און וואו זשענעוויוו האט געזאגט די קאַפּיטלאך

תהלים. מאנדאלען איז געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל. איין ליכט האט שוואך בע־לייכטעט דאס צימער. דעם גאנצען טאג איז דאס קינד נים ארויס פון איהר זינען און איצט האט זיא נים געפיהלט קיין שמערץ, ווען זיא האט איהר נעפונען טוידט. איצט שטעהט איין הינדערניס ווייניגער אין איהר וועג. איצט קען זיא בענעהן זעלבסט־מארד און נים מורא האבען, אז דאס קינד וועט זיך נייטהיגען אין איהר. זיא איז געשטאנען ביים צופוסען פון דעם נידריגען בעטיל, און וועהרענד זיא האט געקוקט אויף דאס קליינע בעשעפניס, וויא זיא איז דא געלעגען אזוי קאלט און פערגליווערט, האט זיא געזאגט צו זיך, אז אין א פאר שטונדען ארום, וועט זיא אויך זיין אזוי

דיא זיכערהייט, אז אין א שטונדע צו צוויי וועט זיא זיין אזוי טוידט, האט איהר נים געלאזט פיהלען דעם פערלוסט פון קינד. זיא האט זיך אנגעבויגען, אום צו געבען איהר טאכטער נאך א קוס. נאר זיא האט בעמערקט דיא עהנליכקייט, וואס האט פערטריבען וויליאמען פון צימער און זיא האט זיך א ציה געטהאן מיט א צאפעל א הינטער.

זשענעוויוו האט אין דער מינוט אויפגעהערט צו זאגען איהרע תפילות און האט בעמערקט, וויא מאנדאלען האט זיך א צאפעל געטהאן. זיא האט אויף מאנ־דאלען א שארפען קוק געטהאן און געזאגט לאנגזאם:

— „גאט שטראפט דיא קינדער פון דיא שולדיגע. ער רעכענט זיך מיט דיא זינדיגע ביז דעם דריטען און פיערטען דור און פערגיבט נים קיין זינד!"

מאנדאלען האט פלוצים דערפיהלט א שרעקליכען כעס צו דיזער פרוי, וועל־כע זיא האט בעגעגענט אויף יעדער שריט.

— וואס קוקט איהר אזוי אויף מיך! האט זיא אויסגעשריען. בין איך אזא פערזעהעניש? איך האב פערגעסען, אז איך וועל אייך דא טרעפען! איך האב גע־דארפט געדענקען, אז איהר ווארט שוין אויף מיר אויפ'ן שוועל פון מיין היים מיט אן אויפגעהויבענעם פינגער. אונבארמהערציג וויא דאס שיקזאל. איהר זייט דאס שיקזאל!

דיא אויגען פון דער פאנאטישער פרוי האבען געגליהט. זיא האט אויסגערו־פען מיט א ווילדער פרייד, מיט א מין פראפעטישער היץ:

— דיא שטונדע איז געקומען! דיא שטונדע איז געקומען!

— יא, דיא שטונדע איז געקומען, האט איהר מאנדאלען איבערגעריסען. איך בין מיעד געווארען ליידענדיג. איך נעהם אן מיין שטראף.... ניין, איך רוף איהר אליין ארויס. נאר נים איהר האט רעכט צו אורטהיילען מיך. איהר זייט קיין מאל

ניט נעפאלען.... איהר האט קיין מאל ניט געליעבט. איהר קענט ניט פעראורטהיילען וועגען פערזוכונג (נסיונות) פון אנדערע. קענט איהר מיר געבען טרייסט?

— ניין, ניט איך, האט געענטפערט דיא אלטע: דיינע טרערען מוזען פליסען און דוא מוזט קוסען דיא האנד, וואס שלאגט דיך.

— קענט איהר צווינגען וויליאמען, ער זאל מיך ווידער ליעב האבען? קענט איהר צוריקברענגען דיא רוה אין אונזערע הערצער? קענט איהר מיר צוזאגען, אז איך וועל זיין דיא איינציגע צו ליידען, ווען איך וועל אונטערבויגען דעם קאפ אונטער דעם רוט?

— ניין, אויב וויליאם ליידט, איז דאס איהם אזוי בעשערט פון הימעל. ער איז אויך שולדיג און גאט וויים וועמען ער שלאגט.

מאנדאלען האט זיך פון איהר אבגעווענדט מיט א שטאלצער בעוועגונג:

— אויב אזוי, האט זיא אויסגעשריען, אויב איהר קענט מיר ניט העלפען, פאר וואס פלאגט איהר מיך? איך קען זיך אליין משפט׳ן און פעראורטהיילען אהן אייער הילף.

זיא האט זיך פלוצים אבגעהאלטען, דערשרעקענדיג זיך אליין, וואס זיא האט זיך פערגעסען און איז ארויס פון זיך אין דער הייליגער אנוועזענהייט פון דעם טויד־טען קינד. זיא איז געשטאנען און האט געקוקט מיט א בענקענים נאך דער רוה, וואס איז געווען אויסגעגאסען איבער דעם טוידטען געשטאלט פון דעם קינד. זיא האט דערפיהלט אן אונבעקאנטען וואונש צו ערפאהרען, אויב דיא קאלטקייט און שטייפקייט קומט גלייך נאכ׳ן טוידט.

— אין וועלכע שטונדע איז זיא געשטארבען? האט זיא געפרעגט.

—גראדע ווען דער זייגער האט געשלאגען צוועלף, האט זשענעוויוו געענטפערט

מאנדאלען האט זיך א צאפעל געטהאן, דערמאנענדיג זיך, אז זיא האט געהערט דעם זייגער שלאגען צוועלף, גראדע דאן, ווען ער האט געהאלטען איהרע הענד אין זיינע. זשענעוויוו איז געווען גערעכט, איהרע זינד האבען דער׳הרג׳עט איהר קינד.

דיזער צופאל, וואס איהר קינד איז גראדע געשטארבען אין דעם מאמענט ווען זשאק האט איהר געהאלטען פאר דיא הענד, האט איהר א ריס געטהאן אין אין הארצען. זיא האט זיך אנגעהויבען צו פרעגען דיא פראגע, פאר וואס איז זיא אזוי ניך געקומען א היים; עפעס האט זיא געוואלט טהאן, נאר איהר מארך איז געווען אזוי צומישט, אז זיא האט זיך ניט געקענט דערמאנען, און זיא האט זיך איבערגעפרעגט נאך א מאל און נאך א מאל. פלוצים האט זיא זיך דערמאנט.

— איך ווייס שוין, האט זיא געמורמעלט. איך בין געקומען זעהן וויליאמען און דאן אבזועגענען זיך מיט׳ן לעבען.

— וואו איז מיין מאן? האט זיא געפרעגט ביי זשענעוויוו.

דיא אלטע פרוי האט נאר שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפּ אויף א צייכען, אז זיא ווייסט ניט.

מאגדאלען האט זיך דערמאנט אן דעם רויטען שיין אין פענסטער פון דער לאבאָראטאָריע און איז גיך ארויפגעלאפען איבער דיא טרעפּ אין יענעם צימער.

וויליאם איז געווען דארטען. ביז פארנאכט האט ער ארומגעוואנדעלט אי־בערן פארק. ער האט געפיהלט, אז ער מוז ערגעץ געפונען א פלאץ, וואו קיינער וועט איהם ניט שטערן און ארויסנעהמענדיג דעם שליסעל פון בעהאלטענעם פלאץ האט ער געעפענט דיא טהיר פון דעם צימער, וואו זיין פאָטער איז בעגאנגען זעלבסט־מאָרד. דאס צימער האט אויסגעזעהן נאך אומעדינער און אבגעלאזטער וויא דאמאלס. קיין מענש האט פון יענעם טאָג אן ניט אריבערגעטראטען דעם שוועל פון דער לאבאָראטאָריע. א שטויב פון פינף יאהר האט זיך דא אנגעזא־מעלט אויף אלע געגענשטענדע, וואס האבען זיך דא געפונען. דיא שפּינען האבען פערשפּרייט זייער שפּינ־וועבס פון וואנד צו וואנד, און דיא לופט איז דא געווען שווער און פערפעסטעט.

וויליאם האט אנידערגעשטעלט דאס ליכט אויפ׳ן טיש און האט א ציטער געטהאן, דערזעהענדיג נעבען זיינע פיס דעם שווארצען פלעקען פון זיין פאטער׳ס פערטריקענטעם בלוט. ער האט אנגעפאנגען צו צוהערען זיך. עפּעס וויא א פער־באָרגענע שטימע האט צו איהם גערופען און געווארענט איהם, אז דער גרעסטער שלאָג וועט איהם טרעפען אויף דיזען פלאץ.

דאס צימער, וואס איז געשטאנען לעדיג פינף יאהר, האט געשיינט צו ווארטען אויף איהם, און האט איהם בעגריסט, וויא א לאנגערווארטעטען אפּפער. וויליאם איז געשטאנען און האט זיך דערמאנט זיין גאנצען פריהערדיגען און ביטע־רען לעבען. ער האט ווידער איבערגעלעבט זיינע קינדערשע שרעקען מיט זשענעוויוו זיינע איינזאמע און טרויעריגע יאהרען אין דער שולע און דיא לעצטע שרעקליכע מאָנאטען. אלץ האט געשיינט צו טרייבען איהם צו א סוף, וואס איז שוין געווען נאר נאהענט.

ער איז דא געשטאנען א האלבע שטונדע צייט, ווען ער האט דערהערט טריט. דאס איז געגאנגען מאגדאלען. זיא איז נאך געווען אנגעטהאן אין איהרע רייזע קליידער און האט נאך ניט אראבגענומען איהר הוט און האנד־שוה. זיא איז

דא נאך קיין מאָל נים געווען, נאר זיא האט גוט געוואוסט דיא געשיכטע פון דעם צימער. ווען זיא האט איצט דערזעהן, וויא אונריין דא איז, האט זיא א שוואכען שמייכעל געטהאן. דער פּלאץ איז א גאנץ גוטער פאר איהר צו שטארבען.

— איך מוז דיר זאָגען א פּאָר ווערטער, האט זיא געזאגט צו וויליאמען מיט א קלארער, שטייפער און קאלטער שטימע.

איהר ערגעגונג איז אין גאנצען פערשוואונדען געווארען דעם קאָפּ האט זיא געהאלטען הויך, אויפגעהויבען, דיא אויגען זיינען געווען קלאָר און זיא האט גיבער אויסגעזעהן וויא א ריכטער אלס א פעראורטהיילטע.

— מיט א פּאָר מאָנאטען צוריק, האט זיא געזאגט, האב איך פון דיר גע־בעטען א געפאלען און דוא האסט מיר פערשפּראכען צו טהאָן עס. איך האב דיר געבעטען, אז דוא זאלסט מיר ערלויבען צו מאכען אן ענדע מיט מיין לעבען, ווען דער טאָג וועט קומען, ווען אונזער לעבען וועט ווערען אונערטרעגליך. יענער טאָג איז געקומען.

וויליאם האט געשווינען.

— דוא זעהסט צו וואס פאר א שטופע מיר זיינען ענדליך געקומען. מיר האבען שוין כמעט נים, וואו צו זיין. וואו מיר זיינען נים געווען איז פאר אונז גע־ווארען איינג: אונזער הייזעל אין פארם, אונזער הויז און פּאריז, אונזער סאלאָן דא און איצט דאס צימער, וואו אונזער טאכטער איז געשטארבען, — אין דיא אלע קענען מיר שוין לעננער נים בלייבען. איצט געפינען מיר זיך אין דיזע פערשטויב־טע פיער ווענד און דאס איז דער פאסענדסטער פּלאץ פאר אונז. ווען מיר זאלען פערלאָזען דאס צימער, וועלען מיר פערזינקען אין א לעבען, וואס וועט זיין א שאנדע פאר דיא פינף גליקליכע יאהר, וואס מיר האבען פערבראכט צוזאמען? זאָג איך נים ריכטיג?

— ריכטיג, האט וויליאם געענטפערט.

— יעדעס ווארט, יעדער בליק מאכט אין אונז נייע וואונדען און עפענט אלטע. דוא ליעבסט מיך נאך, וויליאם? נאר דוא ביזט אייפערזיכטיג. איז דאס נים וואהר?

— דאס איז וואהר.

— עס איז אונמעגליך פאר אונז צו לעבען צוזאמען. מיין שלאָף איז געשטערט פון טרוימען וועגען אן אנדערען איך רוף צו איהם פון שלאָף, איז דאס נים וואהר?

— דאס איז וואהר.

וויליאם האט נעענטפערט וויא אן עכא, וויא אן אבקלאנג. דיא רוהיגע און שטאלצע האלטונג פון זיין פרוי האט אין איהם ערוועקט זיין גאנצע שטאָלץ, וואס איז ביז איצט געשלאפען אין זיין נאטור. ער איז שוין מעהר ניט געוועזען שוואך.

— עס איז וואהר, האט מאגדאלען געזאָגט ביטער, אז מיר קענען ניט פיה־רען אזא לעבען, וויא מיר האבען געזעהן מענשען פיהרען אין פאריז: דוא אין איין ווינקעל פון הויז און איך אין א צווייטען. איז דיר געפעלען אזא לעבען?

— ניין, האט וויליאם אויסגעשריען. איך ליעב דיך פון דעם גאנצען הארצען מיר קענען אזא לעבען ניט פיהרען, מיר מוזען זיין איינער פאר׳ן צווייטען אלץ אין דער וועלט, מיר מוזען ליעבען אדער שטארבען.

— זעהר גוט! אויב אזוי איז אלץ געענדיגט. דאס איז דער לעצטער שלום.

— יא, אלץ איז געענדיגט, האט וויליאם געענטפערט לאנגזאם.

מאגדאלען האט א ווייכע נאכגעדענקט, צו זיא האט געזאגט אלץ, וואס זיא האט געדענקט צו זאָגען. זיא האט איהם געוואלט דערוויזען, אז אלע האפנונגען זיינען געשטארבען און קיין מיטעל איז ניט פערבליבען.

— איך האב געוואלט נעהמען זיך דאס לעבען יענע נאכט אין איינפאהר־הויז, און נאר דער געדאנק וועגען לוסי׳ן האט מיך אבגעהאלטען. נאר איצט איז לוסי טויט, און קיין זאך שטערט מיר ניט. געדענקסטו, וואס דוא האסט מיר צוגעזאגט?

— יא, האט וויליאם געענטפערט. מיר וועלען שטארבען צוזאמען.

זיא האט א קוק געטהאָן אויף איהם צושראקען און פערוואונדערט:

— וואס רעדסטו, וויליאם? האט זיא אויסגעשריען. דוא דארפסט ניט שטארבען, דאס איז מיר גאר אין געדאנקען ניט אריין. איך וויל ניט טראגען אויף זיך דעם לאסט פון דיזען אומזיסטען פערברעכען.

— וואס האסטו געמיינט, אז איך וועל דא בלייבען צו טראגען אליין דיא ליידען?

— פאר וואס רעדסטו פון ליידען? האסטו דען מורא צו בלייבען אליין?

— דוא וועסט ניט שטארבען אליין.

— איך בעט דיך, וויליאם, פערגרעסער ניט מיינע ליידען, נאך מיין טוידט וועסטו געפינען נייע פריידען.

וויליאם האט פערלארען זיין קאלטע רוהיגקייט.

— וואס וועל איך טהאָן אהן דיר! האט ער אויסגערופען. דוא טראגסט ניט אליין דיא שולד פון אונזער אונגליק. מיין שוואכקייט האט פיעל צו טהאן מיט

דעם. דוא ווייסט ניט, וואס איך קען נאך אבטהאָן, ווען איך וויל ניט האבען דיא הילף פון דיין שטארקען כאראקטער.

מאגדאלען האט געוואוסט, אז ער זאגט דיא ריינע ווארהייט.

— לאמיר נאך אבווארטען אביסעל, האט ער געזאגט.

— אבווארטען! אויף וואס וועלען מיר ווארטען? און וואס וועט ארויסקר מען פון דעם ווארטען? איז דען ניט אלעס געענדיגט? האסטו דען אליין עס ניט געזאגט?

ביי דיא ווערטער האט זיא זיך פון איהם אבגעווענדעט, און זיא האט צום ערסטען מאָל דערזעהן דיא שאפע מיט דעם אלטען גראפ'ס פלעשעלעך גיפט. נעהענדיג אויף דיא טרעפ אהער, האט זיא זיך בעשלאָסען ארויסצוווארפען זיך פון פענסטער, נאר ביים אנבליק פון דעם ווארט „גיפט" איז איהר א נייער געדאנק אריין אין קאָפּ.

זיא איז צוגעלאָפען צו דער שאפע.

— מאגדאלען! מאגדאלען! האט וויליאם אויסגעשריען צו־ראקען.

זיא האט צובראָכען דאס גלאָז פון דער שאפע און האט ארויסגעכאפט דאס ערסטע פלעשעל, וואס איז איהר געקומען צו דער האנד.

— דוא וועסט דאס ניט טרינקען, האט וויליאם אויסגעשריען, אנכאפענדיג איהר ביי דער האנד.

זיא האט זיך געפרובט ארויסרייסען פון איהם, אבער דאס איז געווען אומזיסט.

— איך האב דיר געוואלט פערשפארען דעם לעצטען ווייהטאָג, האט זיא געזאגט, נאר דוא צווינגסט מיך צו זיין ברוטאל. צייט איך האב דיך געזעהן דאס לעצטע מאָל אין פאריז, האבען זשאק'ס ליפען בעריהרט מיינע. איך וועל דיך קיין מאָל מעהר ניט קענען קוסען, וויליאם.

וויליאם האט אוועקגעלאָזען איהרע הענד און איז לאנגזאם אבגעטראטען פון איהר, ניט ארעבלאָזענדיג פון איהר זיינע ווילדע אויגען.

— אה, דוא זעהסט? האט זיא אויסגערופען מיט אן אונגעוועהנליכען שמייכעל; דוא זעהסט, אז איך בין ניט ווערטה אז דיא ערד זאָל מיך טראגען.

ער איז צוגעגאנגען ביז צו דער וואנד און אנשפארענדיג זיך אן איהר, האט ער ניט ארעבגעלאזט דיא אויגען פון זיין פרוי.

זיא האט אויפגעהויבען דאס פלעשעל, אום ער זאל קענען בעסער זעהן.

— יעה, וויליאם, איך וועל דאס טרינקען און דאן וועסט מיך נים אב־האלטען.

ער האט זיך א צאפּעל געטהאן; זיינע צייהנער האבען געקלאפּט, ער איז געווען וויא בעצויבערט פון דער סצענע.

מאגדאלען האט לאנגזאם אויסגעטרונקען דעם גיפט פון פלעשעל.

דעו גיפט האט געווירקט מאָמענטאל וויא א בליץ. זיא האט זיך א ווארף געטהאָן מיט'ן געזיכט צו דער ערד. איהרע רויט נאָכדערנע האָר האבען זיך צולאזט און האבען איהר בעדעקט וויא א ים בלוט.

וויליאם האט געזעהן יעדע איינצעלהייט פון דער סצענע. וואס מעהר זיא האט געטרונקען, איז ער אלץ נידריגער און נידריגער געזונקען צו דער ערד, ביז ער האט זיך צוזאמענגעדרייט אויפ'ן באָדען. איהם האט אויסגעוויזען, אז צוזאמען מיט'ן פלעשעל האט זיך אויסגעלעדיגט זיין מארך. ער איז געזעסען שטום און גע־קוקט דורך דיא פיסלאך פון דעם טיש אויפ'ן קערפּער פון זיין ווייב. דאן האט ער ארויסגעלאזט א ווילדען וואהנזיניגען געלעכטער. ער האט ווילד אנגעהויבען צו לויפען איבערן צימער, שפּרינגענדיג פון צייט צו צייט איבערן קערפּער פון זיין פרוי.

אין דיזען מאמענט האט זיך זשענעוויוו בעוויזען אין טהיר. זיא איז געשטא־נען אונבעוועגט און שטייף וויא דאס שיקזאל. זיא האט ארומגעקוקט דאס צימער. דערזעהענדיג דעם טוידשען קערפּער פון מאגדאלען און דעם וואהנזיניגען וויליאמען וואס איז געשפּרונגען איבערן קערפּער און האט געלאכט מיט א ווילדען געלעכ־טער, האט זיא רוהיג געזאָגט מיט איהר הארטער פאנאטישער שטימע:

— ניין, גאָט דער פאָטער איז קיין מאָל נים מוחל!

ענדע.

# נעקליבענע

# שריפטען

— פון —

## י. י. זעווין (,תשר״ק״, ,יודקאָוויטש״).

דאס איז דער נאָמען פון תשר״ק׳ס ערצעהלונגען וועלכע זיינען יעצט ערשיענען אין בוך=פאָרם און וועלכע זיינען געווען געדרוקט אין „טאגעבלאט״ אונטער די נעמען:

| | |
|---|---|
| חיים דער קאסטאמער פעדלער. | שמחה דער שמש. |
| דזשאו דער ווייטער. | בערל דער בוטשער באי. |

מר. זעווין האט א נאָמען געגעבען זיינע ערצעהלונגען „געקליבענע שריפטען״, ווייל ער האט זיי ניי אויסגעקליבען פון די טויזענדע ערצעהלונגען וועלכע ער האט פערפאַסט, און נור די בעסטע וועלכע זיינען פול מיט וויטץ און הומאָר, האט ער איבערגעגעבען צו דרוקען אין בוך=פאָרם.

מר. זעווין האט אויך א סך פון די ערצעהלונגען אין די „געקליבענע שריפטען״ אויסגעבעסערט, פיעל זאַגאַר אין גאנצען איבערגעארבייט; זאָ, דאס די לעזער וועלען דעריבער געפינען גאַנץ נייעס לעבען און וועלען זיך אויף דאס ניי גוט אמוזירען.

מר. זעווין איז אהנע צווייפעל דער גרעסטער אידישער הומאָריסט אין אמעריקא, ווייל איהר קענט ניט דורכלעזען זיינע צוויי אדער דריי ציילען וואו איהר זאלט זיך ניט פארנאנדערלאכען, ער שטעהט דעריבער אזוי הויך, אלס הומאריסטישער שרייבער אין אמעריקא פונקט ווי „שלום=עליכם״ אין אייראָפּא.

מר. זעווין איז א מאדערנער אידישער הומאריסט, זיינע הומאריסטישע ערצעהלונגען זיינען ניט פון דעם לעבען און ווירקען פון דעם אלטען דור, נאר פון דעם נייעם דור, אויך ניט פון דער אלטער וועלט, נאר פון דער נייער וועלט. אין זיינע שריפטען שפיעגעלט זיך אָפּ דער גאנצער אידישער לעבען אין אמעריקא; זיין האנדעל און וואנדעל, זיין פרייד און לייד, זיין גליק און אונגליק. אלעס ווערט אזוי איינגעוויקעלט אין הומאר און וויטץ, דאָס אפילו ווען איהר לעזט א זאך וואס מען דארף דארויף וויינען, מוזט איהר אויך לאכען.

די „געקליבענע שריפטען״ פון י. י. זעווין וועט אמוזירען דעם גאנצען אידישען פובליקום, און אפילו דיעזע וועלכע האבען שוין די שריפטען געלעזען אין „טאגעבלאטט״ וועלען עס יעצט מיט פערגעניגען נאך אמאל לעזען אין בוך=פאָרם.

די „געקליבענע שריפטען״ איז געדרוקט אויף שעהנעם פאפיר און געבונדען אין קלאָטה באַנד.

## פרייז 1 דאָלער.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען ווי אויך ביי די פערלעגער:

HEBREW PUBLISHING CO.,

83-85-87 Canal Street, New York.

# נייע מוזיק שוין ערשיענען

שוין ערשיענען די מוזיק פון דער בעריהמטער מוזיקאלישער דראמא

## נר תמיד

פון וועלכע עס איז ביז יעצט ערשיענען בלויז דער ערשטער נומער אליין,
זיינען יעצט ערשיענען די איבריגע נומערען אויך, נעמליך:

| | |
|---|---|
| האלט עס אייך | ציון מארטש |
| די סוכה | קאמיש דועט |

א ווייבעל ווי א טייבעל

רעמיט איז די מוזיק פון דיעזער דראמא קאמפליט.

## „דער פוילישער איד" פאר פידעל

קאמפליט אין 1 בוך.

## זיי געבענשט דו פרייע לאנד!

זעהר א שעהנע פאטריאטישע ליעד זיסע מוזיק און שעהנע ווערטער.
מוזיק פון רומשיסקי, פערפאסט פון שמולעוויץ.

## קירצליך ערשיינט

א בעריהמטע הערצרייסענדע טרויער־ליעד אויף די טרייענגעל
פייער קרבנות

## „מאמעניו"

פיר פיאנא מיט ווערטער פון אנשל שאהר און מוזיק פון רומשיסקי.

## א בריוועלע דעם טאטען

פון שמולעוויץ און מוזיק פון רומשיסקי פיר פיאנא מיט ווערטער.

**Hebrew Publishing Co.**

**83-85 Canal St.** **NEW YORK.**

שוין ערשיענען אין בוך־פארם

דער בעריהמטער ראָמאן

# די שעהנע אראבעללא

— פון —

# קאטול מענדעס

וועלכער איז געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס" אין פארטזעצונגען, און האט געמאכט די גרעסטע סענסיישאן צווישען דעם גאנצען לעזע־פובליקום.



דער ראָמאן „די שעהנע אראבעללא" איז זעהר אינטע־רעסאנט און שפאַנענד צוליעב די ווילדע האנדלונגען וועלכע קומען אין איהם פאָר, און אלע וואס האבען דעם ראָמאן געלעזען אין „פאָרווערטס" וועלען אויך מיט פערגעניגען דעם ראָמאן ווידער לעזען אין בוך־פאָרם.

דער ראָמאן „די שעהנע אראבעללא" איז פראכטפאָל געדרוקט אויף שעהנעם פאפיר און איז געפאסט אין א פיינעם קאָווער.

**פרייז 25 סענט.**

צו בעקומען ביי אלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער:

HEBREW PUBLISHING CO.,

83-85-87 Canal Street, New York

— פאלשטענדיגעס —

# ענגליש־יודישעס און יודיש־ענגלישעס

# ווערטער־בוך

פון אלכסנדר הארקאווי.

אין צוויי טהייל.

ערשטער טהייל ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאכ׳ן איי־בי־סי, מיט זייער אויסשפראכע און איבערזעטצונג אין אידיש.

צווייטער טהייל ענטהאלט אללע יודישע ווערטער נאכ׳ן אלף־בית מיט דיא איבערזעטצונג אין ענגליש.

ביידע טהיילען זיינען געבונדען אין איין באנד.

פרייז, 3.50

---

# ענגליש־יודישעס האנד־ווערטער־בוך:

פון אלכסנדר הארקאווי,

ענטהאלט כמעט אזוי פיעל ווערטער, וויפיעל דער פאלשטענדיגער ענגליש־יודישעס ווערטער־בוך, מיט דער אויסנאהמע וואס דיא ערקלעהרונגען זיינען אביסעל אבגעקירצט.

פרייז, 1.00

---

# ענגליש־יודישעס און יודיש־ענגלישעס

# טאשען־ווערטער־בוך:

פון אלכסנדר הארקאווי,

ענטהאלט אללע ענגלישע ווערטער נאכ׳ן אי־בי־סי, מיט זייער אויסשפראכע און איבערזעטצונג אין יודיש, און אללע אידישע ווערטער נאכ׳ן אלף־בית מיט דיא איבערזעטצונג אין ענגליש.

פרייז, אין קלאטה באנד, 65 סענט. אין לעדער באנד, 90 סענט.

# גראף לעאָ טאָלסטאָי'ס ווערקע

בעאַרבייטעט אין אידיש, פון ד. מ. הערמאַלין.

---

**איוואַן איליטש'עס טויט**, אַ שילדערונג איבער דעם איבערגאַנג פון לעבען צום טויט, וואָס מען דענקט און פיהלט אין די לעצטע מינוטען פון לעבען, 10

**איוואַן דער נאַר**, דיעזער בוך שילדערט פאַר אונז אַ בילד, וועלכעס עפענט אויף אונזערע אויגען צו זעהן אַ נייע וועלט מיט נייע מענשען, 3

**איך און מיין מאַן**, אַ שילדערונג איבער דער אונגליקליכהייט אין פערהייראַטהעטען לעבען, און וועלכע הייראַטה עס פיהרט צו גליק, און וועלכע צו אונגליק, 10

**אַננאַ קאַרעניגאַ**, אַ שילדערונג איבער די ליידענשאַפט פון אַ יונגע שעהנע פרוי, ווען זי פאַלט אריין צו אַן עלטערן אָבגעלעבטען מאַן אונד פערליעבט זיך ענדליך אין אַ פרעמדען יונגען און שעהנעם מאַן, ווי אַזוי זי ליעבט, ליידעט, געניסט פון איהר רייץ און פאַלט ענדליך אלס אָפּפער פון דער ביטערער שלאַנג — אייפערזוכט, 25

**טאָלסטאָי'ס ביאָגראַפיע**, אַ בעשרייבונג איבער זיין לעבען, ווירקען און איינפלוס איבער זיינע מיטמענשען, מיט אַ ביילאַגע פון זיין בילד. 3

**מיין ווידוי**, אַ שילדערונג, צו וועלכען צוועק מענשען זיינען בעשאַפען געוואָרען, לעבען אויף דער וועלט און ליידען צרות, 10

**מיין פריינד'ס פרוי**, אַ שילדערונג איבער די געמיינהייט און פערדאָרבענהייט וואָס פאַלשע ליעבע קען ארויסברייגגען, 10

**דער נסיון**, אַ שילדערונג איבער דעם קאַמפף פון אנשטאַנד מיט אויסגעלאַסענהייט, פון מאָראַל מיט פערדאָרבענהייט, און פון עדעלען מענער־מוטה מיט ערניעדריגטער פרויען־שוואַכקייט, 10

**פאָליקושקאַ**, אַ בילד פון דעם בויערשען לעבען אין רוסלאַנד, 10

די פערפיהרונג, א שילדערונג איבער אזא סארט לעבען, וואס איז פול מיט מענשליכער אויסגעלאסענהייט און פערדארבענ־הייט, 10

די צוויי דורות, א שילדערונג פון דעם רוסישען לעבען, איבער זייער אונטערהאלט, בעלער, חתונות, ציגיינער טענץ און קארטען שפיעל, 10

די קרייצער סאנאטא, א שילדערונג איבער דער פערדארבענהייט אין פערהייראטען לעבען, עס ווערט בעוויזען מיט פאק־טען, אז קיין אמת'ע ליעבע עקזיסטירט גאר ניט אין דער מענשהייט, עס איז נור בלויז ליידענשאפט, פאלשקייט און בעטרוג, 10

קריעג און פריעדען, אין דיעזען בוך ווערט געשילדערט דער בלוטיגער יאהר 1812, ווען נאפאלעאן האט איינגענומען גאנץ אייראפא, די מפלה פון דעם גרויסען קריעגס העלד אין מאסקווא, און די גאנצע פאליטיק פון אייראפא צו יע־נער צייט, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראמאן וואס גראף טאלסטאי האט געשריעבען, 50

תחית המתים, א שילדערונג, ווי איין אלטער בעל־עברה'ניק ווערט א בעל תשובה, און וויל גוט מאכען זיינע אלטע חטאים, 15



# עמיל זאלא'ס קלאסישע ווערקע

בעארבייטעט אין אידיש פון

ד. מ. הערמאלין און אנדערע בעריהמטע אידישע שרייבער.

---

בלוטיגע חתונה, אדער די שלאכט ביי דער מיהל, א מייסטער־האפטע שילדערונג איבער די שרעקליכקייטען פון א מלחמה, 10

א גלח'ס זינד, א שילדערונג איבער די העכסטע ליעבעס־געפיהל אין דעם קאמפף מיט די פינסטערע געדאנקען, 10

די דארפס־מיידעל, א רעאליסטישע שילדערונג איבער מעד־כען־אונשולד און מענער פערדארבענהייט, 10

דער ווייבערשער גן־עדן, דאס איז א בוך וואס האט געמאכט דעם גרעסטען סענזאציאן אין אללע וועלט־שפראכען און איז פערקויפט געווארען אין די הונדערט־טויזענדע עקזעמפ־ליארען, 25

זשערמינאל אדער נאנאנס ברודער, אין דיעזען בוך ווערט גע־שילדערט נאטור־טרייא דאס לעבען און ווירקען פון דער ארבייטער־קלאסע און דער קאמפף פיר זייער עקזיסטענץ, דאס איז דער גרעסטער און בעסטער ראמאן וואס עמיל זאלא האט אויפגעשריעבען, 40

טויט שלעגער, אדער נאנאס מוטער, אין דיעזען בוך ווערט גע־שילדערט ווי אזוי „נאנא", וועלכע איז געוועזן איין איינפא־כע מיידעל פון פראסטע עלטערן, איז געקומען צו דער שטו־פע פון א בלענדענדער וועלט־דאמע, 30

די ליעבעס נאכט, דיעזער בוך דעקט אפ דעם שלייער פון די פרומע נשמות פון דער אריסטאקראטיע און צייגט אונז ווי אונטער דער מאסקע פון רעליגיאן ליעגט בעהאלטען א וועלט מיט שמוץ, אויסגעלאסענהייט און פערדארבענהייט, 10

לעבען און טויט, א שילדערונג איבער די געפיהלע פון היהנער־פלעט און ווי עס שמעקט בעגראבען צו ווערען לעבעדי־גערהייט, 10

די מענשליכע בעסטיעס, אין דיעזען בוך צייגט אונז עמיל זאלא די בעסטיע אין מענשען־געשטאלט, די בלוט בעפלעזכ

הענד פון פראנקרייך'ס פאלק און די מיט שמוטץ און עקעלהאפטע מאסקע וואס פראנקרייך'ס גרויסע לייטע טראגען. 15

**נאנא,** א שילדערונג פון א געפאלענע פרויענצימער, וועלכע מאכט דורך אללע שטופען פון אן אויסגעלאסענעם לעבען, אנגעפאנגען פון אן איינפאכע שטראסען מיידעל ביז א בלענדענדע וועלט־דאמע, פיר וועלכע פירסטען, פרינצען, גראפען און באנקירען פאלען צו די פיס ווען זיי קומען מיט איהר אין בעריהרונג, 35

**נאנטאס** אדער דער געקויפטער מאן, א שילדערונג ווי אזוי א יונגע און וואונדערשעהנע מעדכען איז געפאלען צו דער געמיינהייט פון א פערפיהרער, 10

**פערגיפטעטער קוס,** א שילדערונג וועלכע איז אינטערעסאנט, שפאנענד און ריהרענד און ווערט גערעכענט פיר איינע פון די בעסטע ווערק וואס זאלא האט געשריעבען, 25

**די פאריזער דאמען,** אין דיעזען בוך עפענט עמיל זאלא די אויגען פון פיעלע דומע מענער, וואס בעהויפטען, אז אונטער טויזענד פרויען גיבט קיין איינציגע א רעכטע, צו זעהן גראדע דעם געגענטהייל, אז אונטער טויזענד פרויען קען מען געפינען א סך רעכטע, וועהרענד אונטער טויזענד מענער קען מען ניט געפינען קיין איינציגען א רעכטען, 10

**פון חופה צום קבר,** אין דיעזען בוך ווערט בעשריעבען די גרויסע וועלט שטאדט פאריז אין איהרע ריכטיגע פארבען, די דונקעלסטע פלעטצער, ווי אויך די רייכסטע סאלאנען וואו די שטאלצע אריסטאקראטען, מיט זייער גאנצער פערדארבענהייט, טהוען אפ די שענדליכסטע גוואלד טהאטען, 10

**פרויען־ליעבע,** א שילדערונג איבער די געפיהלע פון א פרויענצימער און די אנציהונגען צו איהר מאן, וועלכע אונטערליעגען מערקווירדיגע וועקסלונגען. דער געניאלער עמיל זאלא בעווייזט ווי אזוי א פרויענצימער איז אימשטאנדע צו ליעבען ניט נור איין מאן, עס איז אונגעפעהר א בילד פון פאליאנדריע, (פיעל מענעריי), גראדע ווי עס איז אין פאליגאמיע (פיעל ווייבעריי), 10

# אלע כתבים פון מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראַמאָוויץ).

---

אַלטע מעשה אָדער אַ נאַכט אין צרות, אַ בילד פון אידישען לע־בען אין דער ליטא, 10

ווינש פינגעריל, אַ מתנה פיר די ליעבע אידישע קינדער 15

די טאַסקע, אָדער די שטאָדט בעלי טובות, אַ מייסטערהאַפטע קריטיק איבער דעם אידישען צושטאַנד אין רוסלאַנד, אין דער צייט ווען אידען האָבען זיך אָהן אַ טאַסקע ניט גע־קענט בעגעהן, 15

יודעל, אַ ספור המעשה אין שירים, אין דיעזע ווערק איז אבראַ־מאָוויץ דורכגעגאַנגען די גאַנצע אידישע געשיכטע פון אָנ־פאַנג ביז היינטיגען טאָג, 15

ישראליק דער משוגענער, אַ מייסטערהאַפטע קריטיק איבער די לעצטע פאָגראָמען אויף אידען אין רוסלאַנד, 10

לעצטע שריפטען אַ זאַמלונג פון זיינע לעצטע שריפטען. 35

פישקע דער קרומער, אַ מעשה פון אידישע אָרימע לייט, 15

דער פריזיוו, אַ דראַמאַ אין 5 אַקטען, 15

די קליאַטשע אָדער צער בעלי החיים, דאָס איז די בעסטע מייס־טערווערק וואָס איז ארויס פון אבראַמאָוויץ׳עס פעדער און האָט געמאַכט אַ שטורם צווישען דעם לעזע־פובליקום אין דער וועלט. „די קליאַטשע” איז אויך איבערזעצט געוואָרען אין אַלע וועלט שפּראַכען און ווערט גערעכט פיר אַ ליטעראַ־רישען אוצר אין דער וועלט־ליטעראַטור, 15

**דאָס קליין מענשעלע**, א מייסטערהאַפטע ווערק, וועלכע איז פולל מיט וויטץ, הומאָר און שאַרפזינן און דערביי איז עס א גוואַלדיגע קריטיק איבער די אידישע שטאָדט־בעל־טובות, רעדעל־פיהרער און סתם בעלי־צדקות און גוטע אידען פון רוסלאַנד, 15

**א רייזע־בעשרייבונג** פון בנימין דעם דריטען, ווי ער איז אויף זיינע נסיעות פערגאַנגען גאַנץ ווייט, אַז אונטער די הרי חושך, און האָט זיך געגוג אָנגעזעהען און אָנגעהערט חדושים, שעהנע זאַכען, וועלכע זיינען זעהר אינטערעסאַנט צו לעזען, 10

**שלמה ר' חיים'ס**, א שילדערונג פון דעם אידישען לעבען אין דער ליטא, וועלכע איז זעהר אינטערעסאַנט, שפּאַנענד און בעלעהרענד, און ווערט גערעכענט פיר איינע פון די בעסטע ווערק וואס מענדעלע מוכר ספרים האט אין דער לעצטער צייט ארויסגעגעבען, 10